# שלמה קלאַגסברון



# מעליצער ייִדן

דעם אָנדענק פון מיין משפּחה
אומגעבראַכטער אין דער שואה —
געהייליקט

שלמה קלאגסברון

# מעליצער יידן



KLAGSBRUN SCHLOMO

MIELECER IDN

# שלמה קלאַגסברון

# מעליצער ייִדן

הילע פון אבא פעניכעל

פאַרלאַג „ניי־לעבן"

85 Allenby St. Tel-Aviv, Israel

Printed in Israel 1979

נדפס בישראל תשל"ט

דפוס „אור" בע"מ, תל־אביב, שד' הר־ציון 104, טל. 822481

# אינהאַלט

# אַריינפיר

דאָס שטעטל מעליץ געפינט זיך אין מערב־טייל פון אַמאָליקן גאַליציע אין דער פוילישער מדינה, האַרט לעבן ברעג פון דעם שטראָמיקן טייך ווייסלאָקאַ, וואָס פליסט אַרויס פון די קאַר־פאַטן־בערג און פאַלט אַריין, נישט ווייט פון מעליץ, אין דער ווייסל, וואָס פליסט ביזן באַלטישן ים.

אין די אַמאָליקע צייטן האָבן די מעליצער ייִדישע האָלץ־סוחרים אויסגענוצט די דאָזיקע שטראָמיקע טייכן צו שיקן גע־הילץ, געבונדן אין טראַטוועס, ביז דאַנציק און דאָ זיי געלאָדן אויף שיפן צו דער ווייטער וועלט. שפּעטער, ווען דאָרט איז פאַר־לייגט געוואָרן אַ באַן־ליניע דורך דער עסטרייכישער מאַכט, צו וועמען דער דאָזיקער טייל פוילן האָט געהערט, האָט דאָס שיקן האָלץ מיט טראַטוועס אויפגעהערט, נאָר מ׳האָט עס געלאָדן אויף וואַגאָן־פּלאַטפאָרמעס מיט דער באַן צו די ווייטע שטעט און לענדער, ווו קיין וועלדער האָבן זיך נישט געפונען.

געבויט איז דאָס שטעטל אין יענע צייטן געווען פון האָלץ מיט שינדל־דעכער, בלויז דער קלויז לעבן שולפּלאַץ איז געווען געמויערט פון ציגל, מיט אַ דאַך פון געברענטע דאַכעווקעס, און ער איז דעריבער גערופן געוואָרן דורך אַלע יידישע איינוווינער „די מויער״. אַזוי איז פאַרבליבן דער נאָמען אויף אייביקע צייטן.

געווען איז דעמאָלט מעליץ אַ צענטער פון האַנדל מיט חזיר־האָר און שטשעטשינעס פון ווילדע חזירים, וואָס ייִדישע אויפ־קויפערס פון דער נאָענטער און ווייטער געגנט האָבן דאָס גע־ברענגט אַהער צו די ייִדישע עקספּאָרטערן. זיי פלעגן דאָס צעטיילן אין ייִדישע הייזער צום וואַשן, סאָרטירן און אויך בינדן אין בינטלעך, און געשיקט אין שטעט, ווו מ׳האָט אויסגעאַרבעט דערפון פאַרשידענע בערשטן צום פּריוואַטן געברויך און אויך

פאַר אינדוסטריע־צווועקן. דער גרעסטער טייל אָבער איז געוואָרן געשיקט אין פרעמדע לענדער. אַזוי לאַנג, ביז ס'איז געקומען דער גרויסער קריזיס אין דער בראַנזשע צוליב ז'עם „דומפינג" פון די כינעזער, וועלכע האָבן פאַרפלייצט אייראָפּע מיט דעם אַרטיקל פאַר שפּאָט־ביליקע פרייזן, און די מעליצער ייִדישע סוחרים זענען געבליבן דערשטיקט מיט זייער סחורה אין די מאַגאַזינען און אויף בוידעמער. עס איז געקומען צו באַנקראָטן און ס'איז נישט געווען פון וואַנען צו צאָלן די חובות אין די בענק פון טאָרנע און ריישע, און אויך נישט אומצוקערן די נדנים פון די כלות, וואָס מ'האָט זיי פאַרטרויט. עס איז אַפילו נישט געווען צו באַצאָלן דעם אַרבעטסלוין פאַר די אָרעמע מעליצער ייִדן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער מלאכה.

נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, האָבן געוויסע פון די סוחרים געמאַכט אַ „בורא מאורי האש" איבער זייערע סחורות, וואָס זענען געווען פאַרזיכערט קעגן פייער אין די עסטרייכישע אַסעקור־ראַציע־געזעלשאַפטן, אַזוי, אַז צו די געוויינטלעכע שריפות אין שטעטל זענען אויך צוגעקומען שריפות פון די „הבדלה־ליכטלעך", ווי מ'האָט זיי דאָ גערופן.

באַקומען אויסגעצאָלט דאָס געלט פון דער אַסעקוראַציע־גע־זעלשאַפט, האָבן די באַנקראָטירטע סוחרים קודם־כל אויסגע־צאָלט דעם אַרבעטסלוין צו די בעלי־מלאכות, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט מיט וואַשן און סאָרטירן זייער סחורה, אומגעקערט אויך אַ טייל פון די נדנים — און שטילערהייט אַוועק קיין אַמעריקע, כדי אָנצוהייבן דאָרט אַ לעבן אויף דאָס ניי.

מעליץ האָט אויפגעהערט צו זיין דער צענטער פון האַנדל מיט חזיר־האָר און שטשעטשינעס. ער איז איבערגעטראָגן געוואָרן קיין מעזריטש.

אין מעליץ דאַקעגן האָט אָנגעהויבן זיך אַנטוויקלען דער האַנדל מיט פעדערן און פּוך, פון אָנהייב אויף אַ קליינעם אופן. מען פלעגט קויפן ביי די פויערים פון די אָרומיקע דערפער די

פעדערן פון די אונטערגעפליקטע גענדז און אויך ביי די „פלי־קערס" פון גענדז און קאַטשקעס אַרום די שעכטהייזלעך.

אַזוי ווי אַ מאָל די סוחרים פון חזיר־האָר, אַזוי האָבן אויך די פעדערן־סוחרים צעטיילט די געקויפטע פעדערן צום שלייסן אין די אָרעמע ייִדישע הייזער און אַ סך ייִדן האָבן ביי דער דאָזיקער אַרבעט געפונען זייער מאָגערע פּרנסה.

מער אַנטוויקלט האָט זיך דער האַנדל מיט פעדערן אין מעליץ ווען די פעדערן־סוחרים האָבן אָנגעהויבן עקספּאָרטירן פוצפעדערן אין די רייכע אייראָפּעיִשע לענדער, ווו די דאַמען האָבן אָנגעהויבן טראָגן היטן, באַפוצט מיט פאַרשידענע פעדערן.

פון אָנהייב זענען די פעדערן־סוחרים געפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך און אויפגעקויפט ביי די שוחטים פון עופות אין די שעכטהייזלעך אַלע מינים פעדערן פון הענער און פון אינדי־קעס און געברענגט די דאָזיקע סחורה קיין מעליץ. אין זייערע מאַגאַזינען האָבן זיי אַריינגענומען די „קלויבערינס" — ווייבער, ווען מענער האָבן נישט געקאָנט ברענגען גענוג פּרנסה, און מיידלעך, וועלכע האָבן געדאַרפט העלפן זייערע עלטערן אָדער געוואָלט זאַמלען אַ שטיקל נדן — געזעצט זיי אַרום לאַנגע טישן אָנגעהויפט מיט פעדערן. זיי האָבן סאָרטירט די פעדערן לויט דער פאַרב און גרייס און אויך געפּאַקט זיי אין בינטלעך צום שיקן זיי אויף עקספּאָרט.

ביי דער זשמודנער אַרבעט פון קלויבן די שטויביקע פוצ־פעדערן, פלעגן די ווייבער צווישן זיך שמועסן און דערציילן פאַרשידענע מעשיות פון אַמאָליקן מעליץ, ווען שדים און רוחות האָבן געווילדעוועט אין שטעטל, ביז דער הייליקער צדיק פון ראָפּטשיץ האָט זיי פון דאַנען פאַרטריבן און זיי זענען געבליבן בלויז אויפן בוידעם פון דער שול. אין חצות, גראָד צו האַלבער נאַכט, גייען זיי פון דאָרט אַרויס סטראַשען מענטשן, דער עיקר מענער מיט פסולע ציציות ביים לייבצודעקל און ווייבער אָן שירצן.

זיי האָבן אויך ליב געהאַט צו שמועסן וועגן די ייִדישע

אַיינוווינער פון שטעטל. זיי האָבן געקענט יעדן איינעם באַזונדער, געוווּסט זייערע שוואַכע זייטן און אַפילו וואָס עס קאָכט זיך ביי יעדן הינטערן שטערצל. מען האָט גענומען יעדערן באַזונדער אויפן טיש, איבערגעקנעטן אים פון אַלע זייטן, און לויט זיין כאַראַקטער און האַנדלונג געגעבן אים אַ „צונאָמען", וועלכן ער האָט געטראָגן שוין איבערן גאַנצן לעבן און אַ מאָל אויך איבער־געלאָזט אים פאַר די ווייטערדיקע דורות.

אַרויפגעאַבערעט זיך אַ ביסל האָבן די מעליצער פעדערן־סוחרים אָנגעהויבן בויען שטאָקיקע „קאַמעניצעס" אויפן אָרט פון די אַלטע הילצערנע הייזלעך; מעליץ האָט אָנגעהויבן באַקומען אַן אַנדער אויסזען. נאָך געמויערטע הייזער זענען צוגעקומען אין שטעטל נאָך דעם, ווי טייל גוטבאַזיצער פון דער דאָרפישער געגנט אַרום האָבן זיך באַזעצט אין שטאָט און גענומען שפילן די ראָלע פון גרויסע גבירים.

מיט דער צייט איז דער מאַרק אַרומגענומען געוואָרן מיט שטאָקיקע הייזער, וואָס האָבן זיך געשלאָסן איינער מיטן צווייטן מיט געמויערטע ליקלעך אויף דורכצוגיין צו די הינטערשטע געסלעך. מען האָט געמאַכט טראָטואַרן אַרום די הייזער אין מאַרק און די געסלעך, אויסגעפלאַסטערט דעם ברוק פון מאַרק מיט קיזלשטיינער און מעליץ האָט באַקומען אַן אויסזען פון אַן אמתער שטאָט. צוזאַמען מיט דער הויך־געמויערטער שול מיט צוויי טורעמס פון ביידע זייטן, מיט די געמויערטע בתי־מדרשים און תלמוד־תורה אַרום שולפלאַץ, האָט מעליץ איבער־געשטיגן די אַרומיקע שטעטלעך ביז טאָרנע און ריישע.

אַלטע האָלצערנע הייזלעך זענען מערסטנס געבליבן אַרום דעם מאַלי־רינעק לעבן שולפלאַץ, אַרום דער ברייטער גאַס, וואָס האָט זיך געשלאָסן מיט דער זלאָטניקער גאַס וואָס איז באַשטאַ־נען מערסטנס פון געמויערטע הייזער. אויך הינטער דער שול און די בתי־מדרשים זענען געבליבן האָלצערנע הייזלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז צו דער גוויִשער בלאָניע הינטערן שטעטל. אויך

דאָ זענען געווען האַלצערנע הייזער אָבער פרישער געבויט, מיט גערטנדלעך, ווו עס זענען געוואַקסן פאַרשידענע גרינצייג און פרוכטביימער. האָלצערנע הייזער זענען אויך געווען אויף דער נאַזעוואַלע אין דער צווייטער זייט שטעטל, שוין נישט ווייט פון דער קעמפע אַרום דער ווייסליק. דאָרט איז די באַפעלקערונג געווען אַ געמישטע, יידן און גויים. די וועגן זענען געווען נישט געפלאַסטערט און אַן טראָטואַרן אַרום די הייזלעך. יעשען־צייט, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די רעגנס, האָט מען געטאַפּטשעט אין די בלאָטעס, ביז דער ווינטער מיט די פרעסט איז געקומען און אַלץ איז פאַרפרוירן געוואָרן.

אין מערסטן טייל האָלצערנע הייזלעך אַרום מאַלי רינעק, ברייטע גאַס און הינטער דער שול און די בתי־מדרשים האָבן געוווינט די בעלי־מלאכות: שוסטערס, שניידערס, בלעכער, גלע־זער און פון נאָך אַנדערע פאַכן. אויך דער יידישער רימאַזש, דער איינציקער אין שטאָט, האָט דאָ געוווינט לעבן מאַלי רינעק אין אַזאַ נידעריק האָלצערן הייזל און דאָ אויסגעאַרבעט כאָמאָנטן פאַר פערד, לייצעס און אוזדעס, געמאַכט פון לעדער, וואָס איז פאַבריצירט געוואָרן דאָ אויפן פלאַץ, אויף אַ פרימיטיוון אופן, פון פעל געקויפטע ביי היגע קצבים.

דאָ, אין די אַלטע האָלצערנע הייזלעך, האָבן אויך געוווינט מלמדים פאַר דרדקי־קינדער און אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געלערנט מיט אַ ביסל מער דערוואַקסענע יינגלעך ביז זיי זענען אָנגענומען געוואָרן אין דער תלמוד־תורה.

משה כעלמס חדר פאַר דרדקי־קינדער איז געווען געמויערט און האָט זיך געפונען אין דער צווייטער זייט שטאָט אויף דער היוּוישער גאַס לעבן דער נאַזעוואַלע, ווו עס האָט געוווינט דער אָרעמסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג: וואַסערטרעגער, דאָרפסגייער, קלויבערינס פון פעדערן און נאָך אַזעלכע פּראָפעסיעס.

געצויגן זייער חיונה האָבן מעליצער יידן פון האַנדל מיט די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן זיך געשפּרייט פון

איין זייט ביז צו דער שטרעקע לענג־אויס דער ווייסל. די ערד איז געווען פעט און פּרוכטבאַר און געבראַכט גוטע גערעטענישן פאַר כלערליי תבואה, קאַרטאָפּל, קרויט און אויך פּאַשע פאַר בהמות אין די שטאַלן, פאַר די חזירים אין די כליוועס און פאַר די עופות אין זייערע זאַגראַדעס אַרום די ווירטשאַפטן.

פון דער צווייטער זייט שטעטל דאַקעגן זענען די דערפער געלעגן אויף זאַמדיקן באָדן, מיט שלעכטע גערעטענישן, דערפאַר אָבער באַוואַקסענע מיט וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן העט ווייט ביז די שטעטלעך מאַדען, קאָלבושעוו פון ריישער דיסטריקט.

פון די דאָזיקע וועלדער איז געקומען דער האָלץ־האַנדל אין מעליץ, די ברעטער און דאָס בוי־מאַטעריאַל, וואָס מ׳האָט גע־שניטן אין די אַרומיקע טאַרטאַקעס און פאַרקויפט אין די שטאָטישע סקלאַדעס צו די פויערים פון דער פעטער געגנט און פאַר טישלער, אויסצואַרבעטן פון דעם מעבל פאַרן שטאָטישן און דאָרפישן געברויך.

פון די דאָזיקע וועלדער האָבן אויך פויערים געברענגט בינט־לעך צעהאַקט האָלץ אויף זייערע אָרעמע וועגעלעך און געשטעלט זיך איינער ביים צווייטן אויף מאַלי רינעק קעגן איבער דעם שול־פלאַץ. ייִדן, גייענדיק גאַנץ פרי פון דאַווענען מיט מנין, האָבן ביי זיי געקויפט דאָס האָלץ צום הייצן און קאָכן.

די וואַלד־גויִים האָבן אויך געברענגט אין שטאָט געטריקנטע שוואָמען און אויך פעלעכלעך פון קיניגלעך, האָזן, פוקסן, ווע־ווערקעס, וואָס ייִדן פון שטעטל האָבן ביי זיי געקויפט צום שיקן אויף עקספּאָרט. די הויפּט־שפּע אָבער איז געקומען פון דער פרוכט־באַרער געגנט פון דער ווייסל־שטרעקע. צו די רייכערע דערפער זענען מעליצער ייִדישע קרעמער געפאָרן אויף יאַרידן מיט זייערע לאַווקעס שניט־סחורה, טישלעך מיט צעלניק, בוידן מיט קאָנ־פעקציע, וואָס טאַנדייטערס האָבן אויסגעאַרבעט פאַרן דאָרפישן געברויך. היטלמאַכערס האָבן געברענגט אַהער זייערע קאַשקעטן און פויערישע צאָפּעס. געקומען אַהער דאָ זענען אויך אויפקויפער

פון בהמות, תבואה, און אַנדערע אַגראַר־פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט אין שטאָט צו די גרעסערע סוחרים און עקס־פּאָרטערן.

אַזוי האָט געלעבט און אַנטוויקלט זיך דאָס ייִדישע שטעטל מעליץ ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# די ערשטע וועלט־מלחמה

צוויי געשעענישן האָבן זומערצייט פון יאָר 1914 אויפגעטרייסלט דאָס יידישע מעליץ, אָפּגעשטויסן אין אַ זייט אַלע אַנדערע צרות און דאגות און געוואָרן די הויפּט־טעמע פאַר די שמועסן אין די בתי־מדרשים צווישן מנחה און מעריב, אויפן שולפלאַץ און אין מאַרק.

איין געשעעניש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט מיטן שטעטל, איז געווען דער שאָס אין סאַראַיעוואָ, פון וועלכן ס'איז אומגעקומען דער פּרינץ פערדינאַנד און זיין פרוי, די טראָנפאָלגער פון עסטרייכישן קייזער פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן, וועלכן יידן האָבן צוליב גרויס סימפּאַטיע גערופן מיט אַ יידישן נאָמען „פראָים־יאָסל ירום הודו" און געהאַלטן אים פאַר אַ מלך פון חסד.

דערהערט וועגן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דעם עסטרייכישן קייזער, האָבן יידן זיך געשטעלט אין רעדלעך און טרויעריק וועגן דעם געשמועסט. ווייבער האָבן זיך געבראָכן די הענט און געזיפצט: אַזאַ זאַך! אַפילו קינדער האָבן בעתן שפּילן זיך מיט שטראָלקעס גערעדט וועגן דעם.

די פּאָליטיקער פון שטעטל, וואָס האָבן געלייענט אַ בלאַטצייטונג אַזן געוווּסט וועגן אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אויף דער גרויסער וועלט, האָבן פאַרטייטשט די טרויעריקע געשעעניש, צעלייגט דאָס אויף טעלערלעך און געמאַכט זיך וויכטיק:

— וואָס פאַרשטייט איר דען, קליינשטעטלדיקע יידן, אין אַזעלכע וועלטזאַכן, וואָס עס האָט געטראָפן אין סאַראַיעוואָ? דאָס האָט מען דאָך דאָרט געשאָסן אין דער עסטרייכישער „קרוין "אַריין, געשאָסן אין דער עסטרייכישער אימפּעריע — און געטראָפן יעדן איינעם באַזונדער! איר ווייסט דען, וואָס עס הייסט אַוועקשיסן אַ טראָנפאָלגער אין מיטן העלן טאָג? און ווער האָט דאָס געוואָגט צו טאָן אַזאַ זאַך? — האָט דער פּאָלי־טיקער ווייטער דערקלערט — דאָס האָבן געטאָן טעראָריסטן!

געהערט אַזאַ פרעמד, אויסטערליש וואָרט, האָבן די ייִדן אַרום זיך נייגעריק איבערגעפרעגט:

— און וואָס אַזוינס זענען דאָס „טעמאָריסטן״?

— נישט „טעמאָריסטן״! — האָט דער פּאָליטיקער זיך צעלאַכט — נאָר טעראָריסטן. דאָס זענען בונטאָווטשיקעס, וואָס ווילן אָפּרייסן באָסניע פון עסטרייכישן קייזער!

— אַזוי גאָר! — האָבן ייִדן טרויעריק באַדויערט — און באָסניע, וואָס איז דאָס אַזוינס? האָבן זיי ווידער אַ מאָל איבערגעפרעגט.

— דאָס ווייסט איר אויך נישט? האָט זיך דער פּאָליטיקער געוווּנ־דערט — איר עסט נישט באָסניער פלוימען צום שבתדיקן צימעס?

— אָ, אויב אַזוי, ווייסן מיר שוין!

דאָס צווייטע געשעעניש איז געווען דעם זעלבן זומער דאָס, אַז ר׳ יאָמע הערמאַלע, דער גרויסער חסיד און גביר פון שטעטל, האָט פאַרקויפט זיין הויז אין ווינקל פון מאַרק צו אַ גוי. ביז היינט האָט זיך אין דער גאַנצער סביבה דאָ נישט געפונען קיין איינציק גויִיש הויז. דערצו נאָך האָט דער דאָזיקער גוי אויסגעהאַקט די פאָדערשטע וואַנט פון הויז, צום מאַרק, גע־מאַכט דאָרט אַ גרויס שויפענצטער פאַר זיין אַפּטייק און דאָרט אַריינגע־שטעלט צוויי ווייסע פיגורן פון גיפס, וואָס האָבן אויסגעזען אין די אויגן פון מעליצער ייִדן צו זיין „יויזלעך״. בעת זיי זענען דורכגעגאַנגען האָבן זיי אויסגעשפּיגן און געזאָגט דריי מאָל דעם פסוק „שקץ תשקצנו״. צום מיינסטן האָבן דערפון זיך איבערגענומען די ייִדישע שכנים, וועלכע האָבן געוווינט אין דעם ליקל דאָ דערנעבן. פון די פענצטער פון דער גויִישער קיך האָט זיך געטראָגן אַ טריפהנער ריח פון געסמענדזשעט חזיר־פליישׁ, וואָס האָט זיי געעקלט.

חיים בעריש מיט זיינע זין, וואָס האָבן געוווינט דאָ בשכנות, האָבן געבונטעוועט קעגן דעם גביר, וואָס האָט געטאָן אַזאַ זאַך — אַריינצולאָזן אַ גוי אין סאַמע מיט פון ייִדישן שטעטל, ביז ס׳איז געקומען תשעה־באב צום דאַווענען שחרית אין חסידישן בית־מדרש, ווו דער גביר האָט געהאַט אַ חזקה צו זאָגן דעם פּזמון צום סוף פון די קינות. ווי נאָר ר׳ יאָמע הערמאַלע האָט אָנגעהויבן זאָגן „אלי ציון ועריה״, האָבן פון אַלע זייטן אָנגעהויבן

פליִען אין אים „שטעכעכץ״, טישטעכער פון די איבערגעקערטע טישן און אַפילו שטעקשיך פון די פיס. גרויס איז געוואָרן דער טומל, ביז דער גביר האָט איבערגעריסן דאָס זאָגן דעם פזמון. ערשט ווען חיים הערמאַלע דעם גבירס עלטסטער זון האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין שולחן מיט אַ געשריי: „שטיל זאָל זיין! דרך ארץ אין אַ מקום קדוש!״ האָבן די געמיטער זיך באַרויִקט. דער בעל־תפילה האָט פאַרענדיקט זאָגן דעם פזמון און אַרויס פון בית־מדרש מיט זיינע זין און גוטע־פריינד. געבליבן איז זיין יִנגסטער איידעם, מענדל באַרטפעלד.. געזען, ווי ס׳האָט גענומען קאָכן צווישן די פאַרבליבענע יִדן אין בית־מדרש וועגן די „וויזלעך״ אין פענצטער פון אַפּטייק, האָט ער אויסגערופן:

— יִדן, דאָס זענען דאָך גאָר קיין „וויזלעך״ נישט, נאָר אדם און חוה, געמאַכט פון גיפּס!

דערהערט די ווערטער „אדם און חוה״, האָבן עטלעכע יִדן פון צווישן עולם זיך אָנגערופן:

— אפשר טאַקע אַזוי? אדם און חוה, און נישט קיין „וויזלעך״.

ס׳איז געוואָרן אַ שפּאַרעניש וועגן דעם און מ׳האָט באַשלאָסן גיין צו דער אַפּטייק אין מאַרק און זען דעם אמת.

ווען די יִדן פון בית־מדרש זענען אָנגעקומען צום מאַרק, האָבן זיי פּלוצעם דערהערט אַ בעמבערן פון „האָלצערנעם״ פּאָליציאַנט, וואָס איז געקומען פון מאַגיסטראַט און געהאַלטן אין איין קלאַפּן אין זיין פּויק. ער האָט זיך געשטעלט אין מיטן פון מאַרק און נייגעריקע מענטשן זענען געלאָפן הערן די נייעס. דער „האָלצערנער״ פּאָליציאַנט האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר פון אונטערן היטל און גענומען לייענען מיט אַ שטאַרקער קול ווי תמיד:

— אין נאָמען פון געזעץ און פון קייזער און קעניג, פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן, ווערט גערופן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון אַלע מיליטער־פליכטיקע. איבערגעלייענט דערנאָך אַלע פּאַראַגראַפן און פאַראָרדענונגען, האָט ער אויסגעלאָזט:

— יאָ, יאָ זשידקי! אַ מלחמה אויף דער וועלט!

בליץ־שנעל האָט די ידיעה וועגן אַ מלחמה זיך פאַרשפּרייט איבערן

שטעטל. קינד־און־קייט זענען נייגעריק אַרויס אין גאַס. ייִדן האָבן זיך געשטעלט אין מאַרק שמועסן וועגן דעם נייעס און געקומען צום אויספיר, אַז אַזוי ווי די מלחמה איז אויסגעפאַלן אין טאָג פון חורבן בית המקדש, איז דאָס זיכער מלחמת גוג ומגוג, נאָך וועלכער משיח וועט קומען.

נאָך אין זעלבן טאָג האָט איבערן מאַרק זיך דערהערט מיליטערישע מוזיק און אַ לאַנגע ריי רייטערס אָנגעטאָן אין שפּאָגל־נייע פאַרביקע מונדירן, מיט גאָלדענע קנעפּ און זילבערנע לאַנגע שווערדן אין דער זייט, זענען האָפּערדיק געריטן ווי צו עפּעס אַ מיליטערישן פּאַראַד.

אָוונט־צו איז דער מאַרק פול געוואָרן מיט גויִשע רעקרוטן פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן האָפּערדיק געזונגען מיליטערישע לידער, אַריין אין די ייִדישע שענקן כאַפּן אַ טרונק־בראָנפן „נאַ קוראַזש" און אַוועק צו דער באַן־סטאַציע צו פאָרן אין זייערע מיליטערישע קאַדערן. אויך אַ גרופּע ייִדן האָט זיך צונויפגענומען אין ווינקל פון מאַרק, באַגלייט מיט געוויין פון זייערע נאָענטע און מיט פּעקלעך צידה לדרך, זיי זאָלן, חלילה, נישט דאַרפן עסן טריפהנע מאכלים.

וואָכן לאַנג האָבן געדויערט די מאַרשן פון מיליטער איבערן מעליצער מאַרק — מיט פולע רוקזעק אויף די פּלייצעס, אין פולער קריגערישער אויסשטאַטונג — צום רוסישן פראָנט, באַגלייטע מיט שווערע מיליטערישע וועגענער, אָנגעפּאַקטע מיט אַמוניציע און באַשפּייזונג — ביז איבערן זעלבן וועג האָבן געדעקטע וועגענער מיט פלאַכטעס אָנגעהויבן פאָרן אויף צוריק מיט זעלנער אַרומגעבונדענע מיט ווייסע באַנדאַזשן, אויף וועלכע ס׳האָבן זיך געררויטלט בלוטפלעקן.

מעליצער יידן האָבן נישט פאַרשטאַנען: וואָס אַזוינס קומט דאָ פאָר? ערשט נעכטן האָט דאָ מאַרשירט מיליטער איבערן מאַרק מיט אַזאַ האָפּערדיק געזאַנג, און דאָ אַזאַ צרה? און זיי האָבן דערהערט די טרויעריקע נייעס: אַן עסטרייכישע „נידערלאַגע" אויפן רוסישן פראָנט לעבן קראַשניק.

צו מאָרגנס האָט זיך אָנגעהויבן דער „ריקצוג" איבער די וועגן פון שטעטל. גרויסע מחנות זעלנער, מיד און מאַט, זענען געלאָפן אין בהלה און אַז מ׳האָט דערהערט אין שטעטל: די רוסן גייען! קאָזאַקן אויף ווילדע פערד פאַרפלייצן שוין אַ גרויסן טייל פון די גאַליצישע שטעטלעך — איז

געוואָרן גרויס די מהומה. ייִדן האָבן זיך דערמאָנט די קאָזאַקן פון כמיעל־ניצקיס צייטן פון שנת ת״ח־ות״ט וואָס האָבן געשלאָגן, געהרגעט, פאַר־גוואַלדיקט ייִדישע פרויען און חרוב געמאַכט ייִדישע שטעט און שטעטלעך. פון טאָג צו טאָג איז געוואַקסן דער פחד פאַר די אָנקומענדיקע קאָזאַקן. ייִדן האָבן גענומען אויף גיך פּאַקן זייערע זאַכן אויף וועגענער און געלאָזט זיך פאָרן אויפן וועג קיין ראַדאָמישלע און דעמביץ, כדי וואָס ווייטער צו אַנטלויפן פאַר די קאָזאַקן. געבליבן אין שטעטל זענען די אָרעמע ייִדן, וואָס האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייטן צו דינגען פויערישע פורלעך צום אַנטלויפן.

אין די גרעסערע שטעט פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפּעריע האָבן טייל מעליצער ייִדישע פּליטים־משפחות ווי עס איז זיך איינגע־אָרדנט, אַנדערע האָבן פון דאַנען עמיגרירט קיין אַמעריקע אָדער אַנדערע לענדער מעבר לים. דער גרעסטער טייל אָבער פון די מעליצער ייִדן — ווי נאָר מ׳האָט פאַרטריבן די רוסישע אָקופּאַנטן פון די פּאַרכאַפּטע גע־ביטן — האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן אין דער פריִערדיקער היים.

געקומען צוריק האָבן זיי געטראָפן דעם ייִדישן טייל פון שטעטל האַלב־חרוב. אַ גאַנצע ריי הייזער אין מאַרק איז געוואָרן אָפּגעברענט בעת די שלאַכטן צווישן די רוסישע און עסטרייכישע אַרמייען. די געשעפטן און קראָמען זענען געשטאַנען מיט אויפגעבראָכענע לאָדנס און אויסגע־פּלינדערט. אַ סך פון די דירות זענען געוואָרן אויסגערויבט דורך די היגע גויִים, וואָס האָבן אַפילו דאָס מעבל אַרויסגעטראָגן און אין טייל ייִדישע הייזער — אויך די בלעכן פון דער קיך אַרויסגעריסן און נישט איבער־געלאָזט קיין נאָגל אין דער וואַנט.

באין ברירה האָבן די צוריקגעקומענע ייִדן אויפגעפּאַקט זייערע פּעקלעך, איינגעאָרדנט זיך אין די רויִנירטע דירות און גענומען וואַרטן ביז גאָט וועט העלפן, די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן און ס׳וועלן קומען בעסערע צייטן.

די מלחמה האָט אָבער דערווייל זיך נישט פאַרענדיקט און אַ הונגער־נויט צוזאַמען מיט קראַנקייטן און עפּידעמיעס האָבן גענומען שפּרייטן זיך איבערן שטעטל. קיין מעדיקאַמענטן פאַר די קראַנקע זענען נישט געווען, מעדיצינישע הילף איז נישט געווען צו באַקומען. האָבן ייִדן גענומען זיך

צום אַלטן מיטל: זאָגן תהלים, גוזר תענית זיין און בעטן אַ רפואה־שלימה פאַר די קראַנקע אין שטעטל. און ווען ס'איז נישט געקומען קיין בעסערונג, האָבן מעליצער ייִדן באַשלאָסן אָנצווענדן די בעסטע סגולה פאַרן געזונט פון די קראַנקע ייִדן: חתונה מאַכן אַ יתומה מיט אַ יתום אויפן ייִדישן בית־החיים — און גאָט וועט העלפן מיט אַ רפואה־שלימה.

אַ קיילעכיקע יתומה, אַן טאַטע־מאַמע, האָט זיך געפונען אין הויז פון חיימל רויטוואַקס, דעם רעשטל־סוחר. געשטאַמט האָט זי פון דעמבעץ און געווען ביי אים איז זי אַ דינסטמיידל. אויך אַ חתן אַ יתום האָט זיך געפונען: אַ בעלפער מיט די דרדקי־קינדער אין משה כעלמס חדר. מיטן צוגרייטן די חתונה האָבן זיך פאַרנומען די צדקה־ווייבער פון „הכנסת כלה" און פון דער „חברה קדישא". מען האָט געקויפט ווייסע לייוונט, אויסגע־מאָסטן מיט דעם די הייליקע קברים פון די מעליצער צדיקים, זייער זכות זאָל בייזשטיין, געבעטן זיי זאָלן לויפן אין אַ גוטער שליחות און ברענגען די רפואה שלימה פאַר אַלע קראַנקע אין שטעטל. פון דער ווייסער לייוונט האָט מען גענייט פאַר דער כלה אַ חופּה־קלייד און אויך פאַרן חתן אַ ווייסן קיטל צו דער חופּה, ווי אַ זיכערע סגולה קעגן אַלע צרות.

אין טאָג פון דער חתונה זענען ווייבער אַרויס צום בית־החיים „געריסן קברים", געבעטן פאַר די קראַנקע אין שטעטל, אָנגעצונדן ליכטלעך אויף די הייליקע קברים פון די מעליצער צדיקים אין אוהל פון אַלטן טייל בית־הקברות, און דאָ, פאַר נאַכט, ווי נאָר די לבנה האָט זיך באַוויזן, האָט מען געשטעלט די חופּה. ס'איז געקומען עולם, מ'האָט געטרינקען לחיים און געווונטשן אַ רפואה שלימה פאַר אַלע קראַנקע.

היות, ווי אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, נאָר פאַרקערט, ס'האָבן זיך געמערט קראַנקע ייִדן און לוויות, זענען ייִדן זיך צונויפגעקומען אין חסידישן בית־מדרש, געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט בראש מיטן שטאָטישן עסקן נפתלי דריליך. זיי זענען אַוועק צו די מער פאַרמעגלעכע בעלי־בתים און צו די, וואָס האָבן באַוויזן אין מלחמה־צייט אויך צו מאַכן געשעפטן, כדי צונויפנעמען געלט פאַר דאָקטוירים. מען האָט געשיקט אַ שליח קיין קראָקע ברענגען מעדיקאַמענטן, וועלכע זענען אין מעליץ נישט געווען צו באַקומען. מען האָט אויך געקויפט שפּייזפּראָדוקטן צום פאַרטיילן צווישן

נויטבאַדערפטיקע ייִדן און אַלץ געטאָן אויף צו לינדערן די נויט אין שטעטל.

אַ סך געהאָלפן האָבן די ייִדישע גוטבאַזיצער פון דער דאָרפישער געגנט אַרום, וואָס טראָץ דער מלחמה האָבן זייערע פעלדער געגעבן אַ גערעטעניש פון תבואה, קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן. אַ טייל דערפון האָבן זיי געשיקט אין שטאָט אַריין צום הילפס־קאָמיטעט פאַר די נויט־באַדערפטיקע.

לייכטער געוואָרן אַ ביסל איז די שווערע לאַגע אין שטעטל נאָך דעם, ווי נפתלי דריליך איז צוזאַמען מיט דער פרוי טייטעלבוים, דעם וועטע־רינאַרס ווייב, געפאָרן קיין קראָקע צום ראַבינער, ד״ר טהאָן, וועלכער איז געווען אַ ברודער פון דער פרוי טייטעלבוים און געהאַט אַ סך צו זאָגן ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון דזשאָינט. זיי האָבן פאָרגעשטעלט פאַר אים די שווערע לאַגע פון די מעליצער ייִדן און אויסגעפועלט אַ גרעסערע הילף אין מעדיקאַמענטן, שפּייזפּראָדוקטן און אויך בוי־מאַטעריאַל אויס־צוריכטן די רויִנירטע דירות.

נאָך לייכטער איז די נויט צווישן די מעליצער ייִדן געוואָרן, ווען די לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן שיקן צו זייערע קרובים אין שטעטל דאָלאַרן — אין בריוו און אויך מיט אַנדערע וועגן.

# מלחמה־פּראָפּעסיעס

די מלחמה האָט זיך פאַרשלעפּט, מעליצער ייִדן האָבן זיך צוגעוווינט צו די לעבנס־באַדינגונגען פון דער צייט און גענומען האַנדלען מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, בעיקר מיטן טוישן די ביסלעך סחורה וואָס האָבן זיך דערהאַלטן נאָך פון פאַר דער מלחמה אָדער מיט די גענוצטע מלבושים, וואָס זיי האָבן געברענגט מיט זיך פון די עסטרייכיש־אונגאַרישע שטעט און געטוישט דאָ ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער אויף שפּייזפּראָדוקטן — אַבי איבערצולעבן די שלעכטע צייטן, ביז גאָט וועט העלפן און די מלחמה וועט זיך ענדיקן.

די מלחמה אָבער האָט זיך נישט פאַרענדיקט און וואָס ווייטער אַלץ מער ייִדן זענען געוואָרן מאָביליזירט אין מיליטער. מען האָט שוין גענומען טאַטעס פון דערוואַקסענע קינדער, און נישט זעלטן האָבן טאַטעס מיט זין געטראָפן זיך אין דער זעלבער מיליטערישער איינהייט. מען האָט שוין גענומען אַפילו זיידעס פון אייניקלעך, געשיקט זיי אין די מיליטערישע „קאַדרעס״ פון טאָרנע און ריישע, אויסגעשולט מיליטעריש אַ שטיקל צייט און געשיקט צו דער פייער־ליניע אויף די פראָנטן פון רוסלאַנד און איטאַליע.

מיט דער צייט האָבן אַ סך ייִדן אָנגעהויבן צוריקציִען זיך און אַרויס־דרייען זיך פון גיין אין מיליטער. זיי האָבן געטראַכט: צו וואָס די אַלע צרות, פאַר וועמען דאָס ממיתן זיך? די עסטרייכישע גויִים ווילן זיך שלאָגן מיט די רוסישע גויִים — זאָלן זיי זיך שלאָגן, פאַר וואָס אָבער זאָלן מיר, עסטרייכישע ייִדן, זיך שלאָגן מיט רוסישע ייִדן, וועלכע געפינען זיך אין דער פיינטלעכער אַרמיי, געהרגעט ווערן אָדער בלייבן קאַליקעס אויפן גאַנצן לעבן?

עס זענען אָבער געווען מלחמה־צייט אין מעליץ „גליקלעכע״ ייִדן, מיט פעלערן, צוליב וועלכע זיי זענען באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט און געקאָנט זיך פאַרנעמען מיט מסחר.

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע האָבן געהערט אַלטער הירש מיט זיין

קרומער פּלייצע, זיין שוואָגער חיים שרייער דער הויקער און יוחנן ענג־לענדער מיט זיינע דיקע ברילן איבער די קורצזיכטיקע אויגן. זיי האָבן זיך צונויפגעשמועסט בשותפות אויסצואַרבעטן זייף צום וואַשן. דאָס דאָזיקע אַרטיקל האָט קריגסצייט אויסגעפּעלט און מ׳האָט עס געקאָנט פֿאַרקויפן פֿאַר אַ גוטן פּרייז. זיי האָבן צוגענומען פֿאַר אַ שותף אויך נפתלטשע האָרוויץ, וועלכער איז אויך פֿריי געווען פֿון מיליטער צוליב זיין נידעריקן וווקס און געהאַט אַ פּאַסיקן סקלאַד דערצו.

זיי האָבן געקויפט אין טאָרנע קאָוסטיק־סאָדע און טריפהנעם חלב ביי די מעליצער קצבים, געקאָכט דאָס אין אַ גרויסן וואַשטאָפּ, און דערנאָך אַריינגעגאָסן דעם שיטער צעקאָכטן לויג אין אַ געפּוגעוועט קעסטל אָפּ־צוקילן. דעם גרויסן בלאָק פֿאַרגליווערטן זייף האָבן זיי געשניטן אויף קליינע שטיקלעך און אָוועקגעלייגט דאָס צום טריקענען אויף ברעטער־פּאָליצעס.

נאָך עטלעכע טעג, ווען זיי זענען געווען זיכער, אַז דער זייף איז שוין טרוקן צום פֿאַרקויפן, האָבן זיי פּלוצעם דערזען, אַז די שטיקלעך זענען אַרומגעוואַקסן מיט ווייסן שימל, ווי מיט שניי באַשיט, און ס׳איז נישטאָ קיין קלער אַפילו דאָס צו קאָנען פֿאַרקויפן. די פֿאַר שותפים האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ צו דערגיין די סיבה דערפֿון, געפּרוּווט איבערקאָכן עטלעכע שטיקלעך זייף אויף אַן אַנדער אופן, אָבער יעדעס מאָל איז געשען די זעלבע זאַך. זיי האָבן איבערגעשמועסט וועגן דעם מיט גימפּל ליפּשיץ, וועלכער האָט פֿאַר דער מלחמה געהאַט אַ פּאַרטרעטונג פֿון אַ גרויסער זייף־פֿאַבריק אין קראָקע און געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט איינעם פֿון די זייף־ספּעציאַליסטן דאָרט. פֿאַר אַ מתנת־יד האָט יענער אים איבערגעגעבן דעם „סוד״, ווי אַזוי מען דאַרף קאָכן דעם זייף אויף אַ פּרימיטיוון אופן. צוליב דעם „סוד״ איז ער אויך געוואָרן אַ שותף צום עסק, און אַזוי האָט מען אָנגעהויבן פּראָדוצירן דעם זייף און שפּעטער פֿאַרקויפט אין דער גאַנצער געגנט.

לייכטער אָנצוהייבן פֿאַבריצירן דעם פּרימיטיוון זייף איז געווען פֿאַר נחמיה בראַד. צופעליק האָט ער געטראָפֿן אין חסידישן בית־מדרש אַ פֿרעמדן ייִד, וועלכער האָט נישט געהאַט ווו צו נעכטיקן, און אַזוי ווי

נחמיה האָט זיך פאַרנומען מיט דער מצווה פון הכנסת אורחים, האָט ער אים געגומען אַהיים צום נעכטיקן. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פרעמדער איז אַ פּאַכמאַן פון זייפזידעריי און ער איז אַנטלאָפן פון זיין שטאָט צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון מיליטער־דינסט. געהערט אַזוי, האָט נחמיה בראָד אים אויפגעהאַלטן אַ געוויסע צייט מיט נאַכטלעגער, עסן, טרינקען און אַלץ וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן — ביז ער האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון מאַכן זייף. אַזוי אַרום איז מעליץ מלחמה־צייט געוואָרן אַ צענטער פון פּרימיטיווער זייפזידעריי און דאָס האָט אָנ־געהאַלטן אַ שטיק צייט אויך נאָך דער מלחמה.

# נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

ווען ס׳האָט פאַרענדיקט זיך די מלחמה מיטן קראַך פֿון דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפּעריע און דעם אַנטשטייען פֿון דער פּוילישער מדינה, זענען געקומען פרישע צרות. ייִדישע יונגע־לייט, וועלכע האָבן נאָר־וואָס זיך אומגעקערט פֿון עסטרייכישן מיליטער, האָט מען ווידער אַ מאָל גערופֿן צום פּוילישן מיליטער, כדי צו קעמפֿן מיט דער רויטער אַרמיי, וואָס איז באַפֿאַלן די גרענעצן פֿון דער נייער פּוילישער רעפּובליק.

גאָר שלעכט איז געוואָרן פֿאַר די מעליצער ייִדן, צוליב די אַנטי־סעמיטישע פּאָגראָמען, מיטן האַקן שויבן, ברעכן טירן פֿון דירות און געשעפֿטן און רויבן ייִדיש האָב־און־גוטס. די פּוילישע מאַכט אין שטעטל האָט געמאַכט זיך דאָס נישט געזען, אָבער ווען ייִדישע בחורים האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, איז באַלד אָנגעלאָפֿן פּאָליציי און אַרעסטירט די ייִדן, וועלכע האָבן זיך פֿאַרטיידיקט. ווידער אַ מאָל זענען ייִדן פֿון שטעטל געוואָרן רויִנירט, געבליבן מיט חרובע דירות, קרעמלעך און געשעפֿטן, פֿון וואַנען אַלץ איז אַרויסגערויבט געוואָרן. און ווידער אַ מאָל האָט זיך געשאַפֿן אַ הילפֿס־קאָמיטעט אין מעליץ צו העלפֿן די ייִדן, וועלכע זענען געבליבן נאָך די פּאָגראָמען בעירום ובחוסר כל.

ווען די לאַגע האָט זיך באַרויִקט אַ ביסל, האָבן די ייִדן ווידער זיך גענומען צום האַנדל, צו ערשט מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. מיט דער צייט האָבן זיי צו ביסלעך אומגעקערט זיך יעדער צו זיין פֿאַך און באַ־שעפֿטיקונג פֿון פֿאַר דער מלחמה. סוחרים און קרעמער האָבן אויסגעריכט זייערע קראָמען און געשעפֿטן, מאַרקשטייער, — זייערע לאַוועס מיט שניט־סחורה און טישלעך מיט צעלניק. טאַנדייטערס האָבן ווידער גענומען נייען זייער פֿויערישע קאָנפֿעקציע און געשטעלט זיך דערמיט אין מאַרק, געפֿאָרן אויף די יאַרידן פֿון דער געגנט. אויך די אָרעמע ייִדישע דאָרפֿס־גייער, וועלכע האָבן ביז היינט נישט געקאָנט קומען אין די דערפֿער צוליב די שטיינער, מיט וועלכע די שקצים האָבן זיי באַוואָרפֿן, האָבן שוין אויך

נישט מורא געהאַט צו קומען אַהין און קויפן עופות, אייער, קעז און פוטער און דערנאָך פאַרקויפן עס אין שטאָט.

דאָס זעלבע איז געווען מיט די הענדלער און מעקלערס פון בהמות, תבואה און אַנדערע אַגראַר־פּראָדוקטן, וועלכע האָבן איינגעקויפט די סחורה פאַר די גרעסערע סוחרים אין שטאָט און פאַר די עקספּאָרטערן.

דער עיקר האָבן שנעל זיך אָרגאַניזירט די האָלץ־ און וואַלד־סוחרים פון מעליצער שטעטל. זיי האָבן געהאַט אַ ברייט פעלד צום האַנדל. שטעט און דערפער זענען רויִנירט געוואָרן פון די מלחמה־אָפּעראַציעס און גע־נייטיקט זיך אין געהילץ דאָס אַלץ צו רעסטאַווּרירן. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די לענדער פון אייראָפּע, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דער מלחמה. די מעליצער האָלץ־סוחרים האָבן גענומען עקספּאָרטירן אַהין זייער געהילץ און בוי־מאַטעריאַל.

צום מערסטן פון אַלע האָלץ־ און וואַלד־סוחרים האָט זיך אַרויפגע־אַרבעט שׂמחה פרידמאַן. הגם ער איז געווען אַ חסידישער ייִד מיט באָרד און פּיאות און געטראָגן אַ לאַנגן לבוש האָט דאָס אים נישט געשטערט אָנצוקומען צו די גוייִשע אַנטיסעמיטישע באַאַמטע פון פּוילישן האַנדלס־מיניסטעריום אין וואַרשע. „געשמירט" מיט אַ „מתּנת יד" ווי מ'דאַרף — האָט ער באַקומען אַ קאָנצעסיע צוצושטעלן פאַר די רעגירונגס־אונטער־נעמונגען פון אויפבוי־ווערק פאַרשידן געהילץ, איבערהויפּט האָלצערנע שוועלן פאַר די באַן־רעלסן, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט גענומען אויסלייגן, סלופּעס פאַר די טעלעפאָן־נעצן און אויך סטעמפּלס פאַר די קוילן־גרובנס אין אויבער־שלעזיע. די וויכטיקסטע קאָנצעסיע, וואָס שׂמחה פרידמאַן האָט באַקומען, איז געווען דאָס פלעכטן טאַמעס פון פאַשין צו רעגולירן די ווייסל, די שטראָמיקע וואַסערן זאָלן נישט פאַרפלייצן די פעלדער אַרום. דאָס האָט אויך אַנדערע ייִדן אין מעליץ געגעבן די מעג־לעכקייט צו פירן אַ מסחר מיט פאַשין. די ליפעראַנטן פון דעם פאַשין אין מעליץ זענען געוואָרן די צוויי ברידער מאיר און חיים קעלער. יעדער באַזונדער האָט געפירט זיין אונטערנעמונג צו האַקן דעם פאַשין אין די קעמפּעס אַרום דעם וויסליק, אַרום דער ווייסל און אַנדערע קלענערע טייכן פון דער נאָענטער און ווייטערער געגנט.

נאָכן אָפּזאָץ פון די דיקערע ריטן צום פלעכטן די טאַמעס, האָבן מאיר און חיים קעלער געהאַט אַ מעגלעכקייט צו פאַרברויכן די דינערע ריטן פון דעם פּאַשין פאַר אַנדערע צוועקן, ווי פלעכטן קאָשיקעס פאַרן דאָרפישן און שטאָטישן געברויך, און אויך די גאַנץ דינע ריטלעך, וואָס האָבן זיך געלאָזט שיילן און אויך שפּאַלטן — פאַר מער איידעלע אויסאַרבעטונגען, ווי קערבלעך פאַר פרויען איינצוקויפן פּראָדוקטן און אויסצופלעכטן דער־פון פאַרשידענע מעבל־שטיקער.

אַ וויכטיקער אָפּנעמער פון די דאָזיקע דינע ריטלעך איז אין מעליץ געווען ברוך פאָרשירעם, וועלכער האָט געהאַט אין זיין הויז אַ פאַבריקל צו פלעכטן קערבלעך איבער די גלעזערנע גרויסע גאָנשערס און בוטלעס פאַר אַ שוץ, זיי זאָלן נישט צעבראָכן ווערן.

צום פלעכטן די דאָזיקע קערבלעך האָט ברוך פאָרשירעם געהאַלטן נאָר ייִדישע אַרבעטער פון שטעטל — ווייבער, וועלכע האָבן לייכט אויס־געלערנט זיך די דאָזיקע מלאכה און ייִנגלעך פון אָרעמע שטיבן, וועלכע האָבן באַדאַרפט העלפן זייערע עלטערן צו דער פרנסה. געווען אויך ייִנגלעך פון באַלעבאַטישע היימען, וועלכע האָבן נישט געוואָלט לערנען אין חדר אָדער אין דער תלמוד־תורה, האָבן זייערע עלטערן באַשלאָסן, אַז איידער די ייִנגלעך זאָלן אַרומלויפן איבער די גאַסן פּוסט־און־פּאַס, איז גלייכער זיי זאָלן פלעכטן קאָשיקלעך ביי ברוך פאָרשירעם, בפרט, אַז ער האָט זיך פאַרנומען מיט די דאָזיקע ייִנגלעך, זיי זאָלן זיך פירן אויפן ייִדישן שטייגער, טראָגן דאָס היטל אויפן קאָפּ און מאַכן אַ ברכה פאַרן עסן, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבערענגט פון דער היים.

אויך זיין ווייב חיה האָט זיך פאַרנעמען מיט די דאָזיקע ייִנגלעך ביי דער אַרבעט. אַז אַן אָרעם ייִנגל האָט נישט געברענגט מיט זיך פון דער היים עפּעס צו עסן האָט זי אים אַריינגערופן צו זיך אין קיך און געגעבן אים עסן, ער זאָל נאָר, חלילה, נישט הונגערן אין איר שטוב.

אויך נחמיה בראָד, וועלכער האָט נאָך די מלחמה־יאָרן איינגעפירט ביי זיך אין הויז אַ מלאכה צו מאַכן פאַרשידענע בערשטן, האָט זיך געוואָלט פירן אויפן שטייגער פון ברוך פאָרשירעם און פאַרנעמען זיך מיט די ייִנגלעך, וועלכע האָבן ביי אים געאַרבעט זיי זאָלן זיך פירן אויפן ייִדישן

שטייגער: מאַכן אַ ברכה און דאַווענען מנחה ביי דער אַרבעט פאַר נאַכט. אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען, ווייל זיינע אַרבעטס־ייִנגלעך זענען שוין געווען פון אַן אַנדער סאָרט — מער דערוואַקסענע און אויך מער באַוווסטזיניק, געקומען שוין אין דעם ציוניסטישן פאַראיין. די פרומע מוסר־רייד האָבן זיך צו זיי נישט געקלעפּט.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט יאָשע קאָלער, אַ חסידישער יונגער־מאַן, איינגעאָרדנט אַ וואַרשטאַט אויסצואַרבעטן בייטשן און הענטל־שטע־קעלעך און צוגענומען יידישע ייִנגלעך צו דער אַרבעט. ווען אויך ער האָט געוואָלט האָבן אַ השפּעה אויף זיי, זיי זאָלן פירן זיך יידיש, און געזאָגט זיי מוסר — האָט ער זיך שוין אָנגעטראָפן מיט אַ חוזק־שמייכל פון טייל ייִנגלעך, וועלכע האָבן אים אָפּגעענטפערט מיט קעגן־מוסר, בכן ער פירט זיך ווי אַ „בורזשוי״ וואָס נוצט אויס „פּראָלעטאַריער פאַר אַ נידעריקן אַרבעטסלוין, ווי אַלע רעאַקציאָנערע קאַפּיטאַליסטן״ — ווערטער, וואָס יאָשע קאָלער האָט זיי אַפילו נישט פאַרשטאַנען און זיי האָבן אויך נישט געפּאַסט פאַר דער מעליצער יידישער סביבה.

הגם ס'איז שוין דעמאָלט געווען אין מעליץ אַ מאָדערנע יוגנט, וואָס איז געקומען אין די ציוניסטישע פאַראיינען, אַ חלוצישע באַוועגונג מיט הכשרה און בחורים, וועלכע זענען געקומען אין דער לינקער „פּועלי־ציון״ און „השומר הצעיר״, זענען זיי אָבער נישט געווען קיין פּראָלעטאַריער, ווייל זיי האָבן אַלע געשטאַמט פון בעלי־ביתישע היימען און דאָס לערנען מאַרקסיזם איז געווען פאַר זיי אַ טעאָריע וואָס האָט שנעל אויסגעוועפּט. טראָץ דעם האָט געטראָפן, אַז דעם ערשטן מאַי, אין דעם טאָג פון פּראָ־לעטאַרישן יום־טוב, איז גאַנץ פרי געהאָנגען אַ רויט פענדל אויפן הויכן סלופּ פון די טעלעפאָן־דראָטן אין מאַרק, און די פּאָליציי האָט דערפאַר אַרעסטירט עטלעכע יידישע ייִנגלעך פון שטעטל, און גראָד פון פאַרמעג־לעכע, בעלי־ביתישע, פרומע היימען.

בדרך כלל איז אין מעליץ, אַ חוץ די ציוניסטישע פאַראיינען, קיין יידישע אַרבעטס־באַוועגונג נישט געווען. דער „יד־חרוצים״־פאַראיין איז באַשטאַנען פון זעלבשטענדיקע בעלי־מלאכות, וואָס איר הויפּט־טעטיקייט איז געווען דער מנין שבת צום דאַווענען און אַ קעגנזייטיקע גמילת־חסדים־

קאָסטע. אָבער נישט אַלע בעלי־מלאכות זענען געקומען שבת אַהין דאַווענען. געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס ס'האָט זיי נישט געפּאַסט צו קומען דאַווענען צו אַזאַ פּשוטן מנין, און זיי האָבן געדאַוונט אין חסידישן בית־מדרש צו־זאַמען מיט די גאָר פרומע ייִדן. ס'רוב בעלי־מלאכות האָבן שבת געדאַוונט אין דער שול צוזאַמען מיט די פּשוטע ייִדן, פאַרנומען דאָרט די מזרח־וואַנט און געווען אויך אָפט די גבאים פון דער שול.

אַזוי ווי די וואַלד־ און האָלץ־סוחרים, וועלכע האָבן זיך גענומען צום מסחר נאָך דער מלחמה, האָבן דאָס אויך געטאָן די פעדערן־סוחרים, נאָר אין אַ קלענערן מאָסשטאַב. צו ערשט זענען זיי אַרומגעפאָרן איבער די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך איינקויפן פעדערן פון גענדז און קאַטשקעס, געברענגט דאָס אַהער, געגעבן דאָס צום שלייסן אין די אָרעמע שטובן, צום שיקן אויף עקספּאָרט צוזאַמען מיטן פוך אין די אייראָפּעיִשע לענדער. שפּעטער האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן קויפן פעדערן פון אינדיקעס און הענער פאַר „פוצפעדערן" צו דאַמישע היטן, וואָס זענען אַריין אין דער מאָדע אין אייראָפּע און אַמעריקע.

געברענגט אַהער די דאָזיקע סחורה אין זייערע מאַגאַזינען — האָבן די פעדער־סוחרים ווידער אַוועקגעשטעלט לאַנגע און ברייטע טישן אין זייערע מאַגאַזינען, וואָס האָבן געפּוסטעוועט במשך פון די מלחמות און אַריינגענומען ווייבער און מיידלעך צו קלויבן און סאָרטירן די פעדערן. און לויט דער צייט איז אויך געענדערט געוואָרן דער כאַראַקטער פון די „קלייבערינס". אַנשטאָט דעם, וואָס אין די אַמאָליקע צייטן פלעגן די קלויבערינס בעת דעם סאָרטירן שמועסן צווישן זיך וועגן שדים און רוחות, וועגן רבנים און גוטע־ייִדן מיט זייערע מופתים, נסים און נפלאות, זענען היינט זייערע שמועסן צוגעפּאַסט געווען צו די מער מאָדערנע צייטן. אַ נייעס איז אויך געווען דאָס זינגען, וואָס איז אין די אַמאָליקע פרומע צייטן פאַרבאָטן געווען מחמת „קול באשה ערווה". היינט דאַקעגן האָט מען פאַרבייגייענדיק די פעדערן־מאַגאַזינען, ווו די קלויבערינס האָבן געאַרבעט, געקאָנט הערן ייִדישע פאָלקסלידער, טעאַטער־שלאַגערס און ראָמאַנסן.

אין די לעצטע יאָרן איז צו דער פעדערן־בראַנזשע אין מעליץ צו־געקומען אַ נייער צווייג, פון וועלכן מען האָט אַ מאָל נישט געהערט —

געווען איז דאָס אויסאַרבעטן ווייסע „שעלסקע" פוטער פון גענדזענע פע־לעכלעך. דאָס האָט געגעבן באַשעפטיקונג אַ גרעסערער צאָל ייִדן אין שטעטל.

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין שינדן די גענדזענע הויט, וואָס איז פריִער אָפּגעפּליקט געוואָרן פון די דיקערע פעדערן און געבליבן בלויז מיטן ווייכן פוך. אַראָפּגענומען די הויט פון דער גאַנדז, האָט מען דאָס געדאַרפט שאָבן און קראַצן, ס'זאָל נישט בלייבן דערויף קיין ברעקל פעטס. דאַן האָט מען דאָס צעצויגן אויף ווענטלעך פון ברעטער און פאַרטשווע־קעוועט צום טריקענען. נאָך עטלעכע טעג האָט מען דאָס אַראָפּגענומען און געפּאַקט אין קאַסטנס צום עקספּאָרט.

געקומען איז דער נייער אויפטו פון ריקעלע צוקער, וועלכע איז געווען פאַר דער מלחמה אין דער פעדערן־בראַנזשע, געהאַט אַ שטאַקיקע קאָמע־ניצע מיט אַ פעדערן־מאַגאַזין נעבן נאַזעוואַלע, איבערגעלאָזט דאָס בעת דעם אַנטלויפן קיין ווין אין דער מלחמה און פון דאָרט עמיגרירט קיין פּאַריז און צום סוף קיין אַמעריקע.

דערוווסט זיך פון דעם פרישן „פּאַטענט", ווי אַזוי צו מאַכן „שעלסקע" פוטער, וואָס איז געוואָרן מאָדערן פאַר דאַמען און ליידיס אין דער רייכער וועלט, איז זי געקומען אַהער קיין מעליץ, איבערגעגעבן פאַר דעם צוועק איר הויז צו אירע פלימעניקעס, די דריי שוואָגערס הערשל באַרגער, שמעון סאַלפּעטער און שלום בלאַטבערג. געמאַכט מיט זיי אַ שותפות און די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גיכן טעמפּאָ, מיטן קויפן גאַנצע סטאַדעס גענדז אין די אַרומיקע דערפער און אויך אין דער ווייטער געגנט, און דאָס האָט געגעבן פּרנסה אויך פאַר די ייִדישע אויפקויפערס אין שטעטל. אַחוץ די אַלע, וועלכע זענען באַשעפטיקט געווען ביי דער דאָזיקער אונטערנעמונג, האָבן אויך אומדירעקט אַנדערע ייִדן פּראָפיטירט דערפון, ווייל דורך דעם, ווי מ'האָט אַראָפּגענומען די הויט פון די גענדז צו מאַכן פוכענע פעלעכלעך, איז געבליבן אַן „אָדערקע" פון גענדזנפלייש צום פאַר־קויפן פאַר גאָר אַ ביליקן פרייז, און מעליצער בעלי־ביתטעס האָבן דאָס גאַנץ גערן געקויפט, באַזונדערס די אָרעמע־לייט פון שטעטל. זיי האָבן איצט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו עסן פלייש נישט בלויז שבת און יום־טוב, נאָר אויך אין אַ פּשוטן וואָכנטאָג.

נאָך אַ באַשעפטיקונג פאַר יידן אין מעליץ איז צוגעקומען אין די לעצטע יאָרן אין דער האָלץ־בראַנזשע. נאָך דעם ווי דאָס מסחר מיט וועלדער און האָלץ האָט זיך אַנטוויקלט, זענען אַנטשטאַנען בשותפותדיקע חברות, וועלכע האָבן אַנגאַזשירט יונגע־לייט פאַר באַאַמטע, מאַניפּולאַנטן, אויף צו סאָרטירן דאָס געהילץ, מעסטן און נאָך אַנדערע אַרבעטן וואָס זענען מיט דעם פאַרבונדן.

געגרופן האָבן זיך די אַלע אָנגעשטעלטע אין דער האָלץ־בראַנזשע מיטן אַלגעמיינעם נאָמען: „דרעוויאַקעס" און גערעכנט זיך צו דער יידישער אינטעליגענץ אין שטעטל, נאָך די דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע — מיט אַקאַדעמישער אויסבילדונג.

# יאַריד אין שטעטל

אין מעליץ זענען קיין פאַבריקן מיט אַ סך אַרבעטער נישט געווען. דער איינציקער הויכער קוימען פון רויטע ציגל, וועלכן מ׳האָט געזען איבערן גאַנצן שטעטל, איז געווען פון דער ציגעלניע הינטערן שטעטל, ווו מ׳האָט אויסגעאַרבעט ציגל און דאַכעווקעס פון ליים, וואָס מ׳האָט אויף אַ גאַר פרימיטיוון שטייגער געקנעטן, געגאָסן אין פאָרמען און געברענט אין פייער אונטער דעם דאָזיקן קוימען. זעלטן ווען מען האָט געקאָנט זען אַ רויך פון דעם הויכן קוימען, מחמת דער געברויך פון ציגל איז דאָ געווען אַ קליינער. זייער זעלטן האָט מען דאָ געשטעלט געמויערטע הייזער. אויך אין די דערפער אַרום איז דער געברויך געווען אַ נישטיקער, ווייל די פויערים האָבן געבויט זייערע כאַטעס פון האָלץ און ציגל האָבן זיי גע־דאַרפט נאָר צו מאַכן די אויוונס צום קאָכן און באַקן דאָס שוואַרצע ברויט.

געווען אויך אין מעליץ אַ קאַפלאַרניע מיט אַ קלענערן קוימען, ווו מ׳האָט געמאַכט קאַפלעס פאַר שטאָטישע אויוונס צום וואַרעמען און פאַר קאָך־איינריכטונגען, אָבער די דאָזיקע אונטערנעמונג איז נישט געווען קיין גרויסע און נישט געקאָנט רעכענען זיך פאַר אַ פאַבריק.

אַ חוץ דעם איז אין דער צווייטער זייט פון שטעטל, אין עק פון דער הויפישער גאַס, געווען אַ מיל צו מאָלן תבואה. די מיל האָט אַפילו געהאַט אַ הויכן בלעכענעם קוימען און דריי מאָל אַ טאָג געפיפן מיט פאַרע פון קעסל ווי אַ ריכטיקע פאַבריק, אָבער בלויז עטלעכע אַרבעטער זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט.

אַן ענדערונג אויף דעם געביט איז געקומען ערשט ווען אין דייטש־לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אָנגע־פירט דורך היטלערן, וועלכער האָט גענומען פאָדערן אומצוקערן צו דייטשלאַנד דעם קאָרידאָר, וועלכן פוילן האָט געהאַט אין באַזיץ ווי אַ צוטריט צום באַלטישן ים און אויפגעבויט דאָרט דעם פאָרט אין גדיניע, נישט ווייט פון דאַנציק.

ווען ס׳האָט זיך פאַרשאַרפט די פּאָליטישע סיטואַציע צוליב דעם דאַניצקער קאָרידאָר, האָט די פּוילישע רעגירונג באַשלאָסן איבערצופירן איר אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן די דייטשע גרענעצן, צום צענטער פון לאַנד, אין דעם דרייעק לובלין־קראָקע־ריישע, ווו אויך מעליץ האָט זיך געפונען. מען האָט אָנגעהויבן בויען די גרויסע פאַבריקן מיטן פאַרקירצטן נאָמען „צ. אָ. פּ." און אויך אין מעליץ האָט מען הינטערן שטעטל אויפגעבויט שלאָסער־וואַרשטאַטן צו מאָנטירן קריגס־אַוויאָנען און אַעראָפּלאַנען פאַרן פּריוואַטן פלי־וועזן. מען האָט אויך אויפ־געשטעלט גרויסע, שטאָקיקע בלאָקן פאַר די פיל אַרבעטער־ספּעציאַליסטן, וועלכע מ׳האָט געברענגט אַהער פון שלעזיע, פּאָמערן און פון פּויזנער קאַנט.

צוליב אַנטיסעמיטישער דיסקרימינאַציע האָבן ייִדן צו דער גרויסער אינדוסטריע נישט געהאַט קיין צוטריט, אָבער אומדירעקט האָט זי גע־ברענגט אַ סך פּראָפיט פאַרן ייִדישן שטעטל. ערשטנס, האָט זיך פאַר־שטאַרקט דאָס לייזונג אין די ייִדישע געשעפטן און קראָמען פון די אַר־בעטער פון די ניי־אויפגעבויטע בלאָקן. הגם זיי האָבן געהאַט זייערע גוייִשע געשעפטן, האָבן זיך פיל פון די פרעמדע גויים איבערצייגט, אַז אין די ייִדישע געשעפטן זענען די פרייזן אַ סך ביליקער. אַחוץ דעם האָבן זיי אויך באַקומען אויף קרעדיט ביזן „ערשטן" ווען זיי באַקומען דאָס געהאַלט.

צווייטנס, איז געשטיגן די קויפקראַפט פון די פּויערים, וועלכע זענען באַשעפטיקט געווען ביים בויען די דאָזיקע וואַרשטאַטן און געביידעס, און שפּעטער אויך ביי פאַרשידענע אַרבעטן, און אויך פון די פּויערים, וועלכע האָבן געליפערט אַהער זייערע פּראָדוקטן. די יאַרידן אין מעליץ יעדן דאָנערשטיק האָבן זיך אָנגעהויבן שטעלן אַלץ געדיכטער — מיט מער לייזונג אין די געשעפטן, קראָמען און ביי די לאַוועקעס און טישלעך אין מאַרק — וואָס איז געווען דער מקור פון פּרנסה פאַרן גרעסטן טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג זינט אַלע צייטן.

אָנגעהויבן האָט זיך דער יאַריד דאָנערשטיק גאַנץ פרי מיט אַ קלאַ־פּעריי פון וועגענער, וואָס זענען אָנגעקומען מיט אַלע גאַסן צום מאַרק און געפירט צו דער גרויסער טאַרגאָוויצע בהמות, חזירים און אויך פערד

צום פאַרקויפן. די ייִדישע סוחרים זענען געווען די הויפּט־איינקויפער, צו ערשט צו ליפערן בהמות אין די גרעסטע שטעט, און דאַן אויף עקס־פּאָרט. יעדער פון די בהמה־סוחרים האָט געהאַט זיינע מעקלערס, וועלכע האָבן באַקוקט און באַטאַפּט די בהמות, געדונגען זיך מיט די פויערים, אַ זלאָטע אַרויף אַ זלאָטע אַראָפּ — ביז מען איז פאַרטיק געוואָרן צווישן די. דאַן האָט דער סוחר אויסגעצאָלט דאָס געלט און געשיקט די בהמות צו דער באַנסטאַציע זיי זאַמלען, סאָרטירן און אַוועקשיקן אין ספּעציעלע וואַגאָנעס פאַר בהמות צו זייערע אָפּנעמער.

באַקומען דאָס געלט פאַר די בהמות, זענען די פויערים אַוועק צום מאַרק פון שטעטל, אַריין אין די ייִדישע ביר־שענקן מיט זייערע קומעס צום טרינקען וואָדקע.

נאָך די ערשטע וועגענער פון די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן גע־ברענגט בהמות צו דער גרויסער טאַרגאָוויצע הינטערן שטעטל, האָבן אָנגעהויבן קומען דאָרפישע וועגענער מיט תבואה, קאַרטאָפל, קרויט און אַנדערע פּראָדוקטן. זיי האָבן געשטעלט זיך איינער לעבן צווייטן אין מאַרק, אין די געסלעך אַרום און ווו נאָר ס׳איז געווען אַ פרייער פּלאַץ פאַר פערד־און־וואָגן.

אַרום די דאָזיקע וועגענער האָבן זיך גענומען דרייען ייִדישע אויפ־קויפערס פון תבואה. זיי האָבן באַקוקט די קערנער, געמאָסטן די זעקלעך, מיטן בליק אָפּגעשאַצט די וואָג און גענומען דינגען זיך מיטן פויער וועגן פרייז, ביז זיי זענען דורכגעקומען. די אויפקויפערס האָבן איבערגעשיט די תבואה אין אייגענעם זעקל, גענומען אויף די פּלייצעס און אַוועק דערמיט צו איינעם פון די תבואה־שפּייכלערס פון די גרעסערע סוחרים. געשטעלט דאָס אויף דער וואָג צום וועגן, אויסגעשיט דאָס ביסל תבואה, באַקומען דאָס געלט — איז ער ווידער אַ מאָל געלאָפן צו די וועגענער מיט זעקלעך תבואה, איינגעהאַנדלט אַ ביסל סחורה און ווידער פאַרקויפט. אַזוי האָבן די אויפקויפערס פון פאַרשידענע פּראָדוקטן „געמאַכערט״ אין טאָג פון יאַריד צו פאַרדינען זייער שטיקל פּרנסה.

גאַנץ פרי זענען אויך אָנגעקומען די וועגענער פון די „ראָפּטשיצער״, אָנגעלאָדענע מיט פאַרשידענע גרינצייג. דער עיקר מיט ציבעלעס, גע־

פלאָכטן מיט שטרוי אין לאַנגע צעפּ. זיי האָבן אויסגעלייגט זייער סחורה אויף די לאַנגע איינגעפּעסטיקטע בענק פון דער קליינער טאַרגאָוויצע הינטער דער שול און בתי־מדרשים.

דאָ, אויף דער קליינער טאַרגאָוויצע, האָבן אויך די ייִדישע אייער־סוחרים אַרויסגעשטעלט זייערע לאַנגע, פלאַכע קאַסטנס, כדי איינצוקויפן זייער סחורה פון די באַבעס, וועלכע זענען געקומען אַהער מיט פולע קאָשיקעס. דאָ איז אויך געווען דאָס אָרט איינצוקויפן פעלעכלעך פון קאַנען, האָזן און פון אַנדערע חיהלעך און אויך געטריקנטע שוואָמען.

אויפן פּלאַץ פון מאַלי רינעק, דאָ נישט ווייט, האָבן דאַנערשטיק די ייִדישע טעפּערס אַרויסגעשטעלט זייערע ערדענע טעפּ, שיסלעך און וואַזעס צום פאַרקויפן, ייִדישע בלעכער האָבן אַרויסגעבראַכט זייערע כלים פון בלעך און די גלעזער, וועלכע האָבן געוווינט דאָ דערנעבן — שויבן און קיט פאַר די פויערים פון די אַרומיקע דערפער.

צום מאַלי רינעק האָבן אויך די ייִדישע בעדנער אַרויסגעטראָגן זייערע האָלצענע שעפער, געמאַכט פון בעדנאַרקעס, גרויסע פעסער איינצולייגן זייער קרויט און צו האַלטן וואַסער, זשיזשעס צו קנעטן טייג, וואַנעלעך צום באָדן קינדער, קאַנען צום שעפּן וואַסער אין די ברונעמער און נאָך אַנדערע כלים פון האָלץ פאַרן דאָרפישן און שטאָטישן געברויך.

דער הויפּטהאַנדל אָבער איז פאָרגעקומען אין מאַרק. דאָ אַהער האָבן ייִדישע קרעמער אַרויסגעטראָגן דאַנערשטיק גאַנץ פרי צום יאַריד זייערע בענק מיט שניט־סחורה, טישלעך מיט צעלניק, טאַנדייטערס זייער קאָנ־פעקציע פאַרן דאָרפישן און שטאָטישן געברויך, היטלמאַכערס זייערע קאַסקעטן, היטלעך און צאָפּעס און יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט עפּעס צו פאַרקויפן פאַר די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. דאָס גערויש אין מאַרק האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי, מערסטנס צווישן די לאַווקעס מיט שניט־סחורה, פאַר וועמען דאָס מאַרקווינקל איז געווען צו ענג, מחמת אַלץ מער פרישע מאַרק־שטייערס זענען צוגעקומען. האָט אַ יונגער־מאַן נישט געהאַט נאָך דער חתונה צו וואָס זיך צו נעמען בכדי צו פאַרדינען אויף פרנסה, האָט ער ס׳ערשטע געקויפט פאַרן באַקומענעם נדן אין טאָרבע אָדער אין ריישע אַ ביסל שניט־סחורה און אַרויס מיט אַ לאַווקע צום מאַרק.

אויב ער האָט אַליין נישט געקאָנט רעדן קיין פויליש מיט די דאָרפישע גויִים, מחמת ביז צו דער חתונה איז ער געווען פאַרנומען מיט לערנען אין בית־מדרש אָדער מיט פאָרן צו גוטע ייִדן — האָט זיין ווייב אים פאַרטרעטן ביים פאַרקויפן און ער איז געשטאַנען דערנעבן ווי אַ שטומער דיין און געהיט דאָס שניטקרעמל די באַבעס זאָלן נישט עפּעס גנבענען אין זייערע קאָשיקעס אַריין.

ביי די מאַרקשטייערס איז געווען אָנגענומען, אַז אַ פרישׂ צוגעקומענע לאַווקע מיט שניט־סחורה שטעלט זיך צום סוף פון די רייען, טיפער צום מאַרק, וואָס איז פאַרנומען שוין מיט די דאָרפישע וועגענער, און ווייניק קונים קומען שוין אַהין. עס האָט זיך אָבער געטראָפן, אַז אַזעלכע האָבן נישט געוואָלט זיך שטעלן אין סוף, נאָר דווקא ביים פראָנט, ווו מערסטנס קונים קומען אַהער, איז דערגאַנגען צו שפּאַרענישן מיט געוואַלדן און געשרייען.

דעם גרעסטן געפילדער אין מאַרק האָבן געמאַכט די „באָביקלעך" — אַ משפחה פון מאַרקשטייערס זינט יאָרן. זיי זענען געשטאַנען מיט זייערע לאַווקעס שניט־סחורה די ערשטע פון די רייען אויפן בעסטן פראָנט, לעבן וועג פון וואַנען ס׳קומען אַהער די מיינסטע דאָרפישע קונים. איז אָבער געווען אַ צרה, וואָס זיי האָבן קאָנקורירט צווישן זיך. האָט אַ באַבע גע־דונגען ביי איינעם עפּעס אַ שטיקל סחורה און נישט געקאָנט פאַרטיק ווערן מיטן פרייז, האָט אַ צווייטער פון אַ דערנעבנדיקער לאַווקע אַ ווונק געטאָן צו איר און באַלד איז זי אַוועק צו אים קויפן דאָס שטיקל סחורה. דער ערשטער האָט דאָס נישט געקאָנט דערליידן און אַ שלעפּ געטאָן די באַבע אויף צוריק, און ס׳איז געקומען צו אַ קריגעריי צווישן די דאָזיקע קרעמער.

רויִק און שטיל דאַקעגן איז געווען צווישן די טישלעך מיט צעלניק אין דער צווייטער זייט מאַרק. זייער סחורה איז באַשטאַנען בלויז פון „קליייניקייטן": נאָדל־פאָדעם, שפּילקעס צו די האָר, זייף צום וואַשן וועש, פאַסטע צו די שיך, זאָקן פאַרן דאָרפישן געברויך און נאָך אַזעלכע סחורות פאַר קליין געלט, ביי וועלכע ס׳איז נישט געווען זיך וואָס צו דינגען. אַחוץ דעם זענען די אייגנטימער פון די טישלעך מערסטנס געווען עלטערע

ווייבער, וועמענס מענער עס האָבן געהאַט אַן אַנדער צושפּרינג צו דער פּרנסה: אַ דרדקי־מלמד, אַ שמש פון אַ מקום־קודש, אַ שדכן אָדער אַ מעקלער אויף דער גרויסער טאַרגאָוויצע, אָדער גאָר אַ גייער איבער דער מדינה, ווו ער האָט געזאַמלט געלט פאַר הכנסת כלה און ווען ער איז געקומען אַהיים אויף שבת און יום־טוב, האָט קיינער אַפילו נישט געוווסט אַז ער האָט אַ שטיק צייט געפעלט אין שטעטל...

געשטאַרקט דאָס געוויש אין מאַרק האָבן די פאַרשידענע „אויסרופערס״ מיט זייערע „מציאות״ צום פאַרקויפן. זיי זענען מיינסטנס געווען פון דער פרעמד און מיט שפּאַסיק־קונציקע רייד האָבן זיי צוגעצויגן אַרום זיך רעדלעך מיט קינדער און באַבעס. איבערהויפּט האָבן דאָס געטאָן די קאַטאַרינקעס מיט זייער גרילצנדיקער מוזיק, אַרום וועלכע עס האָבן זיך געזאַמלט דאָרפישע שקצים מיט שיקסעס ביים קויפן די „לאָסן״, וואָס גרינע פאַפּוגעס האָבן מיט זייערע קרומע שנאָבלען אַרויסגעצויגן פון דעם גע־היימען גורל־קעסטעלע. זיי האָבן געלייענט די פאַרשידענע גורלדיקע אויפ־שריפטן און פרעך געלאַכט מיט רוישיקע קולות.

אַ געוויש האָט זיך אויך געטראָגן פון די ייִדישע ביר־שענקן אין מאַרק, ווו פּויערים און באַבעס האָבן געטרונקען וואָדקע, געזונגען לידער מיט שיכורע קולות און אַ סך מאָל געקריגט זיך איינער מיטן צווייטן ביז ס׳איז געקומען צו אַ געשלעג, מיט וועלכן מ׳איז אַרויס צום מאַרק.

געווישט האָט דער יאַריד אין שטעטל מיט טראַסק און געפּילדער, מוקעריי און הירזשען פון בהמות און פערד, מיט קוויטשעריי פון חזירים, מיט געשרייען פון כלערליי עופות וואָס מ׳האָט פאַרקויפט אין מאַרק און אין די געסלעך אַרום. געפּילדערט האָבן פּויערים און פּויערטעס, וועלכע האָבן געדונגען זיך וועגן פּרייז ביים איינקויפן זייערע געברויכן אין די געשעפטן, קראָמען און סטראַגאַנעס אויפן מאַרק, פון וועלכן ייִדן האָבן געצויגן חיונה און געהאַט צו צאָלן זייערע חובות און וועקסלען.

דאָס אַלץ — אויב גאָט האָט געהאָלפן מיט רויִקע צייטן, מיט שיינע וועטערן צום יאַריד, אויב אַלץ האָט זיך געפירט נאָרמאַל, אָן אַ מכשול.

האָט זיך אָבער, חס וחלילה, אַריינגעמישט דער שׂטן מיט שלעכטע וועטערן, רעגנס זומערצייט אָדער שניי־זאַווערוכעס ווינטערצייט, וואָס

פאַרשיטן די וועגן אַרום די דערפער מיט שניי, נישט אַריין און נישט אַרויס, אָדער גאָר, ווי אין די לעצטע צייטן, מיט אַנטיסעמיטישער אַגי־טאַציע פון „סוואָי דאָ סוועגאָ״, נישט צו קויפן ביי די ייִדן, מיט פּיקעטן איבער די וועגן נישט צו לאָזן פאָרן די פּויערים אין שטאָט אַריין מיט זייערע פּראָדוקטן, נאָר פאַרקויפן דאָס צו גויִישע „קאָלקעס״ און צו קויפן זייער געברויך ביי די גויִישע „אָוושעם״־געשעפטן — איז געוואָרן אויס יאַריד, אויס לייזונג ביי די מעליצער ייִדן, נישט מער געוועזן פון וואַנען צו צאָלן די חובות, די אונטערגעשריבענע וועקסלען פאַר דער געקויפטער סחורה אין טאַרנע, קראָקע און ריישע. באַנקראָטן האָבן זיך געמערט צווישן די ייִדישע סוחרים און קרעמער, און מען האָט נאָר געהערט: ווו זאָל מען נעמען צו צאָלן די חובות? כאָטש שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט, שפּרינג איבערן דאַך! ביז ס׳זענען געקומען אַהער די „באַגלוויביקע״, מ׳האָט גע־מאַכט אַ פאַרגלייך אויף פופציק פּראָצענט מיט אַ פּראָלאָנגאַציע אויף שפּעטער, צו צאָלן ווען גאָט וועט ווידער העלפן מיט בעסערע צייטן.

# ייִדישקייט אין שטעטל

צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין מעליץ זינט נאָך דער מלחמה, מיט דער אַנטשטייונג פון דער פּוילישער מדינה און די פּאָגראָמען אויף ייִדן אין שטעטל, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַנט־וויקלען דאָס גייסטיקע לעבן, וואָס איז צוליב די מלחמות געווען אין אַ גאָר שווערן מצב. ווי נאָר די קהילה האָט זיך ווידער אַ מאָל אָרגאַניזירט צו אַ נאָרמאַלער טעטיקייט, האָט זי ס׳ערשטע געזאָרגט פאַר כשרות אין שטעטל, פאַר שוחטים, רבנים און אַנדערע כלי־קודש, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ייִדישקייט, דער עיקר פאַר דער תלמוד־תורה, וואָס האָט אַ צייט לאַנג געפּוסטעוועט. מען האָט אויסגעריכט דאָס הויז לעבן שולפלאַץ, געבריענגט מלמדים און ווידער האָט זיך געהערט דער קול־תורה.

שווערער איז דאָס געווען מיט דער מקווה טהרה. זי איז געוואָרן פאַרנאַכלעסיקט אין די מלחמה־צייטן. אַ שלעכטער ריח האָט זיך געטראָגן פון דאָרט און דאָס האָט געשטערט אין טהרת המשפחה. פאַר חסידישע ייִדן, וועלכע האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר ייִדישקייט, איז דער שלעכ־טער ריח נישט געווען קיין שטער צו טובלען זיך יעדן טאָג פאַרן דאַווענען. פאַרקערט גאָר, געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז גאָר אַ גוטע זאַך, ווייל אַ גאַנצן טאָג נאָך דער טבילה שפּירן זיי אויף זיך די מצווה... אויך די נשים צדקניות האָט דאָס נישט פיל געאַרט — פאַר אַ מצווה־זאַך טאָר מען נישט קוקן — אַ גוטער ריח, צי אַ שלעכטער ריח, אַבי די קומענדיקע דורות זאָלן זיין כשרע ייִדן. ערגער איז אָבער געווען מיט די פרויען, וואָס נאָך דער מלחמה האָט זייער פרומקייט אונטערגע־הונקען — זיי האָבן שוין געהאַט אַנדערע געדאַנקען וועגן דעם אַלעם און דער ענין טהרת המשפחה איז ביי זיי נישט געווען אַזאַ ברענענדיקע זאַך. איז אויב דאָס טובלען זיך אין דער מקווה איז פאַרבונדן מיט אַ שלעכטן ריח, האָבן זיי דאָס אויסגעמיטן.

ניסן נוסבוים, דער זייל פון ייִדישקייט אין שטעטל, און נאָך מער

ר׳ מענדעלע, דער מעליצער רב, האָבן אַלץ געטאָן צו פֿאַרטרייבן דעם שלעכטן ריח פון דער מקווה: מען האָט אויסגעשעפּט דאָס פֿאַרעיפּושטע וואַסער און געכשרט מיט פריש וואַסער, אָבער ווידער האָט זיך געיאַוועט דער שלעכטער ריח. מען האָט דאָס געטאָן עטלעכע מאָל, און ווידער דאָס זעלבע. האָט ניסן נוסבוים פֿאַראָרדנט איבערצובויען די מקווה פון צעמענט אויף פּענצאַקעס, שפּעטער, לויטן מעליצער רבס עצות — אויף פּידל־האָלץ, אַזוי ווי אַ מאָל ביי זיין הייליקן זיידן אין ראָפּטשיץ, אָבער דער שד פון שלעכטע ריחות איז נישט אָפּגעטראָטן. און נאָך ערגער, בשכנות פון באָד האָט געוווינט אָלשאָווסקי, אַ גוייִשער טישלער, וואָס איז געווען אַ רשע־מרושע און יעדעס מאָל איז ער געלאָפן מיט מסירות צום סטאַראָסטווע אין שטעטל, בכן פון דער „זשידאָווסקער לאַזשניע״ טראָגט זיך אַ „סמרוד״ נישט אויסצוהאַלטן. אַזוי לאַנג ביז ס׳איז געקומען דער שטאָטישער פיזיק מיט נאָך עטלעכע באַאַמטע ווי אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע, וואָס האָט פעסט־געשטעלט, אַז דער „סמרוד״ קאָן גורם זיין אַ טיפוס אין שטעטל און פאַרפּלאָמבירט די טירן פון באָד — נישט אַריינצוגיין.

פרומע ייִדן, וואָס האָבן געוואָלט זיך טובלען אין דער מקווה פאַרן דאַווענען, האָבן געפונען אַן עצה: אויפגעבראָכן אַ פענצטער אין באָד אין דער צווייטער זייט צום הינטערשטן פּלאַץ און בגניבה אַריין אין דער מקווה זיך טובלען. פאַר נשים אָבער איז דאָס נישט קיין לייזונג. האָט די קהילה געדונגען פערד־און־וואָגן און טאָג־טעגלעך געפירט די ווייבער, וועלכע האָבן גענייטיקט זיך דעריך, צו די נאָענטע שטעטלעך מיט אַ כשרער מקווה. די מער פאַרמעגלעכע, וואָס האָבן זיך געקאָנט דערלויבן, זענען געפאָרן מיט דער באַן אין די גרעסערע שטעטלעך מיט בעסערע באַדינגונגען זיך צו טובלען. ערגער אָבער איז געווען מיט די נשים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט מיטמאַכן דעם דאָזיקן שטראַפּאַץ און אויסגעלאַכט זיך דערפון.

געזען, אַז דאָס שטעטל זינקט אַלץ טיפער אין האַרבע עבירות, האָט קהל באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו דער צענטראַלע פון אַמעריקאַנער דזשאָינט אין קראָקע. גענומען אויף זיך די מיסיע האָט נפתלי דריליך, דער זון פון ר׳ דודל שוחט, וואָס האָט געהערט צו די קהילה־לייט און אויסגעצייכנט זיך מיט עסקנות און פילאַנטראָפּיע. הגם ער האָט נישט געהערט צו די

חסידים אין שטעטל, אָבער געדאַנוונט האָט ער אין חסידישן בית־מדרש און געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר ייִדישקייט־ענינים. אויסצונוצן פּראָטעקציע האָט ער מיטגענומען די פּרוי פון ייִדישן וועטערינאַר טייטעלבוים, וועלכער איז געווען אַ פּאָרגעשריטענער, אָבער זי איז געווען ווי אויבן דערמאָנט, אַ שוועסטער פון דעם ראַבינער אין קראָקע, ד״ר טהאָן, וועלכער האָט געהאַט צו זאָגן וועגן רעליגיעזע ענינים אין דער צענטראַלע פון דזשאָינט.

זעט אויס, אַז די פּראָטעקציע פון דער פרוי טייטעלבוים האָט געווירקט, ווייל גלייך נאָך דעם האָט דער אַמעריקאַנער דזשאָינט געשיקט אַן אינזשעניער, געמאָסטן די באָד פון אַלע זייטן, געלאָזט גראָבן אויפן פּלאַץ הינטער דער באָד ברייטע און טיפע ברונעמער, ס׳זאָל נישט פעלן קיין וואַסער, איינגעאָרדנט אַן אינסטאַלאַציע פון וואַסער־רערן, וואָס מעליץ האָט נאָך אַזעלכעס נישט געזען, און דריי גרויסע מקוות מיט ווייסע קאַפּלעס, וואָס עס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַזאַ שטעטל ווי מעליץ — מיט ווייסע עמאַלירטע וואַנעס און ספּעציעלע קאַבינעס. צום סוף האָט מען צוגעבויט אַ פליגל צו דער פּריִערדיקער געביידע, אַריינגעשטעלט אַ גרויסן דאַמפּקעסל צו טרייבן דאָס וואַסער פון די טיפע ברונעמער אַרויף צו די ברייטע אַייזערנע רעזערוואוּאַרן אויף הויכע צעמענט־סלופּעס הינטערן דאַך פון באָד, פאַר הייס און קאַלט וואַסער, וואָס די אינסטאַלירטע אייזערנע רערן האָבן געפירט צו אַלע ווינקעלעך ווו נאָר מען האָט געדאַרפט. דערצו נאָך איז געפירט געוואָרן אַן אייזערן רערל פון דאַמפּקעסל אַרויס איבערן דאַך, און יעדן פרייטיק נאָך מיטאָג, ווען די שוויץ איז גרייט געווען פאַר די מעליצער ייִדן, האָט דער בעדער אַ דריי געטאָן ביי אַ מעשענעם ווענטיל. אַ שאַרפער פייף האָט זיך דערהערט איבערן שטעטל און ייִדן זענען געקומען אַהער מיט בעזעמלעך און מיט פריש־געוואַשענע וועש אונטערן אָרעם איבער־צוטון עס לכבוד שבת.

נאָכן איינאָרדענען אַזאַ פּרעכטיקע סאַניטאַרע אינסטאַלאַציע מיט כשרע מקוות, וואָס אַפילו דער קייסער וואָלט זיך דעריִן געקאָנט טובלען, האָט ניסן נוסבוים, וועלכער איז אויך געווען גבאי פון משניות־שטיבל אין פּאָליש פון שול, צונויפגענומען די „שיינע־ייִדן״ פון שטעטל, וועלכע האָבן געפלאַמט מיט ייִדישקייט און אָנגעשריבן קול־קוראס וועגן דער הייליקער

מצווה פון טהרת המשפחה, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן ווי דעם שוואַרצאַפּל פון אויג, צעקלעפּט דאָס איבער די טירן פון דער שול, בתי־מדרשים און אַנדערע ערטער, ווו ייִדן קומען זיך צונויף. אַחוץ דעם איז אויך צונויפּ־געשטעלט געוואָרן אַ „ליסטע" פון אַלע יונגע פּאָרלעך אין שטעטל, פרומע און אויך די, וואָס זענען נישט אַזוי פרום, וואָס וואָלטן זיך גערן „דורכ־געשוואַרצט" פון דעם גרויסן פאַרגעניגן יעדן חודש צו באַזוכן די שוין אויסגעפּאַרטיקטע קאַפּלאָווע מקווה און געטאָן דאָס בלויז צוליב אויסמיידן „מענטשלעכע מיילער" און די „נשים צדקניות", וועלכע האָבן געהאַלטן „חשבון" אַפילו פון די מאָדערנע יונגע פרויען אין שטעטל...

די צונויפגעשטעלטע „ליסטע" איז איבערגעגעבן געוואָרן צו רייזל נעכעס די „טיקערן", זי זאָל פירן אַ רעגיסטער ווער עס קומט יאָ צו טבילה און ווער נישט און וועגן אַלץ יעדן ראש־חודש איבערגעבן אין די הענט פון דער רביצין, וואָס געווען די הויפּט פון די „נשים צדקניות".

נאָך אַ פרומע זאַך איז דעמאָלט איינגעפירט געוואָרן דורך ניסן נוסבוים מיט זיינע „שיינע־ייִדן" אין משניות־שטיבל: שיקן ווייבערישע קאָנטראָלעס אין די שטיבן צו זען אויב די בעטן דאָרט שטייען נישט, חלילה, האַרט איינס ביים צווייטן, ווייל דאָס איז אַ גאָר גרויסע עבירה. מ'האָט געטאָן וואָס נאָר מעגלעך משפיע צו זיין אויף די יונגע פּאָרלעך צו שטעלן אַ שענקעלע אין צווישן, אָדער אַ בענקל, פאַר מחיצה. די אַלע זאַכן און פרומע תקנות פון משניות־שטיבל זענען ביי פרומע פּאָרלעך געווען זעלב־פאַרשטענדלעך, אָבער ביי די נישט־פרומע האָבן זיי אויסגעקוקט ווי אַ חוזק און געגעבן פאַר די מעליצער לצנים מאַטעריאַל אָפּצושפּעטן און האַלטן זיך ביי די זייטן פון געלעכטער.

פאַרטיק געוואָרן מיט די ענינים פון טהרת־המשפחה, האָט ניסן נוסבוים, וואָס האָט געדאַוונט אין חסידישן בית־מדרש, זיך אַרומגעזען, אַז די בחורימלעך, וועלכע קומען אַהין לערנען יעדן אינדערפרי פאַרן דאַווענען, פירן זיך נישט אַזוי ווי חסידישע בחורים פון אַ מאָל, פאַר דער מלחמה, וואָס פלעגן זיך פאַרטיפן מיט התמדה אין די שווערע סוגיות פון דער גמרא מיט די פּלפּולדיקע תוספות און „מהרש"א". זיי שאָקלען זיך נישט דערביי, ווי דאָס האָבן אַ מאָל געטאָן די אַמאָליקע חסידישע בחורים און

ייִנגלעך ביים לערנען, נאָר זייער לערנען איז אַזוי ווי אַבי יוצא צו זיין. האָט ער אויסגעקליבן פון צווישן די בחורימלעך די פעיִקסטע און געלערנט מיט זיי יעדן אינדערפרי אַ שיעור גמרא מיט תוספות און אַלע מפורשים, און פון צייט צו צייט געזאָגט מוסר זיי מדריך צו זיין, ווי אַזוי חסידישע בחורים דאַרפן זיך פירן אין פרומקייט און יראת־שמים.

האָבן די בחורימלעך יעדן אינדערפרי געלערנט מיט התמדה דעם שיעור גמרא מיט תוספות ביי ניסן נוסבוים, אויסגעהערט זיינע פרומע מוסר־רייד, און אָוונטצייט, נאָך מנחה־מעריב, האָבן זיך טייל פון זיי בגניבה אַריינ־געכאַפּט אין ציוניסטישן פאַראיין לייענען אַ זשורנאַל אָדער אַ בוך פון ביליאָטעק.

וואָלט דאָס אַלץ אַזוי זיך געפירט ווייטער, האָט זיך אָבער אַריינגע־מישט דער שׂטן אין געשטאַלט פון חיימל ראָטוואַקס, דעם רעשטל־סוחר, וועלכער האָט געברענט מיט ייִדישקייט אָן אַ גרענעץ. קומענדיק אַ מאָל אין דער פרי אין באָד אַריין טובלען זיך פאַרן דאַווענען, האָט ער פּלוצלונג געהערט אַ שמועס פון די אַנדערע ייִדן, בכן, אַז ניסן נוסבוימס תלמידים גייען אין ציוניסטישן פאַראיין און לייענען אַפּיקורסישע ביכער. האָט ער דאָס נישט געקאָנט אויסהאַלטן און מיט אויפגעקאָכטן צאָרן איז ער געלאָפן גלייך צום בית־מדרש דאָ נישט ווייט, ווו ניסן נוסבוים האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים.

אַריינגעקומען אַהין מיט אימפּעט, האָט ער געמאַכט אַ געוואַלד:

— ס׳ברענט אַ פייער; ייִדן, אַ שׂריפה אין שטעטל!

די ייִדן האָבן מיט שרעק איבערגעפרעגט:

— ר׳ חיימל, ווו ברענט דאָס אַזוי?

ער האָט אָנגעוויזן אויף די בחורימלעך, וואָס זענען געזעסן ביים לערנען דעם שיעור ביי ניסן נוסבוים און געשריגן:

— אָט־אָ דאָ ברענט! ס׳ייִדישקייט ברענט! זיי גייען אין „פאַריים" און לייענען אַפּיקורסישע ביכער! שקצים, פושעים! אַרויס פון הייליקן בית־מדרש!

ניסן נוסבוים האָט מיט ציטערדיקע הענט פאַרמאַכט די גמרא און עטלעכע פון די בחורימלעך זענען אַרויס פון בית־מדרש און מער זיך נישט

אומגעקערט, נאָר עפּנטלעך געוואָרן ציוניסטן און שפּעטער — די אָנפירער פון די פאַראייניגן, געלערנט מיט דער יוגנט עברית און געהאַלטן פאַר־לעזונגען וועגן יידישע געשיכטע, ציוניזם און אַלע אַנדערע ענינים, פאַר־בונדענע מיט דער נאַציאָנאַלער אויפבוי־באַוועגונג.

פאַר ניסן נוסבוים איז דאָס נישט געווען דער איינציקער מאָראַלישער קלאַפּ. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט ער זיך דערוווסט, אַז זיינע דריי טעכטער זענען צווישן די וויכטיקע אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מעליץ — און צום סוף זענען זיי געפאָרן קיין ארץ־ישראל.

# ציוניסטישע טעטיקייט

ציוניסטן אין מעליץ זענען געווען שוין אין דער צייט פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָבער נאָר אין אַ גאָר ענגן קרייז, כדי נישט אויפ־צורייצן די חסידישע ייִדן פון שטעטל, פאַר וועמען דאָס וואָרט „ציוניזם" איז געווען פאַרבונדן מיט אַפּיקורסות.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס צו ערשט מיט משה אַשיים, סענדער סטעמפּ־לער, יצחק גערטנער און נאָך עטלעכע יונגע־לייט, וועלכע זענען געווען געכאַפּט אין סימפּאַטיע פאַר דער ביל"ו־באַוועגונג און בסוד סודות האָבן זיי געשיקט משה אַשיים צו דער קאָנפערענץ פון ביל"ו אין דער עסטרייי־כישער הויפּטשטאָט ווין.

שפּעטער איז געקומען קיין מעליץ אַלטער בלאַטבערגס איידעם יודל קאָהן, וואָס האָט געשטאַמט פון לעמבערג. יודל קאָהן איז געווען אַ תלמיד־חכם און אָנגעזאַפּט מיט דער השכלה אינעם נוסח פון יצחק ערטער, נחמן קראָכמאַל און אַנדערע. קומענדיק דאָ אין דער טשאָרטקאָווער קלויז דאַ־ווענען, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די אויבן דערמאַנטע ביל"ו־יונגע־לייט, אָנגעהויבן מיט זיי צוזאַמען אינטערעסירן זיך מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

אויסערלעך האָבן די דאָזיקע יונגע־לייט זיך מיט גאָרנישט אונטער־געשיידט פון אַלע מעליצער חסידישע ייִדן — געטראָגן באָרד־און־פּיאות, אַ לאַנגן ייִדישן לבוש אין די וואָכנטעג און שבת אַ זיידענע בעקעשע מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ. אין מהות אָבער איז געווען אַנדערש. זיי האָבן געלייענט די „הצפירה", אַריינגעקוקט אין תנ"כל מיטן באור פון משה מענדעלזאָן און יודל קאָהן פלעגט פאַר זיי רעפערירן וועגן די פילאָזאָפישע געדאַנקען פון רמב"מס „מורה נבוכים", וועגן קאַנט און אַנדערע פילאָזאָפן, פון וועלכע מען האָט ביז דעמאָלט אין מעליץ נישט געהערט.

אַן עפנטלעכער ציוניסטישער פאַראיין אין מעליץ, אָבער אין אַן ענגן קרייז, האָט זיך ערשט געשאַפן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָך דעם ווי

ר׳ שמעון דיינס זון, משה מאיר לאַנגזאַם, איז מיט גרויס בושה פאַרטריבן געוואָרן פון חסידישן בית־מדרש, ווו ער פלעגט לערנען זיין שיעור גמרא מיט תוספות.

געווען איז ר׳ שמעון דיין צווישן די „שיינע"־ייִדן אין שטעטל, אַ גרויסער למדן און מחבר פון אַ ספר שאלות ותשובות וועגן הלכה און פּסקי־דין־תורה, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג צווישן די לומדים אין דער גאַנצער וועלט. ער האָט געהאָפט, אַז זיין זון משה מאיר וועט גיין אין זיינע וועגן. איז ער אָבער פלוצלונג אין אַ שבת פרי פאַרן דאַווענען, ווען ער איז געקומען אין בית־מדרש צום לערנען, באַפאַלן געוואָרן פון חסידישע ייִדן דאָ מיט געשרייען: „אַפּיקורס! פּושע־ישראל! אַרויס פון בית־מדרש"! ער האָט זיך שנעל אַרויסגעשאַרט פון דאָרט און מער זיך נישט אומגעקערט.

זיין חטא איז געווען, וואָס צוזאַמען מיט שמחה פרידמאַנס זון און נאָך עטלעכע בחורימלעך, האָבן זיי געלייענט די „הצפירה" און געכאַפּט געווען אין ציוניזם.

נאָך דעם סקאַנדאַל אין חסידישן בית־מדרש, האָבן משה מאיר און מיכאל פרידמאַן, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געטראָגן דעם חסידישן לבוש, געטראָפן זיך מיט שמעון לענדער, פסח סטעמפּלער און נאָך עטלעכע בחורימלעך, וועלכע האָבן שוין געטראָגן אַ האַלב־„דייטשמערישן" לבוש, און געשאַפן צוזאַמען אַ ציוניסטישן פאַראיין, וועמענס טעטיקייט איז באַשטאַנען אין לערנען עברית, לייענען ציוניסטישע צייטונגען און שטודירן די ארץ־ישראלדיקע מאַפּע, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער ציוניסטישער צענטראַלע אין ווין.

לאַנג אָבער האָט דאָס נישט געדויערט. געקומען איז די ערשטע וועלט־מלחמה מיטן אַנטלויפן פון אַ גרויסער צאָל מעליצער ייִדן פאַר די אָנקומענדיקע רוסישע קאָזאַקן צו די ווייטערע געביטן פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער אימפּעריע. צווישן זיי זענען געווען אויך די אַלע מיטגליעדער פון דעם „פאַראיין". שפּעטער צעפאָרן זיי זיך פון עסטרייך אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע, און מיט דעם פאַרענדיקט זיך דאָס ערשטע קאַפּיטל פון די מעליצער ציוניסטן.

פאַרענדיקט זיך די מלחמה מיט אַלע שפּעטערדיקע צרות, האָט אין מעליץ זיך אָנגעהויבן אַ נייַ קאַפּיטל פון אַ ציוניסטישער באַוועגונג, און דאָס מאָל מיט אַ ברייטערן פאַרנעם, אָן צו ווערן געשטערט פון די חסידים אין מעליץ, וועלכע זענען אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוליב דעם אַנטלויפן פון אַ גרויסן טייל מעליצער ייִדן אין די שטעט פון עסטרייך, ווו דאָס לעבן איז געווען מאָדערן, פּאָגעשריטן און געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויף די פרומע מעליצער ייִדן, בעיקר אויף דער יוגנט. אַחוץ דעם האָט אַ גרויסע ענדערונג צום חסידישן שטייגער לעבן געבראַכט אויך דאָס דינען אין עסטרייכישן מיליטער בעת דער מלחמה. יוגנט־לייט, וועלכע זענען אַ מאָל געזעסן און געלערנט אין חסידישן בית־מדרש, האָבן זיך שפּעטער נישט אומגעקערט דערצו, נאָר געזוכט פרישע וועגן אין לעבן. באַגייסטערט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע פאַרן סוף פון דער מלחמה, און איבערהויפּט נאָך די אַנטיסעמיטישע פּאָגראָמען אויף ייִדן, האָבן אַ סך פון זיי, ווי נאָר עס האָט זיך געעפנט דער ציוניסטישער פאַראיין, אָנגעשלאָסן זיך אין אים פאַר מיטגלידער, קודם־כל די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן באַגערט צו פאָרן בויען די ייִדישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל.

פון די ערשטע, וואָס האָבן געשאַפן דעם פאַראיין אין מעליץ נאָך דער מלחמה איז געווען ישראל וואָלף שער, אַ פעיִקער יונגער־מאַן, וועלכער האָט נאָכן אַנטלויפן בעת דער מלחמה קיין ווין, אָנגעשלאָסן זיך דאָרט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אויסגעלערנט זיך העברעיִש, געוואָרן זייער אַקטיוו און געהאָלפן דאָרט שאַפן פאַרשידענע קעמערלעך פון ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, בעיקר פאַר יוגנטלעכע.

אומגעקערט זיך אַהיים קיין מעליץ נאָך דער מלחמה, האָט ער תיכף זיך גענומען אָרגאַניזירן דעם ציוניסטישן פאַראיין, געלערנט מיט דער יוגנט העברעיִש, ציוניסטישע לידער. די „התקווה" איז גיך אויפגעכאַפּט געוואָרן פון דער יוגנט און געזונגען געוואָרן ביי יעדער געלעגנהייט.

אַחוץ דעם האָט ער אין דעם ציוניסטישן פאַריין געשאַפן קבוצות מיט פאַרשידענע נעמען, ווי „ניצנים", „בר־כוכבא", „מחנה ישראל" און נאָך אַנדערע, אויסגעקליבן פון זיי די פעיִקסטע מענטשן, צוגעגרייט זיי צו האַלטן שמועסן אין זייערע קבוצות וועגן פאַרשידענע ציוניסטישע ענינים.

מיט דער צייט איז ישראל וואָלף שעער אַוועק פון מעליץ און איבער־געלאָזט די אָנפירערשאַפט פון ציוניסטישן פאַראיין פאַר אַנדערע מעליצער יונגע־לייט און מיידלעך, צווישן זיי אויך די דריי טעכטער פון ניסן נוסבוים. ווען יענע זענען מיט דער צייט אַוועק קיין ארץ־ישראל, זענען געקומען פרישע אָרגאַניזאַטאָרן, צווישן זיי מאָטל פרידמאַן און זיינע חברים, וועלכע האָבן פריִער געלערנט אין חסידישן בית־מדרש און „אָפּגעזענקט" געוואָרן פון ציוניזם. אין ציוניסטישן פאַראיין איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ביבליאָ־טעק, וווּ עס האָבן זיך געפונען זשורנאַלן און ביכער, וואָס יעדער חבר פון פאַראיין האָט געקאָנט נעמען אַהיים. עס זענען פאָרגעקומען רעפעראַטן וועגן פאַרשידענע ענינים, בעיקר וועגן ציוניזם און דעם אויפבוי פון אַ נאַציאָנאַלער היים, מ'האָט געזונגען ציוניסטישע לידער און געטאַנצט די „הורע". די אַלע טעטיקייטן האָבן געהאַט אַ גאָר פּאָזיטיווע ווירקונג אויף דער מעליצער יוגנט, געהויבן זייער קולטורעלן פּראָפיל און פּאַשפּרייט דעם ציוניזם, וואָס איז אַלץ מער אַריינגעדרונגען אין די יידישע הייזער, נישט אויסמיידנדיק אַפילו די פרומסטע שטובן, ווו ציוניזם איז געווען אַ פסולע זאַך.

געזען, וואָס עס קומט פאָר אין שטעטל מיט דער יוגנט פון די פרומע הייזער, האָבן די חסידישע יידן, וועלכע האָבן זיך געשטאַרקט אונטער דער השפעה פון די רביים פון בעלז, באָבעוו, קאָלעשיץ און אַנ־דערע — צונויפגענומען זיך אין משניות־שטיבל און באַשלאָסן עפּעס צו טאָן צוריקצוהאַלטן אין שטעטל די ציוניסטישע מגיפה, און דאָס ערשטע — מציל צו זיין די יידישע קינדער פון די פרומע שטובן. צו דעם צוועק האָט מען געשיקט „אויסשפּירער", וועלכע האָבן, נישט באַמעקרט צו ווערן, געדרייט זיך אַרום דעם „פאַראיין" און געפּאָרשט ווער פון די פרומע שטובן עס קומט אַהער. דערזען אַזעלכן, האָבן זיי תיכף דאָס מודיע געווען צו זייערע פרומע עלטערן און גורם געווען קריגערייען און סקאַנדאַלן צווישן עלטערן און קינדער.

דער הויפּט־„שפּיאָן" צו אָבסערווירן דעם ציוניסטישן פאַראיין און זען ווער פון די פרומע שטובן עס קומט אַהין, איז געווען יאָשע טיפּענבורן, אַ דערוואַקסענער בחור, וואָס לערנען גמרא האָט ער נישט געקאָנט, אַפילו

נישט חומש מיט רש״י, דערפאַר אָבער איז ער געווען פרום אָן אַ גרענעץ, געזאָגט תהילים און שטאַרק געשאָקלט זיך ביים דאַווענען, איבערזאָגנדיק עטלעכע מאָל אַ וואָרט, כדי חלילה נישט צו פאַרפעלן קיין אות. דערצו האָט ער געהאַט אַ גאָר בייז האַרץ אויף די „צימיניסטן״ ווייל זיי האָבן אַריינגעצויגן זיין ברודערס טאָכטער מלכה טיפענברון און זי איז געוואָרן צווישן די אָנפירערס פון דעם „פאַריים״. דעריבער האָט ער געוואָלט נוקם זיין זיך אין זיי. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט בגניבה צווישן די הייזער בשכנות פון ציוניסטישן פאַראיין און פון דאַנען אָבסערווירט ווער עס קומט דאָ אַהער. דערוויסנדיק זיך דערפון, האָבן עטלעכע יינגלעך פונעם פאַראיין שטילערהייט צוגעשאַרט זיך צו אים, אַ כאַפּ געטאָן זיין חסידישן קאַפּעלוש פון קאָפּ און אַריין אין פאַראיין. ער האָט מיט די הענט פאַרדעקט זיין קאָפּ און אַזוי נאָכגעלאָפן זיי אין פאַראיין, כדי צו באַקומען צוריק זיין קאַפּעלוש. די יינגלעך האָבן מסכים געווען, מיטן באַדינג, אַז ס׳ערשטע, זאָל ער אַ קוש טאָן ס׳בילד פון דאָקטאָר הערצל אויף דער וואַנט, און צווייטנס, שווערן ביי גאָט, אַז מער וועט ער דאָ נישט אַהערקומען „שפּיאָנירן״. באין ברירה האָט ער דאָס געטאָן און מער דאָרט זיך נישט געוויזן.

טראָץ די אַלע קעגנערשאַפטן און שיקאַנעס מצד די חסידישע ייִדן און אויך פון די ציניקער, וועלכע האָבן אַפילו נישט געהערט צו די גאַנץ פרומע, אָבער געפונען אַ מעגלעכקייט צו שטערן און חוזקן פון יעדער איניציאַטיוו פון די מעליצער ציוניסטן, האָט זיך פאָרט די ציוניסטישע באַוועגונג אַלץ מער אַנטוויקלט, און לייביש סאַלפעטער, וואָס האָט אַ מאָל געלערנט אין תלמוד־תורה, שפּעטער אויך אין בית־מדרש און נאָך דער מלחמה אָנגעשלאָסן זיך אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מעליץ — האָט געהאָלפן מיט פּראָפּאַגאַנדע און פייערדיקע ציוניסטישע רעדעס אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך שאַפן ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. מיט אַ צייט שפּעטער ווען ער האָט געעפנט אַן אַפּטייק אין קראָקע, איז ער געוואָרן יושב־ראש פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין מערב־גאַליציע און שלעזיע און פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט אין דער היעראַרכיע פון צווישן די ציוניס־טישע טוערס אין פוילן.

מיט דער צייט האָט זיך ביים ציוניסטישן פאַראיין אין מעליץ געשאַפן

אַ חלוצישע באַוועגונג מיט הכשרה־פּונקטן פאַר עליה קיין ארץ־ישראל. צו ערשט איז דאָס געווען אַ סטאָלעריי, כדי אויסצולערנען די חלוצים די מלאכה, וואָס מ׳האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו דער בויונג אין ארץ־ישראל. צוליב פינאַנסיעלע שוועריקייטן איז דאָס געוואָרן איבערגעריסן און מען האָט געשיקט די חלוצים אויף הכשרה צו די ייִדישע לאַנדווירטן אין די אַרומיקע דערפער לערנען פעלדאַרבעט.

דער נאָענטסטער הכשרה־פּונקט איז געווען ביי שמעיה אייזיק, לעבן דער ציגעלניע אין וויסלעוו, ווו ער האָט געהאַט אַ דאָרפישע ווירטשאַפט. ער האָט אַריינגענומען די חלוצים צו אַרבעטן אין משך פון טאָג און אוונט־צייט זענען זיי געגאַנגען צו זיך אַהיים אין שטעטל. אויף דעם זעלבן סיסטעם האָט זיך אויך געפירט יאַנקל פאָדלישונער אין זיין דאָרף נישט ווייט פון מעליץ. אין דעם הכשרה־פּונקט פון ייִדישן הויף אין זגירסק, נישט ווייט פון שטעטל ראַדאָמישלע, איז געווען שוין אַנדערש — ס׳איז צו ווייט געווען שוין פון מעליץ צו קומען אַהין יעדע נאַכט, האָבן זיי דאָרט גענעכטיקט און געקומען אַהיים נאָר אויף שבת.

דער בעסטער הכשרה־פּונקט אָבער איז געווען אין הויף פון ווייקעוו, וואָס האָט געהערט צו לייזער פּינקאָס. ער איז געווען פון די פרומע ייִדן, אַ חסיד פון סטישטינער רבין אין טאָרנע, און געוווּסט יענעמס שאַרפע קעגנערשאַפט צום ציוניזם און דעם פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט אָבער, ווי אַ פּראַקטישער, פאַרשטענדלעכער מענטש, אָריענטירט זיך, אַז דעם רבינס שטעלונג האָט אַ שייכות צו זיינע אייגענע פּריוואַטע אינטערעסן, ווייל אויב אַלע וועלן אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל, וועט דאָך נישט בלייבן ווער עס זאָל אים געבן אַ קוויטל מיט אַ פּדיון און ער וועט אויך נישט האָבן דעם כבוד פון „ברוב עם הדרת מלך״. אַחוץ דעם האָט לייזער פּינקאָס ביי זיך געטראַכט: וואָס האָט יראת שמים צו טאָן מיט אויפבוי פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר ייִדן אין ארץ־ישראל? אַזוי אַרום איז זיין באַציִונג צו די חלוצים פון מעליץ געווען זייער פּאָזיטיוו און פריינדלעך. ער האָט באַפוילן זיין ייִדישן „זשאָנדצע״, ער זאָל זיי לערנען די אַרבעט אין פעלד, ווי אַזוי אומצוגיין זיך מיט בהמות אין שטאַל, ווי אַזוי מען פלאַנצטביימער אין גאָרטן און אַלץ, וואָס חלוצים דאַרפן וויסן.

שבת האָט ער זיי פאַרבעטן צו זיין טיש און געזונגען צוזאַמען מיט זיי די זמירות פון שבת. נאָכן בענטשן האָט ער זיי דערלויבט זינגען די חלוצישע לידער. ווען די חלוצים האָבן פאַר אים געשילדערט, ווי אַזוי עס זעט אויס אין מעליץ דאָס אַוועקפאָרן פון די חלוצים קיין ארץ־ישראל, ווי אַזוי עס קומען זיך צונויף אַ גרויסער טייל פון דער ציוניסטישער יוגנט צו דער באַנסטאַציע און זיי באַגלייטן די עולים מיט געזאַנג און מיט אַ „הוירא״, האָט לייזער פינקאַס ביי זיי געבעטן, אַז ווען עס וועט קומען זייער ריי צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, זאָלן זיי אים וועגן דעם מודיע זיין, וועט ער ספּעציעל קומען מיט זיין הויפישער קאָטש צו דער באַנסטאַציע אין מעליץ, כדי צו זען די דאָזיקע ייִדישע שׂמחה.

אַחוץ דעם ציוניסטישן פאַראיין מיט אַלע אירע קולטור־טעטיקייטן און חלוצישע הכשרות, זענען אין מעליץ געווען נאָך אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, סיי פון רעכטס און סיי פון לינקס. צום רעכטן ציוניסטישן פליגל האָט זיך גערעכנט דער טרומפּעלדאָר־פאַראיין מיט דער רעוויזיאָ־ניסטישער אידעאָלאָגיע פון זאב זשאַבאָטינסקי, און צום לינקן פליגל — די „גורדוניה״. אָבער סיי צו די „רעכטע״ און סיי צו די „לינקע״ האָבן געהערט ייִנגלעך און מיידלעך פון בעלי־ביתישע היימען, ווייל קיין ייִדישער יפּראָלעטאַריאַט איז אין מעליץ נישט געווען. אויב עס זענען געווען לערן־ייִנגלעך ביי שניידערס און שוסטערס, אָנגעשטעלטע אין געשעפטן אָדער אין קליינע וואַרשטאַטן, האָבן זיי זיך ווייניק אָנגעזען אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטעטל. אַפילו די עטלעכע מאַרקסיסטיש־באַוווסטזיניקע ייִנגלעך, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרשפּרייטן אין מעליץ זייער קאָמוניסטישע תורה, זענען אויך געקומען פון רעליגיעזע בעלי־ביתישע היימען. ווען די פּאָליציי האָט זיי אַרעסטירט, האָבן זייערע טאַטעס איבער־צייגט דעם היגן סטאַראָסטע, אַז ס׳קאָן גאָר נישט מעגלעך זיין אין זייערע שטובן זאָל וואַקסן אַ קאָמוניסטישער געוויקס. ווען מ׳האָט זיי באַפרייט נאָך עטלעכע וואָכן פון אַרעסט זענען זיי פאַר חרפּה אַוועק פון מעליץ אויף אַ געוויסער צייט און די גאַנצע זאַך איז פאַרגעסן געוואָרן.

# אויספלוג פון „השומר"

צו די ערשטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געהערט דער „השומר", וועמענס מיטגלידער עס האָבן געחלומט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן געמאַכט „מושטרע", מיליטערישע איבונגען, און געטראָגן מונדירן פון סקויטן מיט אַ בלוי־ווייסער קאָקאַרדע איבער די אַקסלען, מיט אַ מגן־דוד אויפן ברוסט, און דערצו אַ לאַנגן שטעקן אַנשטאָט אַ ביקס.

באַוויזן האָבן זיי זיך אין די דאָזיקע מונדירן אין גאַס דאָס ערשטע מאָל כ׳ תמוז צו דער יאָרצייט פון דאָקטאָר הערצל. זיי האָבן מאַרשירט אין אַ מיליטערישער אָרדענונג מיט די שטעקנס איבער די אַקסלען צו דער שול, ווו אָוונטצייט איז געמאַכט געוואָרן אַן אַזכרה, געשטעלט זיך אויפן שולפלאַץ אין אַ ריי און עטלעכע פאַר זיי ביים אַריינגאַנג פון שול פאַר אַן ערנוואַך.

געזען די דאָזיקע יוגנטלעכע אין זייערע מונדירן און שטעקנס איבער די אַקסלען, מיט די בלוי־ווייסע קאָקאַרדעס און די גרויסע מגן־דודס אויפן ברוסט, איז דער צונויפגעקומענער עולם צו דער אַזכרה און אויך די, וועלכע זענען געקומען צום דאַווענען מנחה־מעריב צו די בתי־מדרשים אַרום, געוואָרן באַגייסטערט: „ייִדיש מיליטער גאָר? משיחס צייטן"! ווייבער האָבן זיך געווישט די אויגן: „הלוואי, גאָטעניו, אין אונדזערע צייטן"!

געזען דעם דאָזיקן סוקצעס, האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן באַשלאָסן צו גרינדן נאָך אַזעלכענע שומר־אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע שטעטלעך, נישט ווייט פון מעליץ. און אַזוי ווי די טעג זענען געווען זומערדיקע, באַשלאָסן אַ שפּאַציר צו מאַכן קיין פּלאַנטש, אַ ייִדיש שטעטל אין דער צווייטער זייט פון דעם טייך ווייסל, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו רוסלאַנד און שפּעטער געווען קאָנגרעס־פּוילן.

עטלעכע טעג האָבן די יוגנטלעכע פון „השומר" געגרייט זיך צו דעם

אויספלוג, ביז אין אַ געוויסן טאָג, גאַנץ פרי, זענען זיי זיך צונויפגעקומען אויף דער בלאָניע לעבן דער סטראַזשניצע, יעדער אין זיין מונדיר מיטן לאַנגן שטעקן אין דער האַנט, און געלאָזט זיך גיין מיט פעלדוועגן, כדי וואָס פריִער אָנצוקומען אין שטעטעלע באָרווע אויפן וועג, וואָס פירט קיין פלאָנטש.

געקומען צום מאַרק פון שטעטעלע באָרווע, האָבן ייִדן אין הילצערנעם בית־מדרש לעבן מאַרק גראָד געדאַוונט שחרית מיט מנין. דערזען די דאָזיקע חברה ייִנגלעך מיט שטעקנס דערנענטערן זיך אַהער, האָבן זיי זיך דער־שראָקן — געמיינט, מי יודע, וואָס אַזאַ באַנדע שקצים קאָנען דאָ אָפטוען — אפשר, חלילה, קומען זיי מאַכן אַ פּאָגראָם?

ערשט ווען די חברה איז געקומען נענטער צום בית־מדרש האָבן די דאַוונענדיקע ייִדן דערזען דורכן פענצטער די בלוי־ווייסע קאָקאַרדעס מיטן מגן־דוד און האָבן זיך באַרויִקט, און ווען די שומרים האָבן געעפנט די טיר פון בית־מדרש און ביים אַריינקומען געקושט די מזוזה, איז זיי גאָר גוט געוואָרן אויפן האַרצן, האָבן זיי דערלאַנגט יעדן איינציקן די האַנט שלום־עליכם און פאַרבעטן זיי זיצן ביים לאַנגן טיש. אַ ביסל מידע שוין פון וועג האָבן די שומרים דאָס גערן געטאָן. זיי האָבן אַרויסגענומען פון טאַש דעם „צידה לדרך" און מיט אַפּעטיט געשלונגען די ביסנס.

ווען די ווייבער און מיידלעך האָבן דערזען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָבן זיי געברענגט ווער הייסע קאַווע, ווער מילך, — יעדער וואָס ער האָט געקאָנט, אַבי וואָס שענער אויפצונעמען אין זייער שטעטעלע די דאָזיקע חשובע געסט.

פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן און טרינקען, האָבן די שומרים מיט נאָך מער קוראַזש זיך צונויפגענומען און געלאָזט זיך מיט אַ מאַרש צו דער ווייסל, נישט ווייט שוין פון דאַנען. געקומען צום שטראָמיקן טייך, האָט ער ביי פיל פון זיי זיך אויסגעדוכט ווי דער ירדן אין הייליקן לאַנד, דער באַרג אין דער צווייטער זייט — נישט אַנדערש, נאָר דער הר־חרמון, און אַלץ אַרום, די גרינע פעלדער ביימער און גראָזן — ווי אַ שטיק פון אויס־געחלומטן ארץ־ישראל. קיין בריק אַריבערצוגיין די ווייסל איז דאָ נישט

געוועזן, נאָר אַ גרויסע הילצערנע לאָדקע, וואָס אַ גוייִשער איבערפירער האָט געשיפט מיט וויאָסלעס.

ווען זיי זענען אַרויף אויף דער לאָדקע, האָבן אַ סך זיך געשראָקן: דאָס ערשטע מאָל אין לעבן איז זיי אויסגעקומען איבערצושיפן זיך דורך אַזאַ ברייט, שטראָמיק וואַסער. הלוואַי זאָל דאָס בשלום אַדורך! אויף דער צווייטער זייט ווייסל האָבן זיי לייכטער אָפּגעאָטעמט. זיי זענען אַריבער דעם באַרג און געווען שוין נישט ווייט פון שטעטל פּלאַנטש.

זיי האָבן ווידער זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי מיט מיליטערישער אָרדענונג, גענומען די לאַנגע שטעקנס איבער די אַקסלען און אַזוי אַרייַנ־מאַרשירט אינעם צענטער פון שטעטל, ביז צו דער „זשיקע", וואָס האָט דורכגעשניטן דעם שטעטלדיקן מאַרק.

אַז די ייִדן פון פּלאַנטש האָבן זיי דערזען, איז געוואָרן אַ געלויף מיט אַ געשריי: „יידיש וואָיסק געקומען פון קירה"! ווייבער האָבן געשריגן פון די פענצטער און טירן, איינע צו דער צווייטער: „סאָלדאַטן פון פּאַלעס־טינע, משיחס צייטן"! אַ געפּילדער פון קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך איז געוואָרן אַרום די מונדירטע שומרים.

דערזען דאָס ייִדישע געלויף אין שטעטל, האָבן די פּאָליציאַנטן פון פּלאַנטש זיך צונויפגענומען, צעטריבן דעם באַגייסטערטן עולם און געפירט די שומרים אין „קאָזע" אַריין. מען האָט געמאַכט אַן אויספאָרשונג, פון וואַנען און נאָך וואָס זיי זענען געקומען אַהער, אָנגעשריבן אַ פּראָטאָקאָל און מיט אַ פּאָלציייִשער וואַך געשיקט זיי צוריק קיין מעליץ גלייך צו דער זשאַנדאַרמעריע, מיט אַ מעלדונג: „זשידאָווסקע באָלשעוויקעס זענען גע־קומען קיין פּלאַנטש מאַכן אַן איבערקערעניש"!

ווען דער פּזשאָדאָווניק פון דער מעליצער זשאַנדאַרמעריע האָט דערזען די ייִנגלעך, וואָס ביי אַ טייל פון זיי זענען די פּיאות געווען צעשויבערט פונעם ווינט אויפן וועג — האָט ער שוין געוווּסט מיט וואָס פּאַראַ „באָל־שעוויקעס" ער האָט דאָ צו טאָן. ער האָט אויסגערופן: „זשידקי ז' פּייסאַמי — מאַרש אַהיים"! אַוועק פון זיי עטלעכע, האָט דער פּזשאָדאָווניק געפרעגט: ווער פון אייך טראָגט „פּאָבאָזשנע פרענדזעלקעס"? עטלעכע ייִנגלעך פון

די שומרים האָבן אַרויסגעגראַבלט פון הינטערן העמד זייער לייבצודעקל און געוויזן די ציצית. האָט ער אויך זיי געשיקט אַהיים.

ווען ס'איז געבליבן שוין אַ קליינע גרופּע, האָט דער פּזשאַדאָווניק געפרעגט: „ווער פון אייך איז דער אָרגאַניזאַטאָר"? האָט משה פרידמאַן זיך אָנגערופן: „איך בין דאָס"! האָט דאָס יוזעק טייטלבוימען, דעם וועטע־רינאַרס זון, וואָס פאַקטיש האָט ער אָרגאַניזירט דעם אויספלוג, שטאַרק פאַרדראָסן און ער האָט אויסגערופן: „נישט אמת, פּאַניע פּזשאַדאָווניקו! איך בין דאָס"! פאַרשטענדלעך, אַז פאַר אַזאַ זאַך וואָלט יוזעק טייטלבוים אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער גימנאַזיע, ווו ער האָט געלערנט. האָט סרולעק שפּילער זיך אַריינגעמישט: „נישט דער און נישט יענער, נאָר איך בין דער אָרגאַניזאַטאָר פון אויספלוג".

דער פּזשאַדאָווניק פון דער זשאַנדאַרמעריע האָט אַלע אַנדערע פון דער חברה געשיקט אַהיים און זיי דריי געשיקט אין דער תפיסה הינטערן געריכט — זאָלן זיי דערוויייל „זיצן" ביז מאָרגן און דאַן וועט מען זען וואָס מיט זיי ווייטער צו טאָן.

ווען דער וועטערינאַר איז געוואָר געוואָרן וועגן אַרעסט פון זיין זון, איז ער אַוועק צום סטאַראָסטע, מיט וועמען ער איז געווען באַפריינדט און אַרויסגענומען יוזעקן פון אַרעסט. דאָס זעלבע האָט געטאָן לייזער שפּילער, הגם נישט אַזוי גיך, ווייל ווי אַ פרומער ייִד און גבאי פון דער טשאַרט־קעווער קלויז האָט אים נישט געפּאַסט דער גאַנצער ענין. געבליבן זיצן אין תפיסה איז בלויז משה פרידמאַן, ווייל זיין פאָטער, שׂמחה פרידמאַן, אַ דזשיקעווער חסיד, האָט געזאָגט: „אַ שיינע, ריינע כפרה! זאָל ער זיצן, דער ייִנגאַטש. אַרויס לתרבות רעה, איז ער מער נישט ווערט"... אָבער מאָטל, זיין ברודער, וועלכער איז געווען פון די ציוניסטישע טוערס, האָט אינטערוועניִרט ביים סטאַראָסטע און מען האָט משהן אויך באַפרייט פון אַרעסט.

# ספאָרט

ווען דער „השומר" איז זיך צעפאַלן צוליב פאַרשידענע סיבות האָבן אַ טייל פון די מיטגלידער זיך אָנגעשלאָסן צו אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און אַנדערע זענען אַוועק צום ציוניסטישן ספאָרט־קלוב „מכבי", וואָס האָט דעמאָלט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען און געוואָרן אַן אַקטיווער טייל פון דער מעליצער ייִדישע יוגנט.

אָנגעהויבן האָט זיך דער ייִדישער ספאָרט אין שטעטל מיט קאָפּען דעם פוטבאָל אויף דער בלאָניע. געטאָן האָבן דאָס די ייִנגלעך וואָס האָבן נישט קיין חשק געהאַט צום לערנען אין דער תלמוד־תורה און סטודענטלעך, וואָס האָבן שטודירט אין גימנאַזיע. די שקצים, זייערע מיטשפּילער, האָבן אָרגאַניזירט אַ פוטבאָל־דרוזשינע, און נישט צוגעלאָזט די ייִדישע בחורים צו שפּילן פוטבאָל. האָבן זיי זיך צונויפגענומען, געשאַפן אַ ייִדישע דרוזשינע און געקאָפּעט דעם באַלעם אויף דער בלאָניע נישט ווייט פון גימנאַזיע און פון דער „בורסע". אויך דאָרט האָבן די שקצים געשטערט און זיי באַוואָרפן מיט שטיינער. דאַן האָבן די ייִדישע ייִנגלעך זיך איבערגעטראָגן אויף דער גרויסער טאַרגאָוויצע פאַר האַנדל מיט בהמות הינטערן ייִדישן בית־החיים אין דער צווייטער זייט פון שטעטל. נאָך מיטאָג איז דאָרט געווען ליידיק און באַקוועם צו שפּילן פוטבאָל נישט ווערנדיק פון קיינעם געשטערט.

אַ צייט לאַנג האָבן זיי געקאָפּעט דעם באַלעם, ביז זיי האָבן זיך אויסגעשולט אין דעם ספאָרט און געשאַפן אַ מאַנשאַפט, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַרמעסטן זיך מיט אַנדערע גוייִשע דרוזשינעס אין שטעטל פון די נידעריקערע קלאַסן און דווקא זיי באַזיגט.

מיט שלאָגן גאָלן אין די גוייִשע טויערן האָט זיך אויסגעצייכנט הערבערט זיידן. דאָס האָט שטאַרק אימפּאָנירט זיין פאָטער, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער איינציקער דענטיסט אין שטעטל און אַ פאַרמעגלעכער מענטש, דערצו אויך גבאי אין שול. ער האָט געוואָלט געבן אַ מעגלעכקייט

די ייִדישע בחורים צוזאַמען מיט זיין זון הערבערט, זיי זאָלן האָבן אַן אייגענעם ספּאָרטפּלאַץ, ווי אַלע גויישע ספּאָרטלער אין שטעטל, האָט ער זיך צונויפגעשמועסט מיט סאַכיע האַניק, אויך אַ פאַרמעגלעכן מענטש, וועלכער איז געווען דער צווייטער גבאי אין שול, און צוזאַמען מיט אים אַריינגעצויגן נאָך אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט אינטערעס פאַר ייִדישן ספּאָרט, ווי הערשל שטייער, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער ערשטער האָלץ־באַאַמטער פון צווישן די „דרעווניאַקעס" ביי רייכע וואַלד־סוחרים. זיי האָבן אָפּגעקויפט אַ שטיקל זאַמדיק פעלד לעבן וועלדל נישט ווייט פון דער טאַרגאָוויצע, אויסגעגלייכט דעם זאַמדיקן באָדן מיט האַרטער ערד, אויפגעשטעלט צוויי בראַמקעס אין ביידע זייטן און די ייִדישע ספּאָרטלער האָבן באַקומען אַן אייגענעם ספּאָרטפּלאַץ.

דאָס האָט אָבער נאָך נישט געלייזט דעם גאַנצן פּראָבלעם פאַר די ייִדישע ספּאָרטלער. ווייל דער ספּאָרטפּלאַץ איז געווען אַן אָפן פעלד און זיי זענען געשטערט געוואָרן דורך די שקצים, וואָס האָבן נישט געקאָנט דערליידן דאָס אויסצייכענען זיך פון די זשידקעס ווי גוטע פוטבאָליסטן. האָט די פאַרוואַלטונג פון די ייִדישע ספּאָרטלער, בראש מיט סאַכיע האַניק און הערשל שטייער, אויסגענוצט פּראָטעקציע אין די טאַרטאַקעס פון די אַרומיקע וועלדער און באַקומען אויף ראַטעס ברעטער פאַר אַ פּאַרקן אַרום דעם ספּאָרטפּלאַץ. דער ספּאָרטפּלאַץ איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַ הויכן פּאַרקן מיט שטעכלדיקע דראָטן פון אויבן, אַז קיינער זאָל נישט קאָנען אַריבערקלעטערן, און די ייִדישע ספּאָרטלער האָבן שוין אומגעשטערט געקאָנט זיך פריי טרענירן און אויך איינגעלאַדן אַהער פרעמדע ספּאָרט־דרוזשינעס אויף אַ פוטבאָל־מעטש — סיי פון דער פרעמד, און סיי די היגע פּוילישע ספּאָרטלער פון דעם „סאָקאָל", וואָס האָט שוין געהאַט אַן אייגענע געביידע.

נאָך זיין דערפאָלג ביי די אַלע פוטבאָל־מעטשן, האָט די פאַרוואַלטונג פון „מכבי" באַשלאָסן צו פאַרמעסטן זיך מיט דער דרוזשינע פון היגן פּוילישן ספּאָרט־קלוב „קרוקי" אונטערן פּאַטראָנאַט פון דעם רייכן גוי קאַזאַנע, וועלכער האָט ביי יעדער געלעגנהייט פאַרגעשטעלט זיך מיט זיינע גוטע פוטבאָליסטן, די בעסטע פון דער גאַנצער געגנט. דער באָס פון

„קרוקי״ האָט אָנגענומען די איינלאַדונג מיט גרינגשעצונג און געטראַכט ביי זיך: איצטער וועלן די זשידאָווסקע שפּילערס, וועלכע זענען אָקעגן זיינע „קרוקעס״ קעצלעך, אַרויס מיט גרויס חרפּה.

שבת פאַרן מעטש־פאַרמעסט, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען מאָרגן, זונטיק, זענען די ייִדישע בחורים, ווי נאָר פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן ביים טאַטנס טיש, מיטן זינגען זמירות און בענטשן, אַוועק צו זייער פּלאַץ זיך טרענירן, כדי צו זיין צוגעגרייט אויף מאָרגן, זונטיק, צום מעטש מיט דער שטאַרקסטער פּוילישער דרוזשינע אין שטעטל. די פאַרוואַלטונג פון „מכבי״ האָט געוווּסט וועגן זייער ברוטאַלן שפּילן און זייער שׂנאה צו ייִדן, האָט זי אָרגאַניזירט צום זונטיקדיקן מעטש די שטאַרקסטע בחורים פון שטעטל, ייִנגלעך מיט פויסטן, כדי אין פאַל, אויב די גויִישע „קרוקעס״ וועלן פאַרשפּילן און וואַרפן זיך צום שלאָגן, זאָלן די ייִדן קאָנען שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

צו מאָרגנס אויפן מעטש האָבן די ייִדישע בחורים פון „מכבי״ געשלאָגן גאָלן אין טויער פון די „קרוקעס״. יענע האָבן אָנגעהויבן שפּילן ברוטאַל און צום סוף, ווען זיי זענען געוואָרן באַזיגט דורך די מכביסטן, זענען זיי און נאָך אַנדערע שקצים באַפאַלן די ייִדישע ספּאָרטלער. די חברה מיט די שטאַרקע פויסטן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און געגעבן טיילן זיי קלעפּ, אַז זיי זאָלן האָבן צו געדענקען. נאָך דעם איז געוואָרן אַ סומאַ־טאָכע צווישן די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן אין שטעטל: זשידעס זאָלן גאָר שלאָגן אונדזערע כלאָפּצעס? אַזאַ זאַך איז דאָך נישט געהערט געוואָרן! מער פון אַלע האָט געקאָכט מיט כעס קאַזאַנע, דער פּאַטראָן פון די „קרוקעס״. ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם ייִדישן זיג איבער זיינע אויס־געצייכנטע שפּילערס.

שמעון „קאַטאָליק״ איז, טראָץ זיין גויִישן צונאָמען, געווען אַ חסידישער ייִד מיט באָרד־און־פּיאות און אַ לאַנגן ייִדישן לבוש. ער האָט קיין מאָל זיך נישט אינטערעסירט מיט זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט ספּאָרט און בכלל נישט געוווּסט וועגן דעם שטורמישן מעטש נעכטיקן זונטיק. מאָנטיק פרי האָט ער, ווי תמיד, געלאָזט זיך גיין צו דער קאַנצעליי פון קאַזאַנע. ער איז געווען זיינער אַ פאַרטרויונג־מענטש און דער איינקויפער

פון אַלע באַדערפעונישן פאַר זיין ווירטשאַפט און אויך פאַשע פאַר די חזירים, וואָס יענער האָט געהאָדעוועט פאַר דער קאָנסערוון־פאַבריק אין קראָקע. שמעון „קאַטאָליק" האָט אויך היינט געוואָלט נעמען פון אים אַ ליסטע פון די אַרטיקלען, וואָס ער דאַרף פאַר אים באַזאָרגן. ווען ער איז אַריינ־געקומען אין דער קאַנצעליי און געזאָגט גאַנץ פריינדלעך „דזיען דאָברי", איז קאַזאַנע מיט גרויס כעס אים באַפאַלן מיט אַ „פשיאַ־קרעוו, זשידזשיע", אים מכבד געווען מיט עטלעכע פעטש, אַרויסגעוואָרפן פון דער קאַנצעליי און דערצו אָנגערייצט אויף אים זיינע בייזע הינט, וואָס האָבן צעריסן די פאָלעס פון זיין לאַנגן איבערציִער און אויך זיינע הויזן. צעמישט פון דעם אַלעם איז שמעון „קאַטאָליק" געלאָפן אַהיים מיט הינטערוועגן, מענטשן זאָלן נישט זען זיין חרפה, געלייגט זיך אין בעט מיט אַ נאַסן קאָמפּרעס אויפן פנים, און געשיקט זיין ווייב נאָך אַ דאָקטער צו מאַכן דעם גויִשן רוצח אַ „וויזערנפּאָרט" מיט אַן אָנקלאָג צום געריכט פאַר זיין חרפה, שאָדן און פאַר זיין צעשלאָגן פנים, און איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּלערנען דעם אַנטיסעמיט. געקומען דער דאָקטער האָט ער פאַרשריבן אַ זאַלב צום שמירן די ווונדן פון געשוואָלענעם פנים מיט די בלאָ־אונטערגעהאַקטע אויגן און דאַן אָנגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר דעם געזונטהייט־שאָדן וואָס ער האָט באַ־קומען פון די קלעפּ, אַלץ כדת־וכדין, איבערצוגעבן די „שטראַף־אַנצייגע" צום געריכט, מיט וועלכן שמעון „קאַטאָליק" האָט געוואָלט גיין צו אַן אַדוואָקאַט. זאָל דער שונא־ישראל וויסן מיט וועמען ער האָט צו טאָן און באַצאָלן פאַר ריפּוי, שבת ובושת! ער האָט אָבער זיך געשעמט פאַר מענטשן צו באַווייזן זיך אין גאַס מיט זיין צעשלאָגן פנים, האָט ער אָפּ־געלייגט דאָס גיין צום אַדוואָקאַט אויף עטלעכע טעג.

אין צווישן איז צו אים אין שטוב אַריינגעקומען אַ שליח פון קאַזאַנע, אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ גרעסערע מטבע, כדי איבערצובעטן אים, מיט אַ צושריפט: „וואָס געווען איז געווען, אָבער האַנדלען דאַרף מען ווייטער" און בייגעלייגט אַ רשימה מיט אַרטיקלען, וואָס ער זאָל פאַר אים באַזאָרגן. אַוועק דער שליח פון קאַזאַנע, האָט שמעון „קאַטאָליק" זיך נישט צוגערירט צום געלט און צו דער רשימה פון די פּראָדוקטן, נאָר פול מיט כעס און צאָרן געמורמלט: „מיט אַזאַ חזירישן גוי און שונא־ישראל, וואָס האָט אים

באַליידיקט, געשלאָגן און דערצו נאָך אָנגערייצט זיינע הינט אויף אים, וועט ער האַנדלען? ניין, דאָס וועט ער נישט טאָן".

אַ ווײַלע שפּעטער אָבער, ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט ער אַ קלער געטאָן: און וואָס וועט זיין מיט פּרנסה אין די היינטיקע שווערע צייטן? זאָל ער שרייבן מזוזות, ווערן אַ מלמד, אַ שמש אין אַ בית־מדרש? ער האָט זיך געדרייט הין און צוריק איבער דער שטוב און אַלץ געקלערט: וואָס טוט מען פאַרט? ביז ער איז ווייכער געוואָרן און באַשלאָסן: דער גוי איז טאַקע טריפה, אָבער ס׳געלט איז כשר!

גענומען דעם פּאַפּירענעם באַנקנאָט פון טיש, וועלכן דער שליח פון קאַזאַנע האָט איבערגעלאָזט און אויך די ליסטע איינצוקויפן די פאַרלאַנגטע פּראָדוקטן, און זיך געזאָגט: „אָבער מוחל זיין דעם פּאַסקודניאַק וועל איך קיין מאָל נישט. וועל איך נאָר קאָנען אַ מאָל זיך נוקם זיין וועל איך דאָס, מיט השם יתברכס הילף, טאָן"!

אַוועק אַ שטיקל צייט איז שמעון „קאַטאָליק" געזעסן ביים שבתדיקן טיש — ביים עסן דאָס טשאָלנט, האָט צו אים געזאָגט זיין פּלימעניק הערשל קוויטשער, וואָס האָט ביי אים זיך געכאָוועט:

— געהערט דער פעטער? מאָרגן, זונטיק וועט זיין דער רעוואַנזש־מעטש צווישן „מכבי" מיט „קרוקי". די שקצים פון קאַזאַנע וועלן ווידער באַקומען גאָלן אין זייער בראַמקע!

פון די ווערטער וואָס זיין פּלימעניק האָט אים געזאָגט, האָט ער בלויז פאַרשטאַנען, אַז די שקצים פון קאַזאַנע וועלן באַקומען געשלאָגן און אָנגערופן זיך:

— געהערט שוין אַ מאָל, אַז יידן זאָלן גאָר שלאָגן גוייִם? פאַרקערט, האָב איך געזען, געהערט און אַליין געפילט אויף מיין אייגענער הויט!

— יאָ, פעטער, היינט טרענירן זיך די מכביסטן אויף דער באָיִסקע צו קאָנען בעסער שלאָגן גאָלן אין דער בראַמקע פון די „קרוקעס" און זיי וועלן צוזאַמען מיט קאַזאַנע האָבן אַ שוואַרצע מפּלה!

געהערט וועגן אַ מפּלה פאַר דעם רשע קאַזאַנע האָט שמעון איבער־געפרעגט:

— ביסט זיכער וועגן אַזאַ מפּלה?

— יאָ, פעטער, קאָנסט דאָס היינט אַליין זען אויף דער באָזיסקע.

פאַרענדיקט דעם שמועס, האָט שמעון „קאַטאָליק" אַראָפּגענומען פון זיך דאָס שטוב־כאַלאַטל, אָנגעטאָן אַ זיידענע בעקעשע מיטן שטריימל אויפן קאָפּ און ווי יעדן שבת נאָך דער סעודה אַריבער צום רבנישן טיש פון באָרווער רב, וועמענס אָן אָנהענגער ער איז געווען.

אַריינגעקומען אין בית־מדרשל האָט ער זיך געזעצט ביים לאַנגן טיש, ווו מען האָט אים מכבד געווען מיט שיריים און מיטן זינגען פאַרן עולם „יום זה מכובד". פאַרטיק געוואָרן האָט דער באָרווער רב געזאָגט תורה וועגן דער פרשה פון דער וואָך און דאַן אַרויס מיט אַ חסידישן טאַנץ אין אַ רעדל, וווהין אויך שמעון „קאַטאָליק" איז אַריינגעצויגן געוואָרן און ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן וועגן דעם, וואָס זיין פלימעניק האָט אים געזאָגט :וועגן דער מפלה, וואָס די שקצים מיט זייער באָס קאַזאַנע וועלן באַקומען.

נאָכן בענטשן ביים באָרווער רבס טיש, ווען שמעון „קאַטאָליק" האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים, האָט ער דערזען אויף דער גאַס ווי יינגלעך שפּילן זיך מיט קאָפּען אַ באַלעם. ער האָט זיך דערמאָנט וועגן דער מפלה פאַר קאַזאַנע, וואָס די ייִדישע ייִנגלעך גרייטן היינט צו אויפן מכבי־שפּילפּלאַץ, האָט עס אים אַ צי געטאָן צו זען דאָס מיט די אייגענע אויגן און ער איז אַוועק אַהין מיט הינטערוועגן. געקומען ביז צום ייִדישן בית־החיים, האָט אים נישט געפּאַסט צו גיין צום שפּילפּלאַץ אין זיין שבתדיקן חסידישן לבוש; ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער ביים וועלדל, געשטעלט זיך צווישן דיביימער לעבן דעם פאַרקן אַרום דעם שפּילפּלאַץ און דורך אַ שפּאַרע אָבסערווירט, ווי אַזוי די מכביסטן קאָפּען דעם באַלעם מיט פלייס און מי, כדי מאָרגן, זונטיק, צו שלאָגן מיט גאָלן די שקצים און פאַרשאַפן קאַזאַנע אַ שוואַרצע מפלה. האָט ער גענומען שעפּטשען שטילערהייט מיט אַ געבעט:

— רבונו של עולם! ווי נאָר אַ זכות, זאָלסטו מאָרגן געבן די ייִנגלעך דעם כוח און גבורה צו פאַרשאַפן קאַזאַנען אַ מפלה זאָל איך האָבן כאָטש אַ שטיקל נקמה אין דעם ביטערן שונא־ישראל!

# „צו גאָט און צו לייט"

די ציוניסטישע באַוועגונג אין מעליץ האָט זיך געשטאַרקט און אַריינ־געצויגן אַלץ מער פון דער יוגנט אין אירע רייען, צווישן זיי אויך עטלעכע בחורימלעך, וועלכע האָבן געלערנט אין חסידישן בית־מדרש. האָבן די פאַרבליבענע בחורים דאָרט, בכדי צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די ציוניסטן, געשאַפן די חברה „צעירי אמוני" — אַ יוגנט־אָפּצווייג פון דער אַלוועלט־לעכער „אגודת ישראל", וואָס איז געשאַפן געוואָרן ווי אַ קעגן־כוח צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, מיט אַ כלומרשטן נאַציאָנאַלן דעקמאַנטל: צו בויען דאָס הייליקע לאַנד, ווי די ציוניסטן, נאָר אין רוח פון דער תורה הקדושה. אַזאַ חברה איז פאַר די מעליצער בחורים אין חסידישן בית־מדרש געווען צוגעפּאַסט מכמה טעמים. ערשטנס, קאָן מען זיין חסידיש פרום און נישט מוזן וואַרטן דווקא אויף משיחן ביזן קומען בויען דאָס הייליקע לאַנד. צווייטנס, קאָן מען זיין געזעלשאַפטלעך פאַרנומען דורך אַ פּאַרטיי, וואָס איז סימפּאַטיש אויך פאַר זייערע חסידישע עלטערן. און דאָס וויכטיקסטע — זיי בלייבן בחורים, צו גאָט און צו לייט, און דאָס איז דאָך גאָר גוט אויף צו טאָן אַ בכבודיקן שידוך מיט אַ גרעסערן נדן. זייער גאַנצע טעטיקייט אויף יוצא זיין פאַר דער „אגודת ישראל" איז באַשטאַנען אין לערנען יעדן טאָג אַ בלעטל גמרא, דעם „דף יומי". „אגודת ישראל האָט געלייגט דערויף גרויס געוויכט, בעיקר דער רב שאַפּיראָ, דער לובלינער רב, וועלכער האָט געבויט די גרויסע ישיבה אין לובלין.

די איניציאַטאָרן פון שאַפן די דאָזיקע חברה זענען געווען די עטלעכע חברים, וועלכע האָבן צוזאַמען געלערנט יעדן אינדערפרי פאַרן דאַווענען זייער שיעור גמרא מיט תוספות און אַנדערע מפרשים.

אויסערלעך האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז די אַלע בחורים זענען פון איין שניט און כאַראַקטער: זיי האָבן געטראָגן די זעלבע חסידישע מלבושים, געקרייזלט זיך די פּיאות און צוגעפּוצט דאָס שפּראָצנדיקע בערדל. אין תוך אָבער איז יעדער פון זיי געווען אַ באַזונדערע וועלט פאַר זיך.

דער ערשטער, מלך שטייער, וועלכער האָט בהתמדה געלערנט אין בית־מדרש, פּלעגט אין דער היים זיך פאַרטיפן אין די פילאָזאָפישע ביכער, וואָס זיין עלטערער ברודער הערשל האָט געבערענגט פון דער ביבליאָטעק אין ציוניסטישן פאַראיין. אַחוץ דעם האָט מלך געהאַט אַ טאַלאַנט צו שרייבן העברעיִשע לידער וועלכע ער האָט געשיקט צו דער אַגודיסטישער צייט־שריפט „דגלנו" און זי האָט דאָס געדרוקט אויף אַ בכבודיקן פּלאַץ. אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען מלך שטייער איז אַוועק פון מעליץ קיין וואַרשע, איז ער אַליין געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער צייטשריפט.

דער צווייטער, נפתלי גערסטען, האָט זיך נישט קיין סך אָפּגעגעבן מיט לערנען, ווייל ער איז געווען פאַרנומען מיט העלפן זיין פאָטער אין ברעטער־סקלאַד, נישט ווייט פון די בתי־מדרשים.

דער דריטער, שלמה סעגאַל, האָט גראַד, ווי נפתלי גערסטען, געהאָלפן זיין פאָטער אין געשעפט פון אייזנוואַרג. זיין לערנען און גרינדן די חברה איז דער עיקר אויסגערעכנט אויף צו טאָן אַ בכבודיקן שידוך מיט אַ גרויסן נדן.

דער מערסטנס אימפּולסיווער מיטגליד פון דער געשאַפענער „צעירי אמוני" איז געווען לייזער הערמאַלע. אַחוץ דעם, וואָס ער האָט טאָג־טעגלעך געלערנט דעם „דף יומי" האָט ער אויך אַריינגעקוקט אין פּלפּולדיקע ספרים, כדי צו קאָנען זאָגן „פשטלעך" ביים סטיטשינער רב אין טאָרנע, צו וועמען זיין פאָטער פלעגט אים מיטנעמען, און ביי יעדער אַנדערער געלעגנהייט. אין זיינע פשטלעך פלעגט ער אַריינפלעכטן פילאָזאָפישע געדאַנקען, וואָס ער האָט געהערט פון זיין פעטער יודל קאָהן, און אויך פון די ביכער, וואָס ער האָט פון אים באַקומען צום לייענען. באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט אַריינצומישן אין די פשטלעך געדאַנקען פון שאָפּענהאַוער. ער האָט זיי איבערגעאַרבעט אויף זיין אייגענעם שטייגער, אַז זיי זאָלן זיך גוט אַריינפּאַסן, און די פרומע צוהערער, וועמען ס'איז נישט איינגעפאַלן, אַז ער נעמט זיינע געדאַנקען פון אַפּיקורסישע ביכער, האָבן דאָס געהאַלטן פאַר חסידישע געדאַנקען. ער האָט אויך ליב געהאַט צו האַלטן רעדעס און צוזאַמען מיט מלך שטייער זענען זיי געפאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך, כדי צו שאַפן דאָרט אָרגאַניזאַציעס פון די „צעירי אמוני". און הגם בטבע

איז לייזער געווען אַ ביסל „צעטראָגן‟, האָט אים מלך שטייער מיטגענומען אויף קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן פון דער אַגודה־באַוועגונג, און דאָס דערפאַר, ווייל מלך שטייער איז געווען טיפזיניק און זאַכלעך, אָבער נישט קיין רעדנער. ער האָט לייזערן צוגעגרייט וואָס און ווי אַזוי צו זאָגן בעת דעם צוזאַמענפאָר. אָבער אַלע האָבן געוווּסט, אַז אויב לייזער הערמאַלע האָט געהאַלטן אַ „זאַכלעכע רעדע‟, איז דאָס געווען אַ דאַנק מלך שטייער.

די „צעירי אמוני‟ אין חסידישן בית־מדרש האָבן זיך אַנטוויקלט און אַרומגענומען דעם גרעסטן טייל בחורים אונטער איר השפעה. אָבער די חסידישע ייִדן, וועלכע האָבן דאָרט געדאַוונט, האָבן זיי געהאַלטן פאַר „אָפּגעזונקט‟ און „געכאַפּטע‟ פון אַפּיקורסישע צייטונגען און ביכער. ניסן נוסבוים האָט זינט זיין דורכפאַל מיט די תלמידים, וועלכע זענען אַרויס לתרבות רעה און געוואָרן ציוניסטן, און נאָך דעם ווי זיינע טעכטער זענען געוואָרן אָנפירערינס פון ציוניסטישן פאַראיין און לסוף אַליין געפאָרן קיין ארץ־ישראל — האָט אַ שטיק צייט אויפגעהערט צו זאָגן מוסר פאַר די בחורים אין בית־מדרש, נאָר מערסטנס געלערנט משניות פאַרן עולם און אין פאָליש פון דער שול. אונטער דער השפעה פון ר׳ מענדעלע דעם מעליצער רב און בעיקר פון חיים פרידמאַן, אַ שטאַרקער בעלזער חסיד, האָט ער צוזאַמען מיט זיי געשאַפן אַ בעלזער ישיבה אין בית־מדרשל פון דער רביצינס מניך, כדי מציל צו זיין די ייִנגלעך פון חסידישן בית־מדרש, וועלכע זענען נאָך נישט אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון די „אָפּגעזונקטע‟ „צעירי אמוני‟. איינציקווייז האָט ער זיי אַריינגענומען אין דער פריש־געשאַפענער בעלזער ישיבה, געשאַפן פאַר זיי חסידישע סאַמעט־קאַפּעלושן, און יעדעס מאָל געשיקט עטלעכע פון זיי צום בעלזער רבישן הויף, כדי דאָרט צו לערנען חסידות און יראת־שמים, ביז דאָס בעלזער שטיבל איז געוואָרן פול מיט „בחורים‟, „יראים און שלמים‟, וועלכע האָבן געטראָגן לאַנגע פיאות און פרום געשאָקלט זיך ביים דאַווענען.

ווען ניסן נוסבוים האָט געזען, אַז עס איז אים געלונגען זיין אויפטו מיט דער בעלזער ישיבה, האָט ער אַלץ געטאָן זי צו פאַרשטאַרקן און אַריינצושלעפּן אַהין הענעך און אשר טיפּענברון, די זין פון זיין שוועסטער. זייער פאָטער איז געפאָרן קיין אַמעריקע צוליב פרנסה און די זין זענען

געווען אונטער דער השפּעה פון זייער עלטערער שוועסטער מלכה, אַ ציוניסטקע. זי האָט זיי געשיקט אין די גויִישע שקאָלעס, מיט קורצע מלבושים, אָן אַ סימן אַפילו פון שטיקלעך פּיאות, ווי אַלע יונגאַטשעס פון די ציוניסטישע פאַראיינען.

ער האָט זיי אַריינגענומען אין דער ישיבה מיט דער הילף פון זיין שוועסטער, וועלכע האָט געהערט צו די פרומע ווייבער. די צוויי ברידערלעך האָבן צו ביסלעך אָנגעהויבן לערנען, זיך געלאָזט וואַקסן די פּיאות, אָנגעטאָן אַ חסידישן לבוש, ביז זיי זענען געוואָרן די בעסטע לערנער פון דער בעלזער ישיבה. זיי זענען געווען התלהבותדיק פרום, מיט אַזאַ דביקותדיקן דאַווענען און שאָקלען זיך, וואָס מעליץ האָט זעלטן געזען אַפילו אין די פרומסטע ציטן.

געווען אין מעליץ אויך בחורים, וועלכע האָבן געהערט צו דער „מזרחי״־באַוועגונג, אָבער אין אַ גאָר קליינער צאָל. פון אָנהייב האָבן זיי געלערנט אין חסידישן בית־מדרש, שפּעטער זענען זיי אַריבער אין בית־מדרש פון ר׳ לאָזערל, דעם באָרוּוער רב. ער האָט געפירט מחלוקת מיט זיין ברודער ר׳ מענדעלע, דעם מעליצער רב, אין וועמענס בית־מדרש ס׳איז געווען די בעלזער ישיבה, און דעריבער געוואָלט, ווי אַ קעגנגעוויכט, אויך האָבן ביי זיך אַ ישיבה. מיט די בחורים פון דער „מזרחי״ האָט ער געלערנט אַ שיעור גמרא מיט תוספות. אויך זיי האָט מען גערופן מיטן שיינעם נאָמען „צו גאָט און צו לייט״, ווי די בחורים פון „צעירי אמוני״. אויך זיי האָבן געלערנט, געדאַוונט און געטראָגן אַ יִידישן לבוש, מיטן אונטערשיד, וואָס די בחורים פון „צעירי אמוני״ האָבן געטראָגן פרומע סאַמעט־קאַפּעלושלעך אויפן קאָפּ און טייל — אויך זיידענע בעקעשעס אום שבת. אַחוץ דעם האָבן די בחורים פון „מזרחי״ פאַרקעמט זייערע פּיאותלעך הינטערן אויער — אַזוי ווי געשעמט זיך מיט זיי.

טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן געהערט צו דער „מזרחי״־באַוועגונג, וואָס האָט געהאַלטן פון תורה ומסורה, ווי די חברים פון „צעירי אמוני״, האָבן זיי דאָך נישט געהאַט קיין בשותפותדיקן לשון מיט זיי און געווען גענויגט מער צו די ציוניסטישע פאַראיינען. אָוונטצייט פלעגן זיי קומען אַהין לייענען אַ זשורנאַל, נעמען אַ בוך פון דער ביבליאָטעק צום לייענען אין

דער היים, הערן אַ פאָרלעזונג אָדער אַ ציוניסטישן רעפעראַט, זען אַ פאָר־שטעלונג, וואָס איז טייל מאָל איינגעאָרדנט געוואָרן אָדער אויף עפּעס אַן אַנדערער אימפּרעזע, און אויב ס׳איז אויסגעקומען — אויך געטאַנצט מיט זיי אַ „הוירא״. אַזוי, אַז מיט דער צייט, זענען זיי פאַרשלונגען געוואָרן אין דער אַלגעמיינער ציוניסטישער באַוועגונג און ווייניק זיך אָנגעזען אין שטעטל, איבערהויפּט נאָך דעם, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן טראָגן אַ קורצן אָנצוג אַנשטאָט דעם יידישן איבערציִערל און אויך אַ קאַפּעלושל מיט אַ קנייטש — מער דייטשמעריש. דאָך אָבער זענען זיי נישט לחלוטין פאַרשוווּנדן פון דער שטעטלדיקער פּאַנאָראַמע. ביי וואַלן צו דער קהילה אָדער צום פּוילישן סיים, ווו ס׳האָט קאַנדידירט אַ מזרחיסטישער פאָר־שטייער פאַר דעפּוטאַט, אָדער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס אַן אַקציע, וואָס די אַלגעמיינע מזרחיסטישע וועלטבאַוועגונג האָט אונטער־גענומען, האָבן די היגע „מזרחי״־מיטגלידער ווידער אַ מאָל זיך געוויזן צווישן די מעליצער יידישע איינוווינער מיט זייער טעטיקייט. זיי האָבן אָבער פאַרלוירן דעם פריִערדיקן נאָמען „צו גאָט און צו לייט״, וואָס איז געבליבן אויסשליסלעך פאַר די בחורים פון „צעירי אמוני״.

# פּעטש...

די חסידישע ייִדן אין מעליץ האָבן זיך פאַרשטאַרקט נאָכן שאַפן דאָס בעלזער שטיבל אין רבס בית־מדרשל צוזאַמען מיט דער ישיבה, פון וואַנען עס זענען אַלץ מער אַרויס בחורים מיט לאַנגע פּיאות און חסידישן לבוש, און בעיקר נאָך דעם ווי חיים פרידמאַן איז געוואָרן ראש־הקהל און זיין נושא־כלים איז געווען ניסן נוסבוים, דער זייל פון ייִדישקייט אין שטעטל. דאַן האָבן זיי צוזאַמען מיט די גאָר פרומע ייִדן פון משניות־שטיבל און די „שיינע ייִדן" פון חסידישן בית־מדרש איינגעזען, אַז די אזכרה אין שול, וואָס די ציוניסטן מאַכן יאָר־יערלעך כ׳ תמוז צו דער יאָרצייט פון ד"ר הערצל, מיט זייערע אַפּיקורסישע ציוניסטישע רעדעס, דערצו נאָך מיט די ליכטלעך מיט די שוואַרצע מאַשלעך, וואָס זיי צינדן איבער די הענגל־לייכטער, — איז אַ חילול השם, וואָס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַ מקום קדוש, און זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף דערצו.

האָבנדיק די שליטה איבער דער שול ווי דער ראש־הקהל, חיים פרידמאַן האָט אין טאָג פון כ׳ תמוז, צו דער יאָרצייט פון דעם ציוניסטישן דאָקטאָר הערצל, באַפוילן דעם שמש אָנצוהענגען אַ שלאָס אויף דער טיר פון דער שול און קיינער זאָל אַהין נישט קאָנען אַריינקומען.

מנחה־צייט ווען דער ציוניסטישער עולם איז צונויפגעקומען זיך צו דער שול, כדי איינצואָרדענען די יערלעכע אזכרה, האָבן זיי געטראָפן אַ שלאָס אויף דער טיר און באַלד פאַרשטאַנען די כוונה דערפון. ווען עס האָט דאָרט צונויפגעזאַמלט זיך שוין אַ גרעסערע עולם מיט די ציוניס־טישע אַקטיווע מיטגלידער בראש, האָבן זיי דעם שלאָס פון דער טיר אַראָפּגעריסן, און ווי תמיד — קודם געדאַוונט מנחה־מעריב און דאַן געמאַכט די אַזכרה פאַר ד"ר הערצל, ווי דאָס האָט זיך יעדעס יאָר געפירט.

ווען זיי זענען אַרויס פון דער שול נאָך דער אַזכרה, האָבן זיי אויפן שולפלאַץ לעבן חסידישן בית מדרש אָנגעטראָפן אויף אַ צעבונטעוועטן עולם, פון צווישן וועלכן עס האָבן זיך געהערט אויסרופן: „פושעים!

אַפּיקורסים! שקצים״! און נאָך אַזעלכע זידלערייען. דערנענטערט זיך אַהין האָבן זיסל שמידט און אַנדערע ציוניסטישע אָנהענגער דערזען צווישן דעם רעדל חסידישע ייִדן דעם ראש הקהל חיים פרידמאַן און זיי האָבן אים געפרעגט: „היתכן? מי שמך? מבזה צו זיין דעם אָנדענק פון אַ פאַרשטאָרבענעם ייִדישן מנהיג״! פון וואָרט צו וואָרט איז געקומען צו אַ שאַרפער קריגעריי, בעת וועלכער דער ראש הקהל האָט געכאַפּט פּעטש.

צו מאָרגנס האָט חיים פרידמאַן, דער ראש־הקהל, געווענדט זיך מיט אַן אָנקלאָג צום טאַרנער קרייזגעריכט צוליב די באַקומענע פּעטש און אויך קעגן דעם נישט־געזעצלעכן אַראָפּרייסן דעם שלאָס איבער דער טיר פון דער שול.

אַ שטיקל צייט נאָך דעם ווי די צעהיצטע געמיטער האָבן זיך געהאַט באַרויִקט און דאָס ייִדישע לעבן האָט ווי קיין מאָל גאָרנישט ווייטער זיך געפירט נאָרמאַל, האָבן עטלעכע פון די ציוניסטישע פירער באַקומען אויפפאָדערונגען צו שטעלן זיך צום קרייזגעריכט אין טאַרנע.

איז געוואָרן אַ רעש אין שטעטל: היתכן? אויב אַ סכסוך צווישן ייִדן, האָט דאָס געדאַרפט דערליידיקט ווערן ביי אַ דין־תורה צווישן רבנים, אָבער נישט אין אַ גויִיש געריכט, ווו די אַנטיסעמיטישע ריכטערס מאַכן אַ חוזק־שפּיל, ווייל וואָס פאַרשטייען זיי זיך אויף אַזעלכענע ענינים? איז ווידער אַמאָל געקומען צו וויכוחים וועגן דער שוין פאַרגעסענער אַזכרה און שפּאַרענישן צווישן ייִדן אין די בתי־מדרשים און אויפן מאַרק.

נישט ווייט פאַרן טערמין צו שטעלן זיך צום קרייזגעריכט, זענען זיך צונויפגעקומען די גבאים פון דער טשאָרטקאָווער קלויז פון דער „מויער״ און נאָך אַנדערע בכבודיקע אומפּאַרטייִישע ייִדן און גענומען באַווירקן דעם ראש־הקהל מיט זיינע אָנהענגער צוריקצוציִען דעם אָנקלאָג. מיט וואָס איז ער דאָס אַזוי זיכער, אַז דער אורטייל פון קרייזגעריכט וועט זיין לטובת אים? עס קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז די גויִישע „סענדזשעס״ וועלן גאָר זאָגן אַז די ציוניסטן זענען גערעכט, מחמת אויב שוין אַזוי פיל יאָרן נאָך אַנאַנד האָבן זיי געמאַכט אין שול די אַזכרה, האָט דאָס דאָך באַקומען אַ געזעצלעכן באַזיס.

געשמועסט אַהין, געשמועסט אַהער, ביז געקומען צווישן זיך צו אַ

קאָמפּראָמיס: אַזוי ווי פּטור בלא כלום אי אפשר, זאָלן די ציוניסטן צאָלן קנס אַ געוויסע סומע געלט פאַר די מעליצער אָרעמעלייט צוליב די פּעטש, וועלכע מען קאָן שוין ניט ווי סיי ווי נישט צוריקציִען. דער משפּט אין קרייז־געריכט אין טאָרנע איז בטל געוואָרן און די אַזכרות פאַר ד״ר הערצל זענען ווייטער יאָר־יערלעך אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין שול.

# „עונש" און מחלוקתן

דער „עונש" אויף פסחיה האַניק איז געקומען פון ר׳ מענדעלע דעם מעליצער רב אין דער צייט ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מחלוקתן צווישן אים און זיין עלטערן ברודער ר׳ לאַזערל דעם באַרוווער רב וועגן דעם כסא הרבנות.

דאָס כסא הרבנות איז פריי געוואָרן נאָך זייער עלטערן ברודער ר׳ מלכל, דעם פריערדיקן מעליצער רב, וועלכער איז נאָך דער מלחמה געפאָרן קיין אַמעריקע און צוליב זיין הדרת־פנים און שיינער שטימע האָט



ר׳ מענדעלע דער מעליצער רב

ער דאָרט געמאַכט אַ שטיקל פאַרמעגן. שפּעטער איז ער צוריקגעקומען, באַזעצט זיך אין קראָקע און רעזיגנירט פון דעם כסא־הרבנות אין מעליץ.

דעמאָלט איז ר׳ לאָזערל דער באָרוּוער רב געקומען פון סאַנעק מיט דער פאָדערונג צו דער כסא־הרבנות אין מעליץ צוליב דעם, וואָס על פּי דין, קומט דאָס דעם עלטערן ברודער. איז געוואָרן אַ שאַרפע מחלוקת אין שטעטל און איינגעטיילט די מעליצער יידן אויף צוויי צדדים: אָנ־הענגער פון ר׳ מענדעלע דעם מעליצער רב, וועלכער האָט דאָ געוווינט די גאַנצע צייט און געפירט דאָס רבנות נישט האָבנדיק דעם ספּעציעלן „קאָנצעס״, און אָנהענגער פון דעם באָרוּוער רב, וועלכער איז געקומען מיט זיין טענה, באַזעצט זיך אין מעליץ, אויך געפירט רבנישע טישן אום שבת און צוגעצויגן אַלץ מער אָנהענגער.

מערסטנס אָנהענגער פון ר׳ מענדעלען זענען געווען די חסידים פון שטעטל, וועלכע האָבן געדאַוונט מיט אים אין חסידישן בית־מדרש און אַ טייל פון די בעלי־בתים, וועלכע האָבן געדאַוונט אין דער „מויער״ און אויך אין דעם טשאָרטקאָווער קלויז.

מיט ר׳ לאָזערל דעם באָרוּוער רב האָבן מערסטנס געהאַלטן די פריִערדיקע אָנהענגער פון ר׳ מלכל און דער גרעסטער טייל פון די בעלי־בתים פון דער „מויער״, בעיקר דער פּשוטער עולם פון שול.

ווילנדיק געווינען אויך דעם פּשוטן עולם אונטער זיין השפּעה, האָט ר׳ מענדעלע באַשלאָסן צו האַלטן אַ דרשה אין שול בעת דעם שבתדיקן דאַווענען. צו דעם צוועק האָט ער באַפוילן די גבאים פון בית־מדרש און פון דער „מויער״, וועלכע זענען געווען זיינע אָנהענגער, זיי זאָלן שבת אינדערפרי פאַרשליסן די טירן, כדי דער גאַנצער עולם זאָל קומען דאַווענען אין שול אַריין און הערן זיין דרשה.

ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען שחרית און געדאַרפט אַרויסנעמען די ספר־תורה צום לייענען, איז ר׳ מענדעלע, איינגעהילט אין זיין טלית און אין פרומער התלהבות, אַרויף אויפן באַלעמער לעבן אָרון קודש, כדי צו זאָגן זיין דרשה. אין דעם מאָמענט האָט פּסחיה האָניק, וועלכער איז דעמאָלט געווען גבאי אין שול, אַ קלאַפּ געטאָן אין שולחן און אויסגערופן מיט זיין דייטשמעריש לשון:

— קיינע רעדעס וועלן היר נישט פֿאָרקומען!

באַלד איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. די אָנהענגער פונעם באָרוּוער רב האָבן נאָר אויף דעם געוואַרט און מיטן ווילן צו שטערן דעם מעליצער רבס דרשה, גענומען שרייען. ר׳ מענדעלעס אָנהענגער האָבן גענומען קלאַפּן אין די טישן:

— שאַ, שטיל זאָל זיין! דרך־ארץ אין אַ מקום קדוש!

ס׳איז געקומען צו אַ שפּאַרעניש און קריגעריי ביז ר׳ מענדעלע איז אַראָפּ פון באַלעמער און צוזאַמען מיט די דערצאָרנטע חסידים אַרויס־געלאָפן פון שול מיט געבייזער און שווערע קללות צוליב דעם גרויסן בזיון, וואָס ער האָט געליטן.

אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט מען געהערט אין שטעטל וועגן אַ „מופת״ פון ר׳ מענדעלע דעם מעליצער רב: די מיל פון פסחיה האַניק אין זשעמיען איז פאַרברענט געוואָרן — אַן „עונש״ פאַר זיין שטעלן זיך קעגן אים בשעת דער שבתדיקער דרשה. אַ צייט־לאַנג האָט זיך אַרומגעטראָגן דער „מופת״ פון ר׳ מענדעלע מיטן „עונש״ אויף פסחיה האַניק, ביז מען איז געוואָר געוואָרן, אַז פון דער שריפה איז ער גאָר רייך געוואָרן: ער האָט גענומען אַ גרויסע סומע געלט אַסעקוראַציע און אויפן אָרט פון דער פריערדיקער אַלטער קליינער מיל אויפגעשטעלט אַ גרויסע, מיט מאָדערנע מאַשינען, פון וועלכע ער האָט אַרויסבאַקומען דאָס שענסטע מעל.

מחלוקת צווישן רבנים איז אין מעליץ נישט געווען קיין נייעס און ווי מ׳האָט געשמועסט אין שטעטל, האָבן מחלוקתן נישט אויפגעהערט זינט מעליץ עקזיסטירט.

די שאַרפסטע מחלוקת אָבער, וואָס האָט דערפירט צו פּעטש און געשלעגן, איז פאָרגעקומען ווען דער אַלטער מעליצער רב האָט חתונה געמאַכט זיין עלטסטע טאָכטער תרצהלע, אַ יונג מיידל פון זעכצן יאָר, מיטן עלטסטן זון פון רבין אין באָבעוו. שפּעטער איז זי געוואָרן אַ גרושה אָן אַ גט און פון צרות, חרפות און בושות געשטאָרבן יונגערהייט, איבער־לאָזנדיק אַ קינד אין וויג.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס זייער שיין און גוט. מעליצער חסידים, וועלכע פלעגן פאָרן צום רבין קיין באָבעוו מיט אַ קוויטל וועגן ישועות און נחמות

אָדער סתם אויף אַ שיינעם שבת און רגל, און געזען דאָרט וואַקסן דעם זון פון רבין, אַן עילוי און ירא־שמים, האָבן באַשלאָסן, אַז אָט דעם פרומען עילוי וואָלט גאָר גוט געפּאַסט צו זיין דער איידעם פון מעליצער רב. זיי האָבן פאַרגעלייגט דעם שידוך פאַרן אַלטן מעליצער רב און נישט אָפּגעלאָזט ביז דער שידוך איז געוואָרן אַ פאַקט, און אַ שמחה איז געווען אין שטעטל צווישן ייִדן, וואָס מ׳האָט נישט געזען זינט די וועלט שטייט. אַ קלייניקייט עפּעס! אַ שידוך צווישן דער ראָפּטשיצער דינאַסטיע, פון וואַנען עס שטאַמט דער מעליצער רב, מיטן רבין פון באָבעוו, וואָס שטאַמט פון דער דינאַסטיע פון הייליקן סאַנדזער, איז דאָך עפּעס נישט פשוט. פון אַזאַ זיווג קאָן דאָך משיח געבוירן ווערן!

צו דער חתונה האָט זיך געררודערט. דאָס שטעטל איז פול געווען מיט ששון ושמחה. מחותנים זענען געקומען — בלויז אַטלאַס און זייד, מיט רבנישע שטריימלעך אויף די קעפּ, מיט קאַלפּאַקעס פון סויבל און פוקס. יראת שמים האָט זיך געגאָסן אין שטעטל ווי קוועליק וואַסער, שוין אָפּ־געררעדט פון די רביצינס מיט גרויס פרומקייט און די צנועות מיט שלייערס און שטערנטיכלעך אויף די קעפּ, מיט בינדעס און קופקעס. דערצו נאָך זענען צו דער חופה אונטערן פרייען הימל, אין סאַמע מיט פון מעליצער מאַרק, געקומען צו רייטן חסידים אויף פערד, פאַרשטעלט פאַר „קאָזאַקן״, מיט רויטע הויזן און גרויסע צאַפּעס, מיט גאָלדענע קנעפּ אויף זייערע קעפּ, מיט שווערדן, פּיילן־בויגנס און פייערדיקע שטורקאַצן אין די הענט. זינט מעליץ עקזיסטירט האָט מען אַזוינס נישט געזען.

אָבער וואָס קומט אַרויס פון דעם אַלעם, אַז אין אַ צייט שפּעטער, ווען ס׳איז שוין געקומען אַ קינד אויף דער וועלט, איז דער „זיידענער יונגערמאַן״ אַוועק פון מעליץ אָן אַ זיי געזונט, געפאָרן צוריק אַהיים צום באָבעווער רבינס הויף און פאַרלאַנגט אַ גט.

פאַר וואָס, פאַר ווען, האָט קיין פויגל נישט געוווּסט, און ס׳איז אויך נישט געווען צו פאַרשטיין, איז דען תרצהלע, דעם מעליצער רבס טאָכטער, נישט געווען קיין צנועה? היט זי נישט אָפּ אַלע מצוות, וואָס געהערן צו אַ ייִדישע טאָכטער? פאַרקערט גאָר, איר פרומקייט און צניעות האָט גאָר קיין גרענעץ נישט, אויף אַלע ייִדישע טעכטער געזאָגט געוואָרן. נישט

אַנדערש, נאָר מעשה שטן! — האָבן מעליצער ייִדן צווישן זיך געשמועסט.

געהערט וועגן אַ גט, האָט דער אַלטער מעליצער רב צו דעם נישט געקאָנט מסכים זיין. היתכן, אַזאַ זאַך צווישן רבנים? זינט די וועלט שטייט איז דאָך דאָס נישט געהערט געוואָרן. פאַר וואָס קומט אים אַזעלכע חרפות און בושות? ניין, ער וועט דערצו נישט דערלאָזן! און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מחלוקת צווישן מעליץ און באָבעוו — פייער און פלאַם, ביז באָבעוו איז געפאַלן אויף אַ גאונישע המצאה: אַ גט ממאה רבנים, צי די מעליצער זענען יאָ מסכים אָדער נישט; דער יונגער־מאַן וועט זיין באַפרייט פון שידוך כדת וכדין.

אָבער צו אַ גט ממאה רבנים דאַרף דאָך אויך זיין אַ סיבה. זענען אין באָבעוו אויסגעוואַקסן עדות, ווי פון אונטער דער ערד, בכן, זיי האָבן געזען מיט די אייגענע אויגן דעם מעליצער רבס טאָכטער גיין אין מאַרק נאָך אַ גויישן פּאַגזשעב, מיט אַ גלאָק אין האַנט, רחמנא לצלן, און נאָך אַזעלכע מעשיות, נישט געשטויגן נישט געפלויגן. מען האָט עדות געזאָגט, אַז תרצה דעם מעליצער רבס טאָכטער איז חסר־דעה, נישט טרעפן זאָל זיך דאָס, און אויב אַזוי, איז דער היתר מאה רבנים אַ כשרע זאַך כדין וכדת.

פון די אַלע בזיונות, חרפות און בושות איז תרצהלע קראַנק געוואָרן און אויסגעהויכט איר אומשולדיקע צניעותדיקע נשמה. די מחלוקת האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט, אַזוי ווייט, אַז ווי נאָר מעליצער חסידים האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט באָבעווער, אַפילו אין דער ווייטער פרעמד, איז געקומען צו שאַרפע קריגערייען און אַ סך מאָל אויך צו פּעטש.

געדויערט האָט די מחלוקת צווישן מעליץ און באָבעוו יאָרן לאַנג, ביז ס'איז געקומען צו אַן אייגענער מחלוקת אין שטעטל און געלאָשן די פריערדיקע פון איר שאַרפקייט.

די סיבה פון דער נייער מחלוקת אין שטעטל איז געווען צוליב דעם, וואָס דער אַלטער מעליצער רב האָט מיט אַ מאָל געוואָרפן אַן אומחן אויף זיין עלטסטן זון ר' מלכל, דער געזעצלעכער יורש העצר פון מעליצער כסא־הרבנות — מ'האָט אים שוין גערופן אין שטעטל דער יונגער רב און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז ס'קאָן גאָר אַנדערש זיין.

דער אומחן איז געקומען דערפאַר, ווייל ר' מלכל קרייזלט זיינע פּיאות

אויף לאַנגע פלעשעלעך, קעמט זיין באָרד מיט אַ קאָם, פוצט זיינע שטיוול מיט אַ גלאַנץ און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס פּאַסן גאָר נישט פאַר אַ רב אין אַזאַ חסידישער שטאָט ווי מעליץ. דאַקעגן איז זיין יינגערער ברודער, מענדעלע, אַ געוואַלטיקער ירא־שמים, ברענט ממש מיט יידישקייט, זיצט על התורה ועבודה. ער וואָלט בעסער זיך געפּאַסט צו ווערן מרא־דאתרא אין מעליץ, און אַחוץ דעם פאַרנעמען זיך מיט רביסטווע, מיט נעמען קוויטלעך און זיין אַ פּועל ישועות פאַר יידן, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אייניקל פון הייליקן ראָפּטשיצער צדיק, זכותו יגן עלינו!

ר׳ מענדעלע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין וויעליטשקע, ווו ער איז געזעסן אויף קעסט עטלעכע יאָר שוין נאָך דער חתונה ביי זיין שווער, דעם קלאָסנער רב. דאָ, אין וויעליטשקע, האָט ער נישט געהאָט קיין שום אויסזיכט ווען עס איז צו ווערן אַ רב אַפילו אין אַ קלענערן שטעטעלע פון דער געגנט. דער אַלטער מעליצער רב האָט אים געברענגט קיין מעליץ מיט זיין בני בית, געזעצט אים שבת, בעת די רבנישע טישן, ביי זיין רעכטער האַנט, מיטגענומען אים אויף חתונות און בריתן, ווו ער האָט באַקומען אַ גלייכן חלק מיט אַלע „שיינע־יידן", און דער עיקר — באַפוילן די גבאים אין חסידישן בית־מדרש אויפצורופן אים שבת צו דער תורה מיטן רבנישן טיטל „מורה מורינו", וואָס האָט גאַנץ דייטלעך געוויזן אויף די אמתע כוונות פונעם אַלטן מעליצער רב.

געזען אַזוי, האָט ר׳ מלכל אָרגאַניזירט זיינע אָנהענגער אין שטעטל צו די טישן שבת און יום־טוב, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פירן אויף אַ רבישן שטייגער — מיט זאָגן תורה, טיילן שיריים, זינגען זמירות און טאַנצן „נשמת" אין אַ חסידיש רעדל, אַלץ אַזוי, ווי דאָס פירט זיך ביי זיין פאָטער, דעם אַלטן מעליצער רב. די מחלוקת צווישן זיינע אָנהענגער און די „שווערע" חסידים, וועלכע האָבן געהאַלטן מיט ר׳ מענדעלע, האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט, אַזוי לאַנג, ביז ס׳איז געקומען די מלחמה פון יאָר ניינצן־פערצן. אַ סך מעליצער יידן זענען אַנטלאָפן פאַר די אָנקומענ־דיקע רוסישע קאָזאַקן. צווישן די אַנטלאָפענע זענען געווען אויך די מעליצער רבנים און אין דער פרעמד, אין ווין, איז דער אַלטער מעליצער רב נפטר געוואָרן.

נאָך דער רוסישער אינוואַזיע האָט מען אים געבערענגגט קיין מעליץ קובר צו זיין אין אוהל פון די מעליצער רבנים. ר׳ מענדעלע האָט פאַרנומען זיין פאָטערס אויסגעבעטע שטול ביים טיש און געפירט די רביסטווע אויפן פאָטערס שטייגער. ר׳ מלכל האָט ווייטער געפירט די שבתדיקע טישן, ווי ביז איצט. סיי ווי האָט דאָס מלחמה־צייט נישט געהאַט קיין באַדייטונג. די קהילה איז נישט געווען טעטיק און וועגן כסא־הרבנות איז נישט געווען וואָס צו רעדן.

ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט די מלחמה מיט אַלע אירע צרות און פּאָגראָמען און מיט פרנסה איז געווען גאָר שלעכט, האָט ר׳ מלכל באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע, ווו ער האָט געהאַט זיינע אָנהענגער פון פאַר דער מלחמה און עטלעכע מאָל האָבן זיי אים געשריבן, אַז ער זאָל למען השם וואָס גיכער קומען, און זיי וועלן אַלץ טאָן, ער זאָל דאָ מצליח זיין.

אין ניו־יאָרק האָבן זיינע אָנהענגער איינגעאָרדנט פאַר אים אַ גרויס־אַרטיקן קבלת פנים, צעקלעפּט פּלאַקאַטן אויף די טירן פון אַלע בתי־מדרשים און שולן. מיט גרויסע קידוש־לבנה־אותיות איז דאָרט געווען אָנגעזאָגט, אַז דער מעליצער רב, אַ וויכטיקער בעל־מופת און בעל־מנגן, קומט צו פאָרן און פאַרבעט אַלע פאַראינטערעסירטע קומען דאַווענען אין דער מעליצער שול, ווו עס וועט אויך געפירט ווערן שבת אַ רבישער טיש מיט זמירות און חסידישע ריקודים. די רעקלאַמע האָט געווירקט און אַ גרויסער עולם איז געקומען צום שבתדיקן דאַווענען.

ווען דער עולם האָט געהערט דעם מעליצער רבס שיינע דאַווענען און געזען זיין הדרת־פנים זענען אַ סך פון זיי געקומען צו די שבתדיקע טישן, ביי וועלכע ער האָט געזאָגט תורה, געטיילט שיריים און מיט זיין שיינער שטימע געזונגען די זמירות. עס האָבן אויך אָנגעהויבן קומען יידן מיט קוויטלעך, ווי צו אַ רבין, אַ בעל־מופת און איבערגעלאָזן אַ גרעסערן פדיון, און כאָטש ער האָט געדאַרפט זיך טיילן מיט זיינע פריינד, די אָרגאַניזאַטאָרן פון זיין קומען אַהער — איז אויך פאַר אים געבליבן אַ שיינע הכנסה.

דעם גרעסטן דערפאָלג אָבער האָט ר׳ מלכל דער מעליצער געהאַט ביים קאָמפּאָנירן זיינע חסידישע ניגונים, וואָס מ׳האָט אויפגעכאַפּט אויף גראַמאָפאָן־פּליטן און זיי זענען פאַרקויפט געוואָרן פאַר גוטע פרייזן.

נאָכן מאַכן אַ ביסל געלט האָט ר׳ מלכל באַשלאָסן, אַז אַמעריקע איז נישט פאַר אים קיין לאַנד צום וווינען און ער האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין פוילן. ער האָט געדונגען אַ דירה אין קראָקע, דאָרט אָנגעהויבן פירן זיין רביסטווע און רעזיגנירט פון דעם מעליצער כסא־הרבנות, מיט די מחלוקת און בזיונות, וואָס ער האָט געליטן אין משך פון אַ לאַנגער צייט.

ווען ר׳ לאָזערל ,דער באָרוואר רב, וועלכער האָט געוווינט אין סאָניק און געוואָרן נאָך ר׳ מלכל דער געזעצלעכער יורש פון מעליצער כסא הרבנות, האָט געהערט, אַז זיין עלטערער ברודער האָט רעזיגנירט פונעם מעליצער כסא הרבנות, איז ער געקומען קיין מעליץ מיט זיין בני־בית, געדונגען אַ דירה און דאָרט איינגעאָרדנט אַ בית־מדרשל צום דאַווענען און לערנען, און דער עיקר — צו פראַווען דאָס רביסטווע מיט שבתדיקע טישן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מרא־דאתרא. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע מחלוקת אין מעליץ, נאָך מיט מער ברען און שאַרפקייט ווי פריִער, און צעטיילט די יידן: פון איין זייט — חסידים פון ר׳ מענדעלען און פון דער צווייטער זייט — דער בעל־ביתישער עולם און די פריִערדיקע אָנ־הענגער פון ר׳ מלכל, וועלכער האָט זיך איצט אָנגעשלאָסן צום באָרוואר רב און געהאַלטן, אַז ער דאַרף פאַרנעמען דעם כסא־הרבנות, וואָס איז אָפיציעל געווען פריי, אָבער פאַקטיש פאַרנומען דורך ר׳ מענדעלען. איצטער האָט זיך שוין געהאַנדלט אין דעם, ווער פון די צוויי ברידער עס וועט אַרויסבאַקומען דעם „קאָנצעס״ פון דער אָרטיקער סטאַראָסטווע און ווערן אָפיציעל דער מעליצער רב.

די מחלוקת, וואָס האָט ביז איצט געפירט זיך אין די בתי־מדרשים, האָט זיך איבערגעטראָגן אַרום דעם אָפיציעלן „קאָנצעס״ און דעם אורטייל, וואָס דאַרף קומען פון דער מעליצער סטאַראָסטווע.

די הויפּט־טענה פון די אָנהענגער פון באָרוואר רב קעגן ר׳ מענדעלען אויף דער אָפיציעלער זייט איז געווען, אַז ער איז נישט פעיִק צו זיין מעליצער רב, ווייל ער איז אַן אַנאַלפאַבעט, ער קען נישט רעדן קיין פויליש וואָרט. אין סטאַראָסטווע איז מען געקומען צום באַשלוס צו מאַכן אַן „עקזאַמען״ און זען דעם אמת. ר׳ מענדעלע האָט באַין ברירה געמוזט אָנהייבן לערנען פויליש, אַ זאַך, וואָס ער האָט אַלע יאָרן זיך קעגנגעשטעלט,

אַז פרומע בחורים זאָלן דאָס טאָן, מחמת ביטול תורה, און דאָ דאַרף ער דאָס אַליין טאָן. אָבער וואָס קאָן מען מאַכן? ס'איז אַ גזירה מן השמים. דער מעליצער רב האָט, צי ער וויל יאָ אָדער נישט, געמומען זיך גרייטן. שטילערהייט האָט מען געברענגט אַ ייִדישן לערער, וועלכער האָט געגעבן פּוילישע לעקציעס פאַר פרומע ייִנגלעך און בחורים, וועמענס עלטערן האָבן זיי נישט געוואָלט שיקן אין די גוייִשע שקאָלעס. האָט דער לערער גע־קנעלט מיט ר' מענדעלען רעדן פּויליש. אָבער לערן אַהין, לערן אַהער, אַז די פּוילישע ווערטער ווילן זיך פאָרט נישט קלעפּן צו אַ מויל, וואָס איז געוווינט נאָר צו הייליקע תפילות און לערנען תורה. די פּוילישע ווערטער זענען ביי אים אַרויסגעקומען „כחרס הנשבר״ און עס האָט גע־דראָט, אַז ער זאָל דורכפאַלן ביים עקזאַמען.

אָבער דער מעליצער רב האָט געהאַט אַ סך אָנהענגערינס צווישן די פרומע מעליצער ווייבער, וועלכע פלעגן קומען צו אים מיט „קוויטלעך״ כדי געהאָלפן צו ווערן פון אַלע זייערע צרות און קראַנקהייטן. זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן בעל־מופת. ווען ס'איז געקומען דער טאָג פון עקזאַמען, האָבן די ווייבער זיך געלאָזט צום אוהל אויפן אַלטן בית־החיים, ווו ס'האָבן גערוט די הייליקע רבנים און צדיקים פון מעליצער שטעטל, דער פאָטער און די זיידעס פון מעליצער רב ביז צום הייליקן ראָפּטשיצער זכותו יגן עלינו, אָנגעצונדן ליכט אויף זייערע מצבות און געבעטן, אַז זיי זאָלן זיך מיִען און לויפן אין אַ גוטער שליחות, ר' מענדעלע זאָל מצליח זיין.

דעם מעליצער רב האָבן באַגלייט צום סטאַראָסטע זיינע אָנהענגער, וועלכע זענען געווען מיטן סטאַראָסטע קנעפּל־שבקנעפּל, געשמירט אים דערפאַר מיט אַ פעטן מתנת־יד, און אָנשטאָט צו שמועסן אויף פּויליש מיטן מעליצער רב, האָט ער גערעדט אין כלל אַריין, צו אַלע צוזאַמען. ר' מענדעלע האָט דערפון נישט פאַרשטאַנען קיין איינציק וואָרט, לפנים אָבער האָט דאָס געמאַכט אַן איינדרוק, ווי ער וואָלט געמומען אָנטייל אין דעם פּוילישן שמועס. דער עקזאַמען איז אַדורך בשלום.

# ערב שבת

פרײַטיק גאַנץ פרי האָט זיך שוין געפילט דער אָנקומענדיקער שבת. ווי נאָר עס האָט אויפגעשיינט דער פרימאָרגן האָט דוד טאָרבע אַרויס־געשטעלט אַ גרויסע האָלצענע באַליע מיט וואַסער, ווו לעבעדיקע קאַרפּן האָבן געדיכט אַרומגעפּליסקעט. פרומע בעלי־בתים האָבן זיך מקדים געווען אַהער מקיים צו זײַן די מצווה פון אַליין קויפן די פיש לכבוד שבת.

דוד טאָרבע האָט יעדעס מאָל אַרויסגעכאַפּט אַ צאַפּלדיקן קאַרפּ און אויסגערופן: „נאַט אייך, ר׳ משה, אַ פישל לכבוד שבת, נאַט אייך, ר׳ יאַנקל, לכבוד שבת״! פאַרטיק געוואָרן מיט די בכבודיקע בעל־הבתים, האָט ער גענומען טיילן די גרעסערע קאַרפּן צו רייכע בעל־הביתטעס, וועלכע ער האָט גערופן לויטן גבירישן מאַנס נאָמען: „נאַט אייך, ר׳ שׂמחה פרידמאַנס ווייב, נאַט אייך, ר׳ יאָמע הערמאַלעס ווייב״! נאָכן צעטיילן די גרויסע קאַרפּן זענען געבליבן די קלענערע, פאַר די ווייבער פון פּשוטע בעלי־בתים און וויניקער פאַרמעגלעכע. זיי זענען געשטאַנען אַרום און געררישט: „ר׳ דוד, גיט מיר אַ פישל! גיט מיר אַ גרעסערס! אַ לעבעדיקס לכבוד שבת״! די איבערגעבליבענע טויטע קאַרפּן און קליינע פישלעך האָבן גע־קויפט די ווייבער פון די אָרעמע קרעמער און בעלי־מלאכות.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דער „קלאַסן־אונטערשיד״ ביים קויפן די פיש אין מאַרק ביסלעכווייז פאַרשוווּנדן און ס׳איז איינגעפירט געוואָרן דער כלל: ווער עס קומט פריִער, קויפט פריִער.

נאָכן פאַרקויפן די פיש אין מאַרק האָט דאָס גערויש זיך איבערגע־טראָגן צו די וואַלד־גויִים וועלכע האָבן זיך געשטעלט מיט זייערע וועגע־לעך האָלץ אויפן מאַלי רינעק, קעגן איבער דעם שולפלאַץ און די בתי־מדרשים. די ייִדן זענען פריִער ווי יעדן טאָג פאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען און מיט טלית און תפילין אונטערן אָרעם זענען זיי געלאָפן פון איין וועגעלע צום צווייטן. באַטאַפּט די בינטלעך האָלץ צו זען וועלכע זענען

טרוקן, גוט צום הייצן, און וועלכע נאַס, נישט צום דערצינדן און מען דאַרף אויסשפּייען די לונגען פון בלאָזן ביים מאַכן פייער אין קיך.

די מער פאַרמעגלעכע בעלי־בתים האָבן געקויפט אַ גרעסערע צאָל בינטלעך, אָדער דאָס גאַנצע וועגעלע מיט האָלץ. דאַן איז דער וואַלד־גוי פאַרפאָרן צום קונה, און אָפּגעלייגט די בינטלעך האָלץ פאַר זיין טיר און פאַר עטלעכע גראָשן — אַרויפגעטראָגן עס אויפן בוידעם צום טריקענען און צום נוצן אין משך פון אַ לאַנגער צייט.

שפּעטער, ווען בעריש לעוו און משה רעכט האָבן געעפנט סקלאַדעס צום פאַרקויפן האָלץ און קוילן צום הייצן, האָבן די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים געקויפט ביי זיי גאַנצע קלאַפטערס האָלץ, געדונגען גויִישע האָלץ־העקערס, וועלכע האָבן געשניטן דאָס האָלץ מיט זעגן, דערנאָך צעהאַקט אויף קלענערע שטיקלעך און אַרויפגעטראָגן אויפן בוידעם.

פאַרטיק געוואָרן מיטן האָלץ אויפן „מאַלי רינעק", האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענין מיט וואַסער צו קאָכן אויף שבת. און נישט זעלטן האָט געטראָפן, אַז פריייטיק זענען בעלי־ביתטעס געבליבן אָן אַ ביסל וואַסער צוצוגרייטן די שבתדיקע מאכלים.

אין מעליץ איז תמיד געווען אַ פּראָבלעם מיט וואַסער צום קאָכן. אין די ברונעמער פון דער יִדישע געגנט איז דאָס וואַסער געווען געזאַלצן, געהאַט אַ שלעכטן טעם און געניצט בלויז צום וואַשן און רוימען. צום קאָכן דאַקעגן האָט מען געדאַרפט ברענגען דאָס וואַסער פון דער גויִישער געגנט, פון דער באַנגאַס קעגן איבער דעם יִדישן בית־עולם. די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט איבער די ברונעמער מיטן גוטן וואַסער געמאַכט פּאָמפּעס צום צאַפּן דאָס וואַסער. די יִדישע וואַסער־טרעגער האָבן עס געפירט צום צענטער פון שטעטל אין גרויסע האָלצערנע פעסער אויף צוויי רעדער און צעטיילט דאָס אין די יִדישע שטיבן.

אין משך פון דער וואָך האָט זיך דאָס פעלן פון וואַסער נישט געפילט, דאַקעגן פריייטיק, ווען דער געברויך פון וואַסער איז געווען גרויס צוליבן צוגרייטן דאָס שבתדיקע עסן, איז געוואָרן אַ מאַנגל פון דעם אַרטיקל און ווייבער זענען געלאָפן אין גאַס זוכן דעם וואַסער־טרעגער, כדי צו באַקומען פון אים עטלעכע קענדלעך וואַסער.

נאָך ערגער איז געווען, אַז די פּאָמפּעס אין דער באַנגאַס זענען פּלוצלונג פּרייטיק קאַליע געוואָרן, אָדער קאַליע געמאַכט דורך די גוייִשע רשעים. דעמאָלט זענען ווייבער, אין מיטן דעם קאָכן, געלאָפן פאַרצווייפלט און געזוכט אַ ביסל וואַסער צו ראַטעווען די שבתדיקע מאכלים.

אין אַזאַ צייט זענען די וואַסער־טרעגער געוואָרן ביי זיך וויכטיקע מענטשן און האָבן נישט געהערט די בקשות פון די נישט־פאַרמעגלעכע בעלי־ביתטעס, נאָר ס׳ערשטע פאַרפאָרן מיט זייער פאַס וואַסער צו די גבירישע בעלי־ביתטעס, זייערע סטאַבילע קליִענטן.

אַן אויסנאַם איז געווען דער וואַסער־טרעגער משה יאָפּעק, ער האָט נישט געהאַלטן פון די גבירים. „אַלע ייִדן זענען דער זעלבער יחוס״! — פלעגט ער זאָגן. ביים דוכענען אין שול בענטשט ער אַלע גלייך, אָרעם און רייך (ער איז געווען אַ כהן). אַז ער האָט זיך אין אַזאַ פרייטיק פון וואַסער־מאַנגל באַוויזן מיט זיין פאַס, האָבן די ווייבער זיך אַרומגעשטעלט און גערופן: „ר׳ משה, קומט צו מיר! צו מיר״!... און ער, ער איז צע־טומלט געוואָרן, געשטאַנען מיטן פאַס וואַסער אויף איין אָרט און געבייזערט זיך: „וואָס ברענט דאָס אַזוי ביי ענק, קוואָקעס״?

צוזאַמען מיטן טומל פון די ווייבער און וואַסער־טרעגער האָט אַרום זיך געהערט אַ געדיכט טעמפּ קלאַפּן פונעם האַקמעסער אַן ברעטל. דאָס האָבן בעלי־ביתטעס געהאַקט די ציבעלעס צוצוגרייטן די געפילטע פיש לכבוד שבת. אַ געשמאַקער ריח פון זיס־געפעפערטע פיש האָט זיך געטראָגן פון די ייִדישע הייזער איבער דעם מאַרק און די געסלעך, אויסגעמישט זיך מיטן פיינעם געשמאַק פון פיעטרושקע און קאָפּער אין דער פאַר־בראָקטער יויך און מיטן ריח פון די פריש־געבאַקענע חלות און קוכנס, וואָס ווייבער און מיידלעך האָבן געטראָגן פון די בעקערס.

די אַלע ריחות האָבן גערייצט די אַפּעטיטן פון די ייִדישע בעלי־עגלות, וועלכע זענען אין דער צייט געשטאַנען פוסט־און־פּאַס לעבן זייער פערד־און־וועגעלע. נישט געווען שוין קיין פּאַסאַזשירן צום צוג, ווייל וועלכער מעליצער ייִד וועט דאָס פרייטיק מיטאָגצייט זיך אַרויסלאָזן אין וועג אַריין מיט דער באַן? סיידן, עטלעכע חסידים צום רבין קיין טאַרנע אָדער ריישע אויף שבת־ראש־חודש אָדער אַן אַנדערן יום־טוב. האָבן די בעלי־עגלות אויף

גיך געכאַפּט די בייטשלעך אין האַנט, און היידאַ! געפאָרן צו זייערע היימען אין דער שטאָט אָדער קיין באָריק, אַ דאָרף נישט ווייט פון דאַנען.

דער מאַרק איז אויסגעליידיקט געוואָרן אויך פון די פויערישע וועגע־לעך. ייִדן האָבן גענומען איילן צום שוויצבאָד מיט אַ בעזעמל אין האַנט און אַ פריש־געוואַשן העמד אונטערן אָרעם.

אַרום דער באָד איז די באַוועגונג געוואָרן אַלץ מער געדיכטער און געשרייען האָט זיך געהערט פון דאָרט: „אויפגיסן! אויפגיסן"! אַ הייסע פּאַרע האָט געשלאָגן פון די צעגליטע שטיינער אין דער קאָטלינע. פון די הויכע האָלצערנע שטיגן האָבן זיך געהערט מחיהדיקע קרעכצן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמייסעריי מיט בלעטערדיקע בעזעמלעך איבער די רויט־צעגליטע לייבער.

די צייט פון ליכטצינדן האָט זיך דערנענטערט. דער שמש האָט גע־איילט מיט זיין האָלצערנעם האַמער איבערן מאַרק, איבער די געסלעך, געקלאַפּט מיט אים אין די אייזערנע טירן און לאָדנס פון די געשעפטן און קראָמען און גערופן: „צייט פון ליכטצינדן"! באַלד האָט זיך דער־הערט אַ קלאַפּעריי פון זיך שליסנדיקע טיר־און־פענצטער און דאָס גריל־צעריי פון די אייזערנע זשאַלוזיעס איבער די געשעפטן. די געצינדענע ליכט האָבן זיך גענומען באַווייזן אין די פענצטער פון ייִדישע הייזער.

פון אַלע זייטן האָבן ייִדן, יונג און אַלט, אָנגעהויבן שטראָמען צו די בתי־מדרשים און שולן. יעדער פון זיי איז געווען אָנגעטון אין זיין שבתדיקן לבוש: חסידים אין לאַנגע, פּאַרגאַרטלטע, שוואַרצע בעקעשעס און קאַלאַטן מיט שבתדיקע שטריימלעך אויף די קעפּ, טייל מיט רייכע סויבעלנע שפּיצן און אַנדערע מיט אויסגעקראָכענע פּיקסענע שפּיצן, אָבער אַלע איינגעהילט אין אַ שבתדיקער קדושה, וואָס האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט וואָס נענטער צום רבס בית־מדרשל פון דער אַלטער רביצינס מנין און צום חסידישן בית־מדרש לעבן שול־פּלאַץ. אין דעם זעלבן שבתדיקן לבוש, נאָר מיט ווייניקער קדושה זענען די בעלי־בתים געקומען דאַווענען אין דער „מויער" קעגן איבער. ביים עולם פון דער שול דערנעבן איז דער לבוש געווען אַ געמישטער, מיט שטריימלעך און אָן שטריימלעך, מיט זיידענע בעקעשעס און אָן זיידענע בעקעשעס.

אויך דער בוי פון דער שול איז געווען אַן אַנדערער, ווי פון אַלע איבעריקע בתי־מדרשים: זי איז געווען ברייט און הויך, מיטן פראָנט פון שולפלאַץ, מיט צוויי טורעמס פוןביידע זייטן, מיט אָפענע טירן, וואָס האָבן געפירט מיט אַ סך שטיגן אַרויף צו דער ווייבערשול אויפן ערשטן און אויפן צווייטן שטאָק. מיט קליינע און גרעסערע פענצטערלעך און לופטשי־קעס גאַנץ אויבן און מיט גיפסענע געזימסן אַרום. און דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קעניגלעכן פּאַלאַץ, און מקום־קדוש צוזאַמען.

אינעווייניק איז די שול אויסגעמאָלן געוואָרן אין פאַרבן דורך יצחק פעניכל און זיין ברודער ישראל. די מאָלערייען זענען געוואָרן באַוווּנדערט פון יעדן ווער ס'איז געקומען אין שול.

די מאָלערייען אין שול זענען באַשטאַנען אין דער ערשטער ריי פון חומש־בילדער. אין ערשטן ווינקל אַריינקומענדיק פון רעכטס, אין דער הויכקייט פון אַ שטאָק, איז געווען אַ בילד, ווי ייִדן אין מצרים קנעטן דאָס ליים צו מאַכן ציגל. העכער איבער דעם — רושטאָוואַניעס, ווו האַלב־נאַקעטע ייִדן בויען די מויערן פון פתום ורעמסס. די מאָלערס האָבן נישט פאַרגעסן אַפילו די קינדער, וועלכע זענען געוואָרן אַריינגעמויערט אין די ווענט. אַזוי האָבן די חומש־בילדער זיך געצויגן ביז צו משה רבינו פאַרן ברענענדיקן סנה — וואָס האָט געברענט, ווי אַן עכט פייער. משה רבינו איז געוואָרן געמאָלן מיט גראָע באָרד־און פיאות, אין אַ שבתדיקן כאַלאַט מיט אַ פוטערן היטל, ספּק־שטריימל ספּק־קאָלפּיק, אויפן קאָפּ — אַלץ לויט דער געשטאַלט פון דזשיקעווער רבין, וועמענס חסיד יצחק פעניכל איז געווען.

ווייטער, צום צווייטן ווינקל, איז געווען געשילדערט, ווי אַזוי די ייִדן גייען איבער בערג און טאָלן צום ים און אין סאַמע ווינקל — ווי נחשון בן עמינדב שפּרינגט אַריין ביז צום האַלדז אין וואַסער. העכער אַ ביסל זעט מען אָנקומען די רייטוועגן פון פרעה מיט צעהירזשעטע פערד, וואָס אָט־אָט גרייכן זיי צו דער ייִדישער מחנה, און באַלד זעט מען שוין אויף דער צווייטער זייט פון ים — אין ווינקל אויף דער דריטער וואַנט — די דערטרונקענע רייטוועגנער, איבערגעקערטע מיט די רעדער אַרויף און די פערד זינקען טיף אין דער בלאָטע צוזאַמען מיט די שוין טויטע מצרים.

ווייטער אַ ביסל אויף דער זעלבער וואַנט איז אויסגעמאָלן געווען דער ברענעדיקער באַרג סיני פון קבלת התורה, אַרום וועלכן עס שטייען פרום־ציטערנדיקע ייִדן אין שבתדיקן לבוש, און דונערן און בליצן אַרום, אַז מ׳קאָן זיי ממש הערן. אַזוי גייט דאָס געמעל ווייטער, ביז צום לעצטן ווינקל מיטן טרויעריקן בילד „על נהרות בבל״, ווו ייִדן הענגען־אויף זייערע פידלען און פלייטן אויף די צווייגן פון דיביימער לעבן טייך, וואָס איז גאַנץ ענלעך צו דער מעליצער וויסליק מיט דער קעמפּע אַרום.

אָבער דאָס איז ווייט נישט אַלץ. איבער יעדן פענצטער זענען געווען געמאָלטע פאָרהאַנגען, ווי זיי וואָלטן אויף אַן אמת דאָ געהאָנגען מיט זייערע רויט־גאָלדענע פאַרבן און מיט אַלע צוועלף שבטים. צווישן די הויכע פענצטער זענען געווען אויפגעצייכנט פסוקים און קאַפּיטלעך פון דאַווענען מיט גרויסע „קידוש־לבנה״־אותיות. דאָס אַלץ איז געווען גע־צייכנט אויף די ווענט פון דריי זייטן. אויף דער פערטער וואַנט זענען געווען אויסגעמאָלן כל מיני כלים פון בית־המקדש: צימבלען, האַרפעס און פלייטן פון די לוויים צום שפּילן אין בית־המקדש. ווייטער — דאָס מזבח מיטן אש־תמיד. און איבער אַלץ — דער „קל כנשר גבור כאַרי ורץ כצבי״ וואָס זעען אויס ווי לעבעדיק, אַז אָט־אָט שפּרינגען זיי אַראָפּ פון דער וואַנט.

איבערן הויכן סופיט זענען געווען אויסגעמאָלט די צוועלף מזלות און כל מיני פירות פון ארץ־ישראל, אתרוגים, לולבים און נאָך און נאָך — אָן אַ צאָל.

אין צענטער פון סופיט, צווישן די פיר זיילן, וואָס האָבן אים אונטער־געהאַלטן, איז געווען אָפּגעמאָלט דער לויתן, ווי ער ליגט איינגעוויקלט אין אַ קײַלעכיק רעדל, בייסט זיין עק מיט די ציין פון מויל, ער זאָל אים נישט אַרויסלאָזן. ווייל טאָמער געשעט דאָס, חלילה, ווערט די גאַנצע וועלט דערטרונקען אין צעבושעוועטן ים, וואָס געפינט זיך אין קײַלעך פון דעם ריזיקן פיש, און אין צענטער פון אָט דעם ים הוידעט זיך אַ זעגלשיפל — נאָר צום דערטרונקען ווערן.

פּרייטיק פאַרנאַכט, ווען די שול איז געווען באַלויכטן — אין די אַמאָליקע צייטן מיט בליצלאָמפּן פון נאַפט און לעצטנס מיט עלעקטרישע

ברענערס — האָבן די פאַרבן באַקומען נאָך אַ שענערן אָפּגלאַנץ און אַ לעבעדיקערן אויסדרוק, אַז די אַריינקומענדיקע מתפּללים האָבן יעדעס מאָל אַ וואָרף געטאָן אַהין דעם בליק און באַוווּנדערט, ווי זיי וואָלטן דאָס ערשטע מאָל געזען די מאָלערייען אין שול.

# פרייטיק צו נאַכטס

דאָס דאַווענען אין דער שול איז צוגעגאַנגען שטיל און געלאַסן, טייל מאָל מיט אַ חזן, אַן אַנדערש מאָל האָט זיך געשטעלט פאַרן עמוד אַ בעל־תפילה פון צווישן עולם. אין דער „מויער״ דערנעבן איז דער קבלת שבת געווען אַ ביסל מער רוישיק. דאַקעגען אין חסידישן בית־מדרש איז דאָס דאַווענען קבלת שבת געווען שטאַרק רוישיק, מיט התלהבותדיקן ברען, מיט שאָקלען זיך, פּאַטשן מיט די הענט און מיט שרייענדיקע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן דורך טיר און פענצטער ווייט אַוועק, ביז צו דער גויִישער געגנט פון דער בלאָניע און שקאָטניע.

דאָס דאַווענען קבלת שבת האָט זיך ס׳ערשטע פאַרענדיקט אין דער שול, פון וואַנען דער עולם איז אַרויס צום שולפלאַץ מיט אַ פריילעכן „גוט־שבת״ פון איינעם צום צווייטן. דער „גוט־שבת״ האָט זיך גענומען טראָגן פון דער „מויער״ און שפּעטער מיט פרומקייט און קדושה — פון חסידישן בית־מדרש, פאַרשפּרייט זיך איבער די געסלעך אַרום, געטראָפן זיך מיטן „גוט־שבת״ פון די דזשיקעווער חסידים פון ר׳ לאָזערל מלכהלעס בית־מדרשל און פון די שטאַרק פרומע פון דער אַלטער רביצינס מנין, ביז צום סוף מאַרק, ווו דער „גוט־שבת״ האָט זיך געטראָגן פון דער טשאַרטקאָווער קלויז, ביז ער איז פאַרשלונגען געוואָרן אין די יִידישע שטיבן, ווו מ׳האָט גענומען זינגען „שלום־עליכם״ פאַרן מאַכן דעם קידוש.

דאָס זינגען זמירות האָט זיך געהערט פון די שבתדיקע טישן — מיט פאַרשידענע טענער, קולות און קלאַנגען. פון טייל פענצטער — מיט גרויס פרומקייט, פון אַנדערע — סאָליד און ערטערווייז — באַגלייט פון קינדער־שטימעלעך, ווי נאָכגעמאַכט די משוררים פון שול־חזן.

נאָך דער שבתדיקער סעודה איז ווידער געוואָרן אַ באַוועגונג איבער די געסלעך אין מאַרק. חסידים, בעלי־בתים און סתם עולם, בעיִקר פון דער יוגנט, האָבן געצויגן צום שפּאַציר אין דער באַנגאַס, צו דער ווילסלעווער־גאַס ביז צו דער קעמפּע אַרום דער ווייסליק, ווו זומער־צייט

האָט אַלץ געגרינט און געבליט. אַ טייל פון דער יוגנט איז אַוועק צו די ציוניסטישע פאַראיינען צו הערן אַ רעפעראַט פון אַ היגן אָדער פרעמדן פרעלעגענט, וועלכער איז געקומען אַהער אין אַ ציוניסטישער שליחות און אָנגעצונדן די פאַרזאַמלטע מיט באַגייסטערונג פאַרן אויפבוי פון אַ נאַציאָ־נאַלער היים פאַר ייִדן אין ארץ־ישראל.

די חסידים האָבן נאָכן שבתדיקן טיש געזאַמלט זיך אין בית־מדרשל פון ר׳ מענדעלע דעם מעליצער רב. דאָס צימער איז געווען העל באַלויכטן מיט אַ בליצלאָמפּ אין דער מיט פון סופיט און מיט זיבן גלעזערנע אייל־שיסעלעך מיט קנייטלעך, וואָס האָבן געברענט אַרום, אַנטקעגן די זיבן טעג אין דער וואָך. אויפן לאַנגן ווייסגעדעקטן טיש האָבן גרויסע ליכט געברענט אין די לייכטער און אויבן אָן, ווו דער מעליצער רב איז געזעסן אויף זיין אויסגעבעטער שטול, האָבן געברוינט פריש־געבאַקענע קליינע י״ב־חלות. ער האָט זיי מיט זיין פרומער כוונה אויסגעלייגט אַרום די שבתדיקע חלות, צוגעדעקט מיטן שבתדיקן חלה־טישטעכל און גענומען זינגען „שלום־עליכם״. דער עולם אַרום לאַנגן טיש און אויך די, וועלכע זענען געזעסן אויף די לאַנגע בענק אַרום די ווענט, האָבן אונטערגעכאַפּט און אויסגעפילט דעם חלל מיט מלאכימדיקער קדושה. דרויסן, פאַר די פענצטער פון רבס הויז, האָבן אין צווישן זיך געזאַמלט פרומע ווייבער. ווייטער, אַ ביסל אָפּגערוקט, זענען געשטאַנען בעלי־בתים מיט שטריימלעך און בעקעשעס, נישט קיין חסידים, בלויז צו הערן דעם רבס זינגען „שלום־עליכם״ און זיין קידוש, צו וועלכן ער האָט זיך געגרייט צו מאַכן מיט גרויס דביקות און התרוממות, מיט אַ שטילן מורמלען מיט פאַרמאַכטע אויגן כדי מכוון צו זיין די ריכטיקע כוונות.

דער פאַרזאַמלטער עולם אין בית־מדרשל, וועלכער איז אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער צום קידוש, האָבן זיך ווידער אַוועקגעזעצט. דער גבאי האָט אַריינגעברענגט אַ שעפּ מיט צוויי אויערן אַ פולע מיט וואַסער און אַ שיסל. דער רב האָט מיט כוונה געגאָסן דריי מאָל איבער די הענט, פרום געזאָגט די ברכה איבער די חלות, נאָך וועלכע דער עולם האָט געזאָגט „אָמן״. די פאַרזאַמלטע אין דרויסן האָבן גענומען זיך פונאַנדער־גיין, ווער אַהיים און ווער צום בית־מדרשל פון ר׳ לאָזערל דעם באָרווער

רב, וועלכער האָט איצטער אויך געפּראַוועט דעם רבנישן טיש מיט זינגען „שלום־עליכם", מאַכן קידוש, זינגען זמירות, זאָגן תורה און טיילן שיריים צו זיינע חסידים און אָנהענגער אַרום לאַנגן טיש, אָבער אָנטקעגן דער יראת שמימדיקער התנהגות פון ר' מענדעלע דעם מעליצער רב, האָט דאָ אַלץ אויסגעזען בלאָס, ווי נאָכגעמאַכט, צוגעפּאַסט צו זיינע חסידים פון בעלי־ביתישן שניט.

נאָכן אויסהערן דעם קידוש אי ביים מעליצער רב, אי ביים באָרוועער רב, האָבן זיך אַ טייל פון בעלי־ביתישן עולם געלאָזט גיין צו עבער האָניקס שבת־שענק טרינקען אַ גלעזעלע ביר און פאַרבייסן מיט אַרבעס ביי אַ טישל און שמועסן וועגן שטעטלדיקער פּאָליטיק אָדער מאַכן לצנות פון וועמען עס לאָזט זיך. מערסטנס האָט איצט דער שמועס זיך געפירט אַרום דער מחלוקת צווישן די צוויי רבנישע ברידער, וועלכע קאָנקורירן צווישן זיך מיט פרומקייט און יראת־שמים און יעדער פון זיי פּלייסט זיך צו ווייזן מופתים, מעניש צו זיין די אָנהענגער פון צד־שכנגד, אַזוי ווייט, אַז אויב ס'טרעפט אַ שׂריפה, אַ מחלה אָדער, חלילה, אַ לוויה אין שטעטל, ווערט דאָס אָנגענומען ווי אַ עונש דורך איינעם פון די צוויי הייליקע רבנים. געפירט האָבן זיך די שפּאַרענישן ביי די טישלעך וועגן דעם ביי וועמען פון ביידע צדדים ס'איז דער אמת וצדק. אַ געלעכטער פון חוזק האָט זיך געטראָגן ביז אַרויס אין גאַס, וואָס האָט געגרענעצט זיך מיט דער הינטערשטאָטישער בלאָניע ווי אַ שבת־ערוב האָט זי אָפּגעטיילט פון יידישן תחום.

פון מעליצער רבס בית־מדרשל האָט זיך אַלץ שטאַרקער געטראָגן דאָס פרומע דביקותדיקע זינגען און פּאַטשן אין די הענט. דאָס האָט ר' מענדעלע דער מעליצער רב געזונגען „נשמת" צום פאַרענדיקן זיין רבנישן טיש און די חסידים אַרום האָבן אונטערגעכאַפּט דאָס זינגען, פאַר־פלאָכטן אַ חסידיש רעדל צום התלהבותדיקן טאַנץ, צו וועלכן דער רב האָט זיך אָנגעשלאָסן מיט די ווערטער „כל עצמותי! כל עצמותי תאמרנה ד' מי כמוך". געדרייט האָט זיך דאָס רעדל מיט אַלץ מער ברען ביז עס האָבן זיך געלאָשן די שבת־ליכט אין די לייכטער אויפן טיש, ביז עס האָבן שוין געצאַנקט די פלעמעלעך פון די קנייטלעך אין די זיבן שבתדיקע

שיסעלעך הינטערן סופיט. אַ טונקלדיקער שאָטן פון טאַנצנדיקן רעדל האָט זיך געדרייט מיט די פרום־דביקותדיקע ווערטער: „כל עצמותי! כל עצמותי תאמרנה ד׳ מי כמוך״!

ביז אַ מידקייט האָט איינגעבראָכן די פיס און צעפאַלן זיך איז דאָס חסידישע רעדל מיט אַ „גוט־שבת״. די טונקלדיקע שאָטנס האָבן גענומען זיך פונאַנדערגיין יעדער צו זיין היים, די עכאָס פון זייערע טריט איבערן שטיינערנעם ברוק זענען פאַרשווונדן פון מאַרק און די געסלעך מיט אַ סקריפּען פון טירן דאָ און דאָרט. אַ שבתדיקע שטילקייט האָט באַהערשט דאָס שלאָפנדיקע יידישע שטעטל.

# שבת אין דער פרי

שטילער ווי אין אַלע אַנדערע טעג אין דער וואָך איז דער שבתדיקער פרימאָרגן געקומען אין מעליץ. די געסלעך און דער מאַרק, ווי אין דרימל, און די הייזער אַרום, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען די שטילע שמונה־עשרה. איבער אַלץ האָט געהערשט אַ שבתדיקע מנוחה.

פון דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ מידער צעצויגענער געגעץ, אַ גיסן פון נעגל־וואַסער איבער די פינגער אין אַ ליידיקן בעקן אַרייַן לעבן בעט, אַ פרום זאָגן „מודה אני לפניך", און דאָ, אַלץ מער און מער, דער פרומער, לאַנג־דויערנדיקער „אחד" ביים זאָגן קריאת־שמע פון ברכת־התורה.

פון די פענצטער דאָ און דאָרט האָט זיך אויך געהערט דער פרק תהילים ליום שבת איון איבער אַלץ — דער נחתדיקער ניגון פון מעבר זיין די סדרה מיטן „טראָפּ" — שניים מקרא ואחד תרגום.

דער ערשטער אָפּקלאַנג פון טריט איבערן שטיינערנעם ברוק פון די שטילע געסלעך און מאַרק האָט זיך געהערט פון דעם שמש, וועלכער איז אַרויס כדי צו קאָנטראָלירן דעם שבתדיקן ערוב פון ייִדישן תחום, צי די גוייִשע רשעים האָבן אים אין משך פון דער נאַכט נישט איבערגעריסן. אַזאַ זאַך האָט נישט זעלטן געטראָפן, און ייִדן האָבן נישט ווילנדיק מחלל געווען דעם שבת מיטן טראָגן מחוץ לערוב. דעמאָלט האָט קהל געמאַכט אַ תקנה: בודק צו זיין אַלע ערובים פון שטעטל, איידער נאָך ייִדן טרעטן איבער די שוועל פון זייערע היימען.

איז אויב ס'האָט געטראָפן שבת גאַנץ פרי אַז ערגעץ־ווו זענען געווען איבערגעריסן די דראָטן פון ערוב, איז דער שמש מיט גיכע טריט אַריבער צו מאַטוסן דעם שבת־גוי. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן צו אים אין פענצטער און יענער האָט שוין געוווסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ער האָט גענומען די לייטער מיטן רעדל דראָט און מיט פאַרשלאָפענע טריט איז ער נאָכגעגאַנגען צום אָרט פון דער תקלה כדי צו פאַרריכטן דעם איבערגעריסענעם דראָט. ייִדן האָבן שוין געקאָנט אַרויס פון זייערע שטיבן מיט דער

פאַטשיילע אין קעשענע און מיטן האַנטעך אָפּצווישן זיך נאָך דער טבילה אין מקווה.

די גאָר פרומע האָבן זיך נישט סומך געווען אויף דער שמירה פון שמש וואָס שייך דעם שבתדיקן ערוב. זיי האָבן פאַרוויקלט די פאַטשיילע פון דער קעשענע צוזאַמען מיטן האַנטעך אַרום האַלדז אַפילו זומערצייט, כדי צו זיין זיכער, אַז זיי זענען, חלילה, נישט מחלל שבת.

פון די ערשטע, וועלכע זענען געקומען יעדן שבת גאַנץ פרי, נאָכן טובלען זיך אין מקווה, אין חסידישן בית־מדרש צום לערנען, זענען געווען וואָלף שבחס און זיין זון שלום. מ׳האָט זיי געהאַלטן אין שטעטל אין יענער צייט פאַר די גרעסטע לומדים און מען האָט געשמועסט וועגן זיי, אַז לא ימוש תורה מפיהם יומם ולילה. זיי האָבן אַוועקגעזעצט זיך יעדער באַזונדער ביי אַן אָפּן ספר און פאַרטיפט זיך, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט מער אויף דער וועלט געווען, נאָר די שווערע פּלפּולדיקע סוגיות פון תלמוד און פוסקים, ראשונים ואחרונים.

דאָס זעלבע מיט ישראל עלעס, וועמענס פאָטער ס׳איז געווען פון די גרעסטע אביונים. מ׳האָט אים גערופן „עלע אָקס״, מחמת זיין צוריקגע־שטאַנענעם גייסטיקן מצב. ער פלעגט גיין איבער די טירן פון שטעטל זאַמלען נדבות. קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי איז פון אַזאַ שורש אַרויסגעוואַקסן אַ וווּנדערבאַרער בוים, אַ שאַרפער למדן.

געקומען פון טובלען זיך אין מקווה זענען נאָך אַנדערע לומדים, און יעדער באַזונדער האָט שטיל פאַרטיפט זיך אין לערנען ביי די לאַנגע טישן.

שפּעטער זענען אין חסידישן בית־מדרש געקומען לערנען די בחורים. זיי האָבן אויסגעזעצט זיך זאַלבע צווייט און זאַלבע דריט אַרום די לאַנגע טישן און אויפגעהויבן אַ גערויש מיטן גמרא־ניגון און מיט שפּאַרן זיך וועגן שווערע סוגיות אין דער גמרא אָדער וועגן אַ שאַרפן פּלפּול מיט מהרש״א. אויב זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרטיק ווערן צווישן זיך וועגן ריכטיקן פשט, האָבן זיי גענומען די גמרא צו איינעם פון די לומדים, וועלכער איז געווען פאַרטיפט אין לערנען און נישט איין מאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט איינער און נישט דער צווייטער איז גערעכט; אַז דער פשט איז גאָר פאַרקערט ווי זיי האָבן געלערנט. זיי האָבן אומגעקערט

זיך מיט דער גמרא צו זייער פלאַץ, כדי צו לערנען מיטן ריכטיקן פשט, און דעמאָלט האָט דאָס געריוש פון לערנען זיך נאָך מיר געשטאַרקט און אויסגעפילט דעם גאַנצן חלל פון בית־מדרש. ביז ר׳ מענדעלע דער מע־ליצער רב איז געקומען צום שבתדיקן דאַווענען. די לערנערס זענען אויפ־געשטאַנען פון זייערע ערטער, כדי זיי פריי צו מאַכן פאַר די בעלי־בתים, וועלכע זענען איצט מיט אַ מאָל אָנגעקומען און פאַרנומען זייערע סטאַבילע „שטעט" אַרום די לאַנגע טישן. אַנשטאָט דעם פריערדיקן געריוש פון לערנען האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט דאָס געריוש פון פרומען דאַווענען, געטראָגן זיך ווייט אַוועק איבער די אַרומיקע געסלעך.

אין דער זעלבער צייט ווען אין חסידישן בית־מדרש האָט געריושט דער ניגון פון לערנען גמרא מיט תוספות פאַרן שבתדיקן דאַווענען, האָט אין דער „מויער" אָקעגן איבער זיך געהערט אַ רויִק און שטיל לערנען די פרשה פון דער וואָך. דאָס איז שוין זינט לאַנגע יאָרן געווען איינגע־פירט, איבערגעריסן געוואָרן אין משך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און דאַן ווידער באַנייט געוואָרן דורך נפתלי דרילין, ר׳ דודל שוחטס זון. ער האָט שכלדיק מסביר געווען יעדן פסוק און דער בעלי־בתישער עולם אַרום לאַנגן טיש האָט שטיל און גערן אויסגעהערט.

נפתלי דרילין איז געווען אַ ייִד מיט באָרד־און־פיאות און מיט אַ לאַנגן לבוש. שבת האָט ער געטראָגן אַ זיידענע בעקעשע מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ. געדאַוונט האָט ער אין חסידישן בית־מדרש און דאָרט אויך געלערנט זיין שיעור גמרא מיט תוספות ערב ובוקר. געפירט האָט ער זיך מיט אַלץ ווי די פרומע ייִדן פון שטעטל, און פאַרט האָבן די היגע חסידים נישט געהאַלטן פון זיין פרומקייט, ווייל ער האָט אַריינגעקוקט אין תנך, פאַרטיפט זיך אין „מורה נבוכים" פון רמב"ם און אין אַנדערע חקירה־ספרים, כדי צו וויסן מה למעלה מה למטה, און דאָס טויג נישט פאַר קיין פרומען ייִד. נאָך מער האָבן די חסידישע ייִדן פון בית־מדרש אויף אים קרום געקוקט, דערפאַר, וואָס ער פלעגט זיך טרעפן מיט יודל קאָהן און פירן מיט אים לאַנגע שמועסן.

יודל קאָהן איז געווען אַן איידעם פון אַלטער בלאַטבערג, אַ גביר און אַ גוט־באַזיצער. נאָך אַ שטיק צייט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

האָט ער פֿאַר אַ סך געלט זיך איינגעקויפֿט אַ גוטן בחור פֿון מזרח־גאַליציע, אַ תּלמיד־חכם און דערביי אָנגעזאַפּט מיט חקירה פֿון די פֿילאָזאָפֿישע ספֿרים, געשאַפֿענע אין דער צייט פֿון דער גאָלדענער שפּאַנישער תּקופֿה און אויך פֿון דער נייצייטיקער השׂכּלה.

געדאַוונט האָט ער אין טשאָרטקאָווער קלויז. שבת האָט ער נישט געטראָגן קיין שטריימל און די וואָכן־טעג איז ער געגאַנגען אין אַ גע־קירצטן לבוש. וואָס אין דער חסידישער סביבה האָט דאָס געהייסן „גויִש". דערצו האָט ער צוגעפּוצט זיך דאָס בערדל און ס'איז נישט געווען ביי אים קיין סימן פֿון פּיאות. בעתן דאַוונען האָט ער געטראָגן אַ הויך זיידן קאַפּל און נישט קיין סאַמעטענעם, ווי אַלע אַנדערע ייִדן. צוליב דעם האָבן מעליצער חסידים גערופֿן אים „דעסער", אָנצודייטן אויף משה מענדעלסאָן, וועמענס בילד ס'האָט זיך געפֿונען ביי אים אין שטוב.

אין די שווערע צייטן נאָך דער מלחמה, ווען זיין שווער אַלטער בלאַטבערג האָט שוין נישט געלעבט, האָט זיין שוויגער חוהלע בלאַטבערג צוליב פּרנסה איינגעאָרדנט אים אַ געשעפֿט אין מאַרק מיט שניט־סחורה פֿאַר די פּויערים. פֿאַר דעם איידעם אָבער איז דאָס געווען גאַנץ פֿרעמד, און אַנשטאָט צו דינגען זיך מיט פּויערישע באַבעס האָט ער זיך פֿאַרטיפֿט אין זיינע פֿילאָזאָפֿישע ספֿרים אַזוי לאַנג, ביז מ'האָט ליקווידירט דאָס געשעפֿט און ער איז אַוועק קיין לעמבערג, וווּ ער איז געוואָרן דער הויפּט־לייטער פֿון דער גרויסער קהלשער ביבליאָטעק און ראָטגעבער פֿאַר די בעלי־מחברים, וועלכע דאַרפֿן האָבן ציטאַטן פֿאַר זייער שרייבן פֿון תּלמוד בבלי, ירושלמי, ספֿרא, ספֿרי אָדער פֿון דער הלכה. ער האָט געדענקט גענוי אָנצוווייזן ווו די ציטאַטן געפֿינען זיך. דאָס זעלבע אויך פֿאַר שרייבער און זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן געדאַרפֿט דערוויסן זיך עפּעס אַ זאַך פֿון דער גריכישער מיטאָלאָגיע אָדער אַפֿילו פֿון דער קלאַסישער און מאָדערנער ליטעראַטור. יודל קאָהן איז געוואָרן פֿון די גאָר וויכטיקע מענטשן אין שטעטל און מען האָט אים גערופֿן „די לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע".

איידער יודל קאָהן איז אַוועק פֿון מעליץ, פֿלעגט אויך שיימעלע גאָלדבערג, שיינדל האָראָוויצס איידעם, אַריינכאַפּן זיך אין טשאָרטקאָווער קלויז דאַ־ווענען מנחה־מעריבֿ, בכדי צו כאַפּן מיט אידלען אַ טיפֿערן שמועס. און

דאָס — צוליב נפתלי דריליך, וועמענס ידיד ער איז געווען, און שפּעטער וועט ער קאָנען מיט אים דיסקוטירן וועגן יודל קאַהנס אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען. צוליב דעם האָט דער חסידישער עולם אין שטעטל אויך נישט געהאַלטן פון שיימעלע גאָלדבערגס פרומקייט, הגם ער איז געווען אַ חסידישער ייִד מיט באָרד־און־פּיאות און אַ לאַנגן ייִדישן לבוש, און געהאַלטן אַפילו פון אַ רבין אין קאָנגרעס־פּוילן, פון וואַנען ער האָט געשטאַמט, און ער פלעגט אויך צו אים פאָרן אויף אַ „שיינעם שבת". דערצו איז ער געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַרויסגעגעבן אַ חיבור פון שאַרפן פּלפּול אויף אַ מסכתא פון דער גמרא. דער חיבור האָט געהאַט דערפאָלג אין דער לומדישער וועלט. דאָס אַלץ אָבער האָט ביי די מעליצער חסידים נישט געהאַט קיין ממשות און מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ משכיל, ווי נפתלי דריליך, מיט וועמען ער האָט זיך געחברט און געפירט לאַנגע שמועסן.

נאָך דעם ווי נפתלי דריליך איז נפטר געוואָרן אין זיינע מיטעלע יאָרן האָט שיימעלע גאָלדבערג ממשיך געווען דאָס לערנען מיט דעם בעלי־בתישן עולם אין דער „מויער" די פּרשה פון דער וואָך שבת ביי שבת, ביז ער איז אַוועק קיין לובלין געבן אַ שיעור גמרא מיט תוספות פאַר די דערוואַקסענע בחורים אין דער ניי־געשאַפענער דורך הרב שפּירא גרויסער ישיבה.

נאָך שיימעלע גאָלדבערג האָט פאָרגעזעצט דאָס לערנען די פּרשה פון דער וואָך אין דער „מויער" דודל, אליהו שוחט איידעם, וועלכער איז געקומען פון דער פרעמד. ער איז געווען אַ חסידישער יונגער־מאַן און געלערנט די פּרשה האָט ער נישט מיט אַזאַ שכלדיקער טיפקייט ווי זיינע פאָרגייער, נאָר אויפן פשוטן אופן, מיט פירוש רש"י, אַזוי ווי דאָס איז אָנגענומען אין דער חסידישער וועלט. געזען, אַז דער עולם דאָ איז נישט צופרידן פון דעם אַרט לערנען, האָט ער זיך געפלייסט צו באַקענען מיט די פירושים פון רד"ק, מלבי"ן און נאָך אַנדערע, ביז ער איז צו ביסלעך אַרויף אויף אַ דרך, צו זיין כאָטש אַ ביסל ענלעך צו די פאָריקע לערנערס.

צום לערנען שבת מיטן עולם די פּרשה פון דער וואָך אין דער „מויער" האָט אים געשטויסן ר׳ לאָזערל דער באָרווער רב, וועלכער האָט דעמאָלט געפירט די מחלוקת מיט זיין ייִנגערן ברודער ר׳ מענדעלע דעם מעליצער רב וועגן דער כסא־הרבנות פון שטעטל, און געוואָלט האָבן די העגעמאָניע

איבער דער „מויער", ווו די בעלי־בתים, וועלכע פלעגן דאָ דאַווענען, האָבן זיך געהאַלטן פאַר זיינע אָנהענגער.

געקומען צום באָרוער רב איז דודל אליהוס איידעם דורך זיין שווער. ער איז אַ מאָל געווען אַ ידיד פון ר' מלכל דעם פריִערדיקן מעליצער רב, וועלכער איז אַוועק פון מעליץ דורך דער מחלוקת. וואָס זיין יִינגערער ברודער ר' מענדעלע האָט קעגן אים געפירט. און ווען ר' לאָזערל דער באָרוער רב איז געקומען אַהער פון סאַניק, איז ער געוואָרן פון זיינע ערשטע חסידים און שפּעטער אויך מיטגענומען זיין פרישן איידעם דודל. דער באָרוער רב האָט אים שטאַרק מקרב געווען און ווען שיימעלע גאָלדבערג, וועלכער איז אויך געווען צווישן זיינע חסידים, איז אַוועק פון מעליץ, האָט ער דודלען געזעצט אויף זיין אָרט צום לערנען. מיט דער צייט איז דודל אויך געוואָרן אַ בעל־תפילה אין דער „מויער", האָט געדאַוונט אין די „שיינע שבתים" און יום־טובים פאַרן עמוד און צוליב זיין שיין קול צום זינגען, געפירט אויך דעם שלוש־סעודות, צו וועלכן עס זענען געקומען אַ סך בעלי־בתים און זיי האָבן מיטגעזונגען ביים לאַנגן טיש ביז צום דאַווענען דעם וואָכעדיקן מעריב.

פון דעם אַלעם האָט דודל ר' אליהוס נישט געהאַט קיין איין־און־איינציקן גראָשן צושטייער צו זיין שווערער פרנסה. פאַרקערט גאָר, ער האָט געהאַט צוליב דעם גרויסע שוועריקייטן. נאָך דעם ווי זיין שווער אליהו שוחט האָט איינגעזען, אַז פון דער לאַווקע מיט שניט־סחורה, מיט וועלכער ער און זיין ווייב שטייען אין מאַרק און פאָרן אויף יאַרידים אין דער געגנט, איז קיין פרנסה נישטאָ, האָט ער באַשלאָסן לערנען אים שחיטות מיטן געדאַנק צו באַקומען דעם פּאָסטן פון זיין שווער ר' דודל שוחט, וועלכער איז אויף דער עלטער געפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז אָבער נישט לייכט געווען דורכצופירן, ווייל די קהילה־לייט זענען כמעט אַלע געווען חסידים פון ר' מענדעלע דעם מעליצער רב און קעגנער פון ר' לאָזערל דעם באָרוער רב. און אַזוי ווי דודל אליהוס איז געווען אַ חסיד פון באָרוער רב, האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט אויפצונעמען אים פאַר שוחט.

ווען אליהו שוחט איז געשטאָרבן איז דוד געקומען מיט אַ טענה פון „יורש". די דין־תורה מיט דער קהילה האָט זיך געפירט ביים דאָמבראָווער

און ביים ראַדאָמישלער רב, וועלכע האָבן זיך גערעכנט מיט ר׳ לאָזערל דעם באָרווער רב. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען איז געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס: ער איז געוואָרן אָנגענומען פאַר אַ שוחט דורך די מעליצער קהילה, אָבער נישט פאַר דער שטאָט גופא, נאָר פאַר די דאָרפסייִדן אין דער געגנט, וווהין ער האָט געדאַרפט פאָרן מיט וועגענער. דערצו האָט ער באַקומען אַ קליינעם געהאַלט פון דער קהילה — קוים־קוים איבערצולעבן דעם חודש.

אין דער זעלבער צייט ווען אין חסידישן בית־מדרש האָט גערוישט דאָס פּלפּולדיקע לערנען גמרא מיט תוספות, און אין דער „מויער״ קעגן איבער דאָס לערנען די פּרשה פון דער וואָך, האָט זיך פון דער שול גע־טראָגן דער „תהילים ליום השבת״, געזאָגט פון פּשוטן עולם און בעלי־מלאכות. זיי האָבן זיך געפּעדערט אַהער גאָר פרי אויסצוגיסן זייער פאַר־ביטערט ייִדיש האַרץ מיט די האַרציקע ווערטער פון תהילים, וואָס זעלטן ווער דאָ ס׳האָט זיי ריכטיק פאַרשטאַנען, אָבער געפילט אַ דערלייכטערונג אויף דער נשמה, אַ צופרידנקייט, וואָס האָט געסטייעט אין משך פון דער גאַנצער וואָך, — ביים לויפן איבער די דערפער צו האַנדלען מיט די פויערים, אָדער ביי דער אַרבעט אין בעל־מלאכישן וואַרשטאַט.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס תהילים־זאָגן מיט דער תפילה „ותמהר ותחוש לגאלנו״, האָט דער בעל־תפילה געשטעלט זיך דאַווענען שחרית פאַרן עמוד, און די שול האָט זיך אויסגעפילט מיט בעלי־בתים, וועלכע זענען נישט געקומען צום זאָגן תהילים.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אַ גרויסער טייל פון שול עולם שוין געווען פאַרגעשריטן. אַנשטאָט די לאַנגע זיידענע בעקעשעס מיט שבתדיקע שטריימלעך אויפן קאָפּ, האָבן זיך אַליץ מער געזען געקירצטע איבערציִערס און שוואַרצע קאַפּעלושן, דער לבוש איז געוואָרן אַליץ מער מאָדערן און צום דאַווענען אין שול זענען שוין טייל געקומען גאַנץ קורץ געקליידט, מיט מאָדערנע קאַפּעלושן. מערסטנס זענען זיי געווען פון דער אינטעליגענץ: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און פון אַנדערע פרייע פּראָפעסיעס, און אויך יוגנט־לעכע, וועלכע זענען געקומען שבת צום דאַווענען בלויז יוצא צו זיין פאַר די

פרומע עלטערן. בדרך־כלל אָבער איז מעליץ געבליבן אַ פרום שטעטל ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

נאָכן דאַוונען אין שול און אין די בתי־מדרשים האָבן די בעקערס געעפנט זייערע אויוונס און אַרויסגערוקט די טעפּלעך טשאָלנט. די בעלי־ביתטעס זענען געקומען אַליין אָדער זיי האָבן געשיקט זייערע קינדער נעמען דאָס טשאָלנט אַהיים צום שבתדיקן טיש. דאָס זינגען פון זמירות האָט זיך געהערט פון די ייִדישע פענצטער איבערן מאַרק און די גאַסן, וואָס זענען אין משך פון דער צייט אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן.

# ווו נעמט מען די צייטן פון אַמאָל

אַמאָליקע צייטן האָט מען אין מעליץ זיך געפירט צו שיקן שבת ביי טאָג צום רבס טיש קוגל צום פאַרטיילן פאַר די חסידים וואָס זענען געזעסן אַרום. קצבים פלעגן ברענגען אַהער אַ פעטן אָנגעפילטן רינדערנעם מאָגן פון טשאָלנט און די חסידים האָבן געלעקט די פינגער פון שיריים.

נאָך דער פטירה פונעם אַלטן מעליצער רב בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ר׳ מענדעלע איבערגענומען דאָס רבנות מיטן פירן שבת חסידישע טישן. דער דאָזיקער מנהג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און מיט דער צייט האָבן אַלע ווייניקער חסידישע ביל־בתים געשיקט מאכלים צום רבנישן טיש. איבערהויפּט האָבן די קצבים אויפגעהערט צו שיקן די אָנגעפילטע מאָגנס און דאָס צוליב דעם וואָס ר׳ מענדעלע דער מעליצער האָט שטאַרק מקפּיד געווען אויף כשרות און געוואָלט די קצבים זאָלן זיין אונטערטעניק דעם משגיח אויף כשרות אין די יאַטקעס — אַ גזירה, וואָס איז נישט איינגעפירט געוואָרן ביים אַלטן רב, זכרונו לברכה. דעם מנהג צו שיקן אַ פעטן מאָגן פון טשאָלנט צום רבס שבתדיקן טיש האָט ווייטער געהאַלטן נאָר אַלטערל קצב, צו וועמענס כשרות דער רב האָט געהאַט מער צוטרוי, ווייל זיין ווייב איז געווען אַ דינסט ביים אַלטן ראָזוואַדאָווער רב.

שבת, ווען אַלטערל קצבס ווייב האָט געטראָגן דעם מאָגן פון טשאָלנט לכבוד שבת צום רבס הויז, האָט דער קצב זיך אָפּט מיט בענקשאַפט דערמאָנט די אַלטע צייטן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל און זיין פאָטער בערעלע קצב פלעגט אַליין טראָגן דעם פעטן קוגל צום אַלטן מעליצער רבס טיש און אים אויך מיטגענומען אַהין. ווען ער האָט איבער־געגעבן דעם טאָפּ דער אַלטער רביצין, האָט דער פאָטער אים גענומען ביי דער האַנט און אים אַריינגעפירט אינעם אַלטן רבס בית־מדרשל, ווו אַרום דעם לאַנגן טיש זענען געזעסן די חסידים מיט שבתדיקע שטריימלעך און זיך געשאָקלט פרום ביים זינגען די שבתדיקע זמירות.

ווען זיי האָבן זיך געזעצט אויף אַ זייטיקער באַנק אין אַ ווינקל פון דעם בית־המדרשל, האָט זיין פאָטער צו אים געזאָגט:

— אַלטערל, הער זיך צו צו די חסידישע זמירות, וועסטו מיט דער צייט אויך ווערן אַ פרומער ייִד — און אַליין האָט ער מיט דורשט גע־שלונגען די חסידישע ניגונים פון רבינס טיש.

דאָס גרעסטע גליק אָבער פון זיין פאָטער איז געווען, ווען דער גבאי האָט אויף אַ גרויסער שיסל אַריינגעברענגט פון דער קיך דעם פעטן, אויף ברוין אויסגעבאַקענעם בייכיקן מאָגן, וואָס האָט מיט זיין געשמאַקן ריח אויסגעפילט דאָס בית־מדרשל — און אויסגערופן אויפן קול: „קוגל פון בערעלע קצב״! דער גבאי האָט אים אַוועקגעשטעלט אויבן־אָן פאַר דעם אַלטן מעליצער. דער רב האָט גענומען דאָס מעסער, געזאָגט: „לכבוד שבת״! און אַ שניט געטאָן איבער דער גאַנצער ברייט, ביז די געשמאַקע פעטקייט האָט זיך מיט דער הייסער פאַרע אַ גאָס געטאָן, אַזש די חסידים אַרום טיש האָבן זיך באַלעקט. דער אַלטער רב, שניידנדיק מיטן מעסער די אויסגעברוינטע פעטקייט, האָט אַלץ געמורמלט: „אָבער אַ קוגל! פלא פלאים״! נאָכן צעשניידן אים אויף קליינע שטיקלעך, האָט ער מיט די פינגער גענומען אַ כזית דערפון אין מויל און אַראָפּשלינגענדיק געזאָגט: „מחיה נפשות! אַ סגולה צו דער שבתדיקער נשמה־יתרה!״, און גענומען טיילן פון דעם קוגל צו די חסידים אַרום דעם טיש. צום סוף האָט ער אַ רוף געטאָן: „בערעלע, קום אַהער נעמען שיריים! ס׳איז דאָך דיין קוגל!״ און זיין פאָטער האָט מיט הכנעהדיקער פרייד דערנענטערט זיך צום אויבנאָן פון טיש און אַ נעם געטאָן דאָס הייסע שטיקל פעטקייט צווישן די פֿניגער, אַזוי ווי עפּעס אַ הייליקע זאַך, פאַרזוכט דערפון און דאָס איבעריקע דער־לאַנגט אים מיט די ווערטער: „נעם, אַלטערל, ס׳איז אַ מצווה״, און זיין פּנים האָט געשיינט פון גליק אָן אַ גרענעץ.

דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלץ האָט אַלטערל קצב אַ זיפץ געטאָן און באַשלאָסן: אויך ער וועט נעמען זיינס אַ ייִנגל צום רבס שבתדיקן טיש, אַזוי ווי זיין פאָטער אַ מאָל און אויך שעפּן אַ ביסל נחת און גליק. אָבער יעדעס מאָל נאָכן שבתדיקן עסןביים טיש ווען ער איז שוין גרייט געווען צו גיין, האָבן זיך זיינע אויגן גענומען קלעפּן זיך צום שלאָף פון מידקייט.

ער האָט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער און אויס מיטן שבתדיקן טיש ביים רב מיט זיינע חסידים.

היינטיקן שבת האָט אַלטערל קצב פעסט באַשלאָסן: ס׳זאָל אַפילו דונערן און בליצן, נעמט ער איינעם פון זיינע יינגלעך און גייט צום מעליצער רבס טיש! ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער שבתדיקער סעודה און גענומען דאָס סידורל צום בענטשן, האָבן די שורות אָנגעהויבן זיך באַוועגן און צו ביסלעך, אַזוי זיצנדיק ביים טיש, האָט ער איינגעדרימלט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דרעמל און געוואָלט נעמען איינעם פון זיינע יינגלעך צום רבס טיש, איז אָבער פון זיי דאָ שוין קיין סימן נישט געבליבן — צעלאָפן זיך ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. האָט ער אַ בייזן ברום געטאָן צו זיין ווייב, וואָס האָט זיך געפּאָרעט מיט די כלים אין קיך:

— פריינדל! ווו זענען די ממזרים אַהינגעקומען? כ׳האָב דאָך מיט איינעם געוואָלט גיין צום רבס טיש, אַז אַ רוח אין זייער טאַטנס־טאַטן אַריין!

זיין ווייב האָט אים ברויקט:

— גיי שוין גיי, אַלטערל! נישטאָ די צייטן פון אַ מאָל! היינטיקע קינדער דאַרפן נישט קיין רב, קיין שבתדיקן טיש! וויכטיקער פאַר זיי איז די מכבי־באַיסקע צו קאָפּען דעם פוטבאָל און אַלע אַנדערע שמדקייטן!

געזען, אַז זיין פאָטערס ביסעלע גליק ביים רבסט טיש איז שוין פאַר אים נישט צו דערגרייכן, האָט אַלטערל קצב אַ וואָרף געטאָן פון זיך די שבתדיקע מלבושים און געלייגט זיך אויפן געלעגער כאַפּן אַ דרעמל.

# טשאָלנט מיט קישקע

זונטיק אין דער פרי, ווען די בעלי־עגלות פון באָרעק האָבן זיך געשטעלט מיט זייערע פערד און וועגעלעך אין ווינקל פונעם מאַרק לעבן דער באַנגאַס, צו וואַרטן אויף פּאַסאַזשירן וואָס באַדאַרפן פאָרן צו דער באַן־סטאַציע, האָבן זיי צווישן זיך נאָך געשמועסט וועגן די גוטע מאכלים פונעם נעכטיקן שבת. די הויפּט־טעמע איז געווען דאָס געשמאַקע זשעמעקע־רייבעכץ מיט קישקע, דער הייסער טשאָלנט, וואָס האָט געהאַט טעם גן־עדן — פעט און ברוין אויסגעבאַקן, אַזש געקנאַקט צווישן די ציין — נאָר די פינגער צו לעקן דערפון!

איסר פּיאַקער, וועלכער האָט זיך געשטעלט דאָ מיט זיין פערד־און־וועגעלע, האָט הערנדיק וועגן דעם געשמאַקן טשאָלנט אַזש זיך באַלעקט מיט חשק, און געטראַכט, פאַר וואָס שטעלט זיין ווייב אין טשאָלנט נאָר גרויפּן און נישט זשעמעקע־רייבעכץ מיט קישקע, אַזוי ווי די ווייבער פון די אַנדערע בעלי־עגלות און ער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאַנגען דאָס פון זיין ווייב דעם קומענדיקן שבת.

ווען ער איז אַהיימגעקומען און האָט גערעדט מיט זיין ווייב וועגן דעם, האָט זי געזאָגט:

— איך האָב דען צייט צו פּאַטשקען זיך מיט אַזאַ טשאָלנט? אַז איך דאַרף זיך פאַרנעמען מיט די קינדער, קאָכן, וואַשן, רוימען די שטוב, דערצו נאָך געבן דעם פערד צו פרעסן און ברענגען וואַסער צום פויען — איך קאָן דען זיך צערייסן?

אים האָט אָבער פאָרט גענומען אַ חשק צו אַזאַ מין טשאָלנט, האָט ער מסכים געווען צו העלפן אין שטוב, אַבי אַזאַ טשאָלנט זאָל זיין!

געהערט אַזוי, איז זי אין מיטן דער וואָך אַוועק אין יאַטקע, געקויפט אַ פעטע קישקע, כשר געמאַכט, אָנגעפילט מיט מעל, פעטס און פעפער — גרייט צום טשאָלנט אויף שבת. פרייטיק האָט איסר איר געהאָלפן שיילן די קאַרטאָפל און צעריבן זיי אויפן ריבאייזן. זי האָט דאָס אַריינגעלייגט

אינעם טעפּל מיט דער קישקע, און נאָך מיטאָג איז זי אַוועק דערמיט צום בעקער.

אָבער צו יעדער זאַך דאַרף מען דאָך האָבן מזל. האָט געטראָפן, אַז ווען איסר פּיאַקער איז צו מאָרגנס געקומען פונעם דאַווענען אין שול, האָט זי דערזען אַז דאָס פערד איז פאַרשוווּנדן פון דער שטאַל לעבן זייער שטוב. זי האָט געדאַרפט עס גיין זוכן אַזש אויף די בלאָניעס און נאָך ווייטער, צו דער קעמפּע, ווו עס וואַקסן די געשמאַקע גראָזן פאַר בהמות.

ביז זי האָט געפונען דאָס פערד און איז צוריקגעקומען, האָבן די בעקערס שוין געהאַט אַרויסגערוקט די טעפּלעך מיטן טשאָלנט פונעם באַקאויוון, געשטעלט זיי אויף דער פּאָסאַדזקע און די ווייבער, וואָס האָבן דערקענט יעדע איר טעפּל, האָבן זיי גענומען אַהיים. צווישן זיי איז אויך געווען בעריש לויפערס ווייב. דערזעענדיק צווישן אַלע אַנדערע טעפּלעך איינס אַ גאַנץ ענלעכס צו אירס, האָט זי עס אַ נעם געטאָן, אַרומגעוויקלט מיט אַ שטשערקעלע וואָס זי האָט געבערענגט מיט זיך און זי איז אַוועק דערמיט אַהיים. זי האָט עס געשטעלט אין בעט אַריין און צוגעדעקט מיט אַ קישן, ס׳זאָל נישט ווערן קאַלט ביז איר מאַן וועט מאַכן אַלע הכנות צום שבתדיקן טיש, זאָגן דעם זוהר פון „תקוני שבת״ מאַכן קידוש, וואַשן די הענט צו „שׂאו ידיכם״, טיילן דעם צעשניטענעם קויליטש פאַר אַלע אַרום טיש, זינגען זמירות און נאָך אַנדערע זאַכן, וואָס געהערן צו אַ פרומען ייִד פאַרן עסן דעם טשאָלנט. ווען זי האָט סוף־כּל־סוף אַרויס־גענומען דאָס טעפּל פונעם בעט און אַראָפּגענומען דאָס שטערצל צום פאַרטיילן, האָט זי פלוצים דערזען אַ זשעמעקע־רייבעכץ מיט קישקע אַנשטאָט די גרויפּן, וואָס זי האָט געשטעלט אין טשאָלנט.

ווען איסר פּיאַקערס ווייב האָט זיך אומגעקערט מיטן פערד, וואָס איז פאַרקראָכן, אי״ז זי גיך אַוועק צום בעקער און ווי נאָר זי האָט דערזען אַ טעפּל וואָס איז געווען ענלעך צו איר טעפּל ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, האָט זי דאָס אַ נעם געטאָן מיטן שטשערקעלע, נישט צו בריִען זיך די הענט, עס אהיימגעטראָגן און געשטעלט אויפן טיש צום פאַרטיילן. ווען זי האָט אַראָפּגענומען דאָס דעקל, האָט זי דערזען אַז די בראָך איז גרויס: נישט איר טעפּל טשאָלנט! איז זי גיך געלאָפן דערמיט צום בעקער מיט

אַ געוואַלד: אויסגעטוישט איר טעפּל טשאָלנט מיט קישקע אויף גרויפּן. ווײ געוואַלד, וואָס פאַר אַן אומגליק ס׳האָט געטראָפן!

דער בעקער האָט געפּרוּווט זי באַרויִקן: קיינער דאַרף נישט אײער טשאָלנט! מ׳וועט עס זיכער צוריקברענגען! זי אָבער האָט זיך נישט געלאָזט באַרויִקן און אַלץ געשריגן: ווו איז מײן טשאָלנט מיט קישקע! — ביז בעריש לויפערס ווײב איז הענדום פענדום געקומען צו לויפן מיטן פאַרטוישטן טעפּל טשאָלנט און דער טעות איז אויסגעגלײכט געוואָרן. אין צווישן אָבער איז דאָס טשאָלנט קאַלט געוואָרן און איסר פּיאַקער האָט געהאַט אַ פאַרשטערטן שבת.

## נאָכן שבתדיקן טיש

נאָכן שבתדיקן טיש האָט דער בעלי־בתישער עולם מערסטנס צו־געלייגט זיך כאַפּן אַ דרימל און חסידים האָבן געאײלט צו די רבנישע טישן זינגען זמירות, הערן תורה, כאַפּן שיריים און כאַפּן אַ חסידיש ריקודל. די מער פאָרגעשריטענע זענען שבת נאָכן טיש אַרויס שפּאַצירן צו דער באַנגאַס.

די ציוניסטישע יוגנט, ווי שוין דערמאַנט, איז שבת נאָך מיטאָג אַוועק צו זייערע פאַראיינען פון רעכטס און לינקס. זומערצייט, ווען אין די ציוניסטישע פאַראיינען איז געווען הייס און געשטאָקט, איז די יוגנט גרופּנווייז אַרויס מיט דער וויסלעווער גאַס צו דער ציגעלניע אָדער צו דער קעמפּע מיט גרינעביימער, געדיכטע קושאַקעס און טיפע גראָזן, כדי צו האַלטן דאָרט די „פּאָגאַדאַנקעס" וועגן ציוניסטישע פּראָבלעמען, חלוציזם און ארץ־ישראלדיקע נייעסן. די שמועסן האָבן געדויערט ביזן טיפן אָוונט אַריין, ווען שטערן האָבן שוין באַשיט דעם מעליצער הימל.

אויך די פרומע בית־יעקב־מיידלעך צוזאַמען מיט זייער לערערין זענען זומערצייט אין די שבתדיקע נאָכמיטאָגן אַרויס אויף דער פרישער לופט, אָבער נישט אַהין, ווו די אַפּיקורסישע ציוניסטן קומען, נאָר צו דער בלאָניע אין דער צווייטער זייט שטעטל נאָך דעם גאָרטן פון דער „סטראַזשניצע". די לערערין האָט די דערוואַקסענע בית־יעקב־מיידלעך געגעבן צו פאַרשטיין ווי אַזוי ייִדישע טעכטער דאַרפן זיך פירן וואָס שייך ייִדישקייט, און ווען ס'האָבן זיך באַוויזן שטערן אויפן הימל, האָבן זיי געזאָגט אין איינעם „גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב".

ווי ס'איז שוין דערמאַנט געוואָרן אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל, פלעגן שבת נאָך מיטאָג דאָרט שפּאַצירן אויך די בחורים פון דער צעירי אמוני. געקומען זענען זיי אַהין מיט דער שולגאַס, פאַרביי גענענדעלע הורוויצס הויז, ווו ס'איז געווען דער שבת־ערוב און ווייטער האָט מען נישט געטאָרט טראָגן אין די שבתדיקע טעג.

דערזען אויף דער בלאָניע דאָס סימפּאַטישע מיידל, וועלכע איז גע־קומען פון דער פרעמד צו זיין דאָ אַ בית־יעקב־לערערין, פלעגן זיי בגניבה כאַפּן אַ בליק און ווייטער זיך גערדרייט אויפן שפּאַציר ביז דער צייט פון דאַוונען מנחה, און זיי זענען צוריק אַוועק אין בית־מדרש.

אין אַ געוויסן שבת, פאַרבייגייענדיק לעבן דער בית־יעקב־לערערין מיט איר גרופּע שילערינס, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ תירוץ אויפמערק־זאַם צו מאַכן זי, אַז בכן דאָ, אויף דער בלאָניע, איז שוין מחוץ לערוב און ס׳איז אָסור צו טראָגן עפּעס ביי זיך. דערפון האָט זיך פאַרבונדן אַ שמועס, וואָס האָט געדויערט אַ שטיקל צייט. אין צווישן זענען פאַרבייגעגאַנגען מעליצער ווייבער. זיי האָבן דערזען דעם שמועס צווישן די בחורים מיט דער בית־יעקב־לערערין און דערציילט וועגן דעם אין שטעטל, דערצו נאָך דאָס שטאַרק צעבלאָזן.

דערפון איז מען געוואָר געוואָרן אין משניות־שטיבל, ווו ניסן נוסבוים, דער זייל פון יידישקייט, איז געווען גבאי. ער איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון דער בית־יעקב־שול, מחמת מען האָט דאָרט געלערנט מיט די מיידלעך אַ קאַפּיטל תנך און די פּרשה פון דער וואָך, און אויף דעם איז דאָ אַ בפירושער איסור; עס שטייט געשריבן: „כל הלומד את בתו תורה כאלו לומדה תפלות״. ער האָט אָנגערופן די בית־יעקב־שול „בית עשיו״ און איז גרייט געווען די שול עוקר מן השורש זיין.

אונטערגעקומען די מעשה מיטן שבתדיקן שפּאַציר אויף דער גויִשער בלאָניע מחוץ לערוב און דעם שמועסן מיט די בחורים פון בית־מדרש, האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייער: היתכן, אַזאַ זאַך! ניסן נוסבוים האָט אָנ־געשריבן אַ פּאַשקוויל־בריוו צו דער פאַרוואַלטערין פון די בית־יעקב־שולן אין קראָקעווער קרייז שרה שענירער. באַקומען אַזאַ בריוו, האָט שרה שענירער זיך געוווּנדערט. זי האָט געוווּסט, אַז די בית־יעקב־לערערין אין מעליץ איז אַ פרום צניעותדיק מיידל, אָבער זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס האָבן זיכער אויסגעטראַכט די חסידים, וואָס זענען קעגן דעם „בית־יעקב״.

ווען זי האָט נאָך אַ מאָל באַקומען אַזאַ פּאַשקוויל־בריוו, האָט זי באַשלאָסן צו פאָרן קיין מעליץ זען, וואָס אַזוינס עס קומט דאָרט פאָר

מיט דער בית־יעקב־לערערין. אין מעליץ האָט זי געמאַכט אַ קליינע אויספאָרשונג צווישן די דערוואַקסענע בית־יעקב־מיידלעך, וועלכע זענען בייגעווען בעת דעם שבתדיקן שפּאַציר אויף דער בלאָניע, און געהערט פון זיי דאָס זעלבע, וואָס די לערערין האָט איר איבערגעגעבן: אַז צופעליק האָבן פאַרביישפּאַצירט עטלעכע בחורים פון בית־מדרש און זעענדיק, אַז זי האַלט דאָס טאַשנטיכל אין האַנט, איר געזאָגט מוסר. אָבער זי האָט זיי אויפגעקלערט, אַז דאָס טיכעלע דינט איר שבת אַרומצובינדן דעם פוס, די זאָקן זאָלן נישט אַראָפּפאַלן, און דאָס איז מותר מחוץ לערוב. אויף דער טעמע איז געווען די דיסקוסיע און זי איז גאָט די נשמה שולדיק.

שרה שענירער איז שוין געווען געוווינט צו אַזעלכע זאַכן אין די גאַליציאַנער שטעטלעך, האָט זי גענומען מיט זיך די בית־יעקב־לערערין קיין קראָקע און אויף איר אָרט געשיקט אַ צווייטע — אַבי שלום על ישראל.

נאָכן שבתדיקן מיטאָגשלאָף זענען די בעלי־בתים זיך צונויפגעקומען אין דער „מויער", אויסגעזעצט זיך אַרום לאַנגע טישן הערן דאָס לערנען מדרש פון ר' יוסף צינעס, וועלכער איז געזעסן אויבן אָן מיטן שטריימל פאַררוקט אויף זיין לומדישן שטערן און פאַרטייטשט מיט זיין כראָפּאַוואַטן קול, וואָרט ביי וואָרט, וואָס עס זאָגט דער הייליקער מדרש, ביז ער האָט פאַרענדיקט די רייד פון די הייליקע חכמים און גענומען זאָגן מוסר וועגן זאַכן, וואָס זענען אין משך פון דער וואָך פאָרגעקומען אין שטעטל נישט על פּי תורה הקדושה, און כל ישראל ערבים זה לזה. דער עיקר איז זיין מוסר געווען געווענדט קעגן די אַפּיקורסישע ציוניסטן, וועלכע זענען מחלל דעם הייליקן שבת, רחמנא לצלן, אין זייערע פאַראיינען. זיי ברעכן דאָס צניעות מיטן טאַנצן דאָרט „שטיוול מיט שיך", און דאָס גיט דעם שׂטן־המשחית דעם כוח מקטרג צו זיין אויפן פאָלק ישראל.

און יעדעס מאָל האָט ער דערמאָנט, אַז הקדוש ברוך הוא האָט מיט זיין גרויס חסד און רחמים באַשאַפן די וועלט „זה לעומת זה": קעגן שלעכטס האָט ער באַשאַפן גוטס, קעגן פינצטערניש — ליכטיקייט, קעגן קעלט — וואַרעמקייט, אַזוי האָט ער אויך קעגן יצר־הרע באַשאַפן דעם יצר־טוב, צו וועלכן ייִדן דאַרפן זיך באַהעפטן און טאָן מצוות און מעשׂים טובים, וואָס ברענגען גוטס פאַרן מענטש אויף דער וועלט און לעולם הבא.

און — או לו לאדם, וואָס באַהעפט זיך צום יצר הרע, וועלכער פירט דעם מענטש אַראָפּ פון יידישן וועג, אַזוי ווי מיר זעען דאָס באַשיינפּערלעך ביי די אַפּיקורסישע ציוניסטן, רחמנא לצלן. דער שטן פירט זיי אויף וועגן פון מעשׂים־רעים, פאַר וועלכע מ׳ווערט שפּעטער געמשפּט צו אייביקן גיהנום און כף־הקלע. דעריבער דאַרף יעדער ייד זיך קעגנשטעלן זייערע שלעכטע דרכים מיט תשובה, תפילה און צדקה, און השם־יתברך וועט העלפן מיט אַ גאולה־שלימה פאַר כל ישראל, אָמן!

פאַרענדיקט מיט די דאָזיקע ווערטער, האָט ר׳ יוסף צינעס פאַרמאַכט דאָס הייליקע ספר, גענומען אַ פּעטן שמעק טאַבעק פון זיין פושקעלע און אַרויס פון דער „מויער״ צום חסידישן בית־מדרש קעגן איבער. ווי איינער, וואָס קומט פון אַ קאַלטער וועלט אַריין אין אַ וואַרעמקייט, פול מיט תורה און יראת־שמיים, האָט ער זיך דאָ געפילט, ווי אין זיין אייגענער שטוב, וואָס איז תמיד געווען פול מיט פרומקייט און נעפלדיק.

נעפלדיק דערפאַר, ווייל זיין דירה האָט זיך געפונען אין אַן ענגן ליקל הינטער רוחמה ווײַנדלינגס שטאָקיק הויז, אַריינגעקוועטשט צווישן מויערן, ווו די זון איז קיין מאָל נישט צוגעקומען; און מיט פרומקייט דערפאַר, ווייל זיינע קינדער האָבן זיך געפירט ווי גאָט האָט געבאָטן. זיין ערשטער זון, גרשון, האָט געלעבט ווי אַ נזיר און דאָס שטעטל האָט אים כמעט נישט געקענט. זיין וועג איז געווען גאַנץ פרי צו דער מקווה, פון דאָרט צום משניות־שטיבל, ווו ער האָט געזאָגט תהילים און געדאַווענט, און דאַן איז ער צוריק אַהיים מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צווישן זיינע געדיכטע לאַנגע פּיאות, נישט צו זען קיין אשה אָדער אַן אַנדער דבר טמא.

זיין צווייטער זון כאַסקל איז אין די לעצטע צייטן איבערהויפּט נישט אַרויס פון שטוב. דער הויקער איבער זיין פּלייצע איז אַלץ גרעסער גע־וואַקסן און זיינע פיס זענען געווען שוואַך צו טראָגן דעם איינגעבויגענעם קערפּער. איז ער מערסטן געלעגן אין בעט, געדאַווענט און געזאָגט תהילים.

זיין טאָכטער איז געווען די גרעסטע צנועה פון שטעטל. אַזאַ פרומקייט איז זעלטן געווען צו טרעפן אין דער גאַנצער וועלט. זי האָט זיך נישט געוויזן אין גאַס, כדי נישט צו ברענגען, חלילה, מאַנסלייט צו שלעכטע מחשבות מיט קוקן אויף איר ווייבעריש פּנים, און צווייטנס, וואָס ווייניקער

צו שפּרייזן איבער די שוועלן פון דער טיר און נישט מאַכן מיט אירע פּיס קיין צלם...

געלעבט האָט ר׳ יוסף ציִנעס, ווי אַנדערע „שיינע־יידן״ — פון „קצבה״ און מתנות, וואָס בעלי־בתים פלעגן אים שיקן ערב ראש־חודש אָדער פאַר אַ חשובן שבת און יום־טוב, חנוכה־געלט און שלח־מנות אויף פורים. אַלץ צוזאַמען האָט געסטייעט אויף אַ גאַר אָרעם לעבן. ער אָבער האָט קיין מאָל נישט, חלילה, מתרעם געווען קעגן זיין ליבן נאָמען צו זאָגן: צר לי המקום הזה. ס׳איז אים טונקל די שטוב, אָדער זיינע קינדער זענען קראַנק. להיפך, ער האָט געגלויבט, אַז וואָס ערגער דעם מענטש איז דאָ, אויף דעם עולם, וואָס מער צרות — אַלץ מער חלק וועט ער האָבן לעולם הבא.

# שבת אויפן מאַלי רינעק

שבת, נאָכן מיטאָגשלאָף פלעגן אַ מאָל, אין די אַלטע צייטן, מערסטנס מעליצער ווייבער זיין פאַרנומען מיט לייענען דאָס טייטשחומש, זאָגן ברכו נפשי ווינטערצייט, דעם פרק זומערצייט און טייל — אַפילו אויך דעם תהילים ליום השבת. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דאָ זייער אַ סך געענדערט. די מערסטע מעליצער ווייבער האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין שפּאַצירן כאַפּן פרישע לופט אין דער באַנגאַס, ערגעץ־ווו הינטער דער שטאָט, אָדער זעצן זיך פאַר דער שטוב און שמועסן מיט די שכנהשע ווייבער.

מערסטנס האָט זיך דאָס אָנגעזען אויפן מאַלי רינעק, נישט ווייט פון שול־פּלאַץ און די בתי־מדרשים. דאָ זענען די הייזלעך געווען אַלט און ענג געבויט איינס לעבן צווייטן, טיר ביי טיר, און דעריבער איז לייכט געווען צו כאַפּן אַ שמועס פון איין בענקל צום צווייטן.

צווישן אַלע האָבן די „ניין מאָס רייד" געירשנט די צוויי חברטעס, וועלכע מ'האָט גערופן מיט אַ בשותפותדיקן צונאָמען: „ס'גאַנצע שטעטל אויף מיין קאָפּ". די ערשטע, רבקהלע געמינדער, יאָסל שימשעלעס טאָכטער, וועלכע האָט געהאַט אַ גאַלאַנטעריע־קראָם אין איר פאָטערס נידעריק הייזל דאָ, און חוהלע שפּיץ, שמחה הייבערס ווייב, וועלכע האָט געהאַט אַ בודקע מיט זיסקייט אויפן מאַלי רינעק און געקומען אַהער מיט די שליסלעך פון דער בודקע, כדי צו עפענען זי גלייך נאָכן „זמן" און מאַכן אַ „פּאָטשאָנטעק" צו דער פולער וואָך.

געזעצט זיך לעבן רבקהלען האָט חוהלע באַלד אָנגעהויבן איר חוזק־שמועס וועגן די ווייבער פון פלאַנטש, אַ שטעטל אויף דער צווייטער זייט ווייסל, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו רוסלאַנד און איצט איז עס קאָנגרעס־פּוילן. ווען די פלאַנטשער ווייבער פלעגן קומען האַנדלען, האָבן זיי געהאַט די אַכסניה אין אַ נידעריק האָלצערן הייזל, וואָס מ'האָט גערופן מיט חוזק „האָטעל פּאָלסקי". אַז זיי זענען געבליבן דאָ איבער שבת, האָבן זיי זומערצייט אַרויסגעשטעלט אַ באַנק פאַר דער טיר, כדי צו אָבסערווירן

די מענטשן פון קירהשן שטעטל. די ווייבער פלעגן זיצן אין זייערע פאַר־ביקע קליידער און טיכלעך איבער די נישט צוגעקעמטע האָר, און חוהלע האָט אָנגעהויבן מיט אַ שמייכעלע:

— רבקהשי! וואָס זאָגסטו עפּעס צו די פּאַצעפּוניעטעס פון „האָטעל פּאָלסקי?" געזען אַ טראַכט? רויטע פּאַטשיילעס איבער צעפּלאָשעטע קיד־לעס! וואָס ווייסט דאָס פון אַ צוגעקעמט שייטל אויפן קאָפּ? פּאָניע גנב! קומען אַהער האַנדלען מיט אַלטע „שקראַבעס" און לעבן לעבט עס ערגער ווי דער גרעסטער אָרעמאַן ביי אונדז אין מעליץ. און אָנגעטאָן גייען זיי, ווי די ציגיינער מיט די קאַשאַטע ספּודניצעס!

— פּאַר דאָס אָבער — האָט רבקהלע צוגעגעבן — האָבן זיי „וואַליזקעס און טשעמאָדאַנעס" צו פאָרן מיטן „פּאָיעזד" וואָס „גוויזדעט" — דאָס האָט זי אָפּגעלאַכט פון זייער יידיש לשון, וואָס זיי האָבן געמישט מיט פּוילישע און רוסישע ווערטער.

דאָס באַרעדן די פּלאַנטשער ווייבער האָט געדויערט ביז עס האָבן זיך באַוויזן פון ליקל דערנעבן אירע סופרס צוויי עלטערע טעכטער. זיי האָבן זיך געפירט אונטערן אָרעם אויפן שבתדיקן שפּאַציר.

דערזען זיי האָט חוהלע אַ זאָג געטאָן:

— זאָג מיר, רבקהשי, ווי אַזוי פּאַמיעשטשעט זיך אַזאַ גרויסע משפחה, מיט אַ כאָפּטע ייִנגלעך און מיידלעך, אין אַזאַ ענג הייזל, שמאָל און הויך ווי אַ טויבנשלאַק? דערצו נאָך פירן זיי דאָרט אַ שיכגעשעפט, וואָס פאַר־נעמט אַ האַלבע דירה.

— גיי שוין, גיי, חוהלע! — האָט רבקהלע זי באַרויקט — אַז גאָט וויל ווערט פון שמאָל — ברייט, פון ענג — גרוים און פון אָרעם — רייך! אַזוי ווי דו זעסט דאָס ענגע, שמוציקע ליקל, אַזוי קומען דאָ אַהער קויפן שיך די רייכסטע פּרויען פון מעליץ. דבורה יעקעלעס מעג זיך באַהאַלטן מיט איר גרויס שיכגעשעפט! די גרעסטע עלעגאַנטקעס קומען דאָ אַהער קויפן, די סענדזשינע, דעם פּיזיקס ווייב, דעם פּראָפעסאָר טשאַרקעווערס פרוי מיט איר פריינדין די טייפלעראָווע און אַלע אַדוואָקאַטקעס. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? זיי זשאַבן!

— אָבער וואָס קומט אַרויס? — האָט חוהלע אָפּגענטפערט מיט

באַדויערן — עלטערע מיידלעך, און קיין חתן — נישט מ׳זעט און נישט מ׳הערט.

נאַרישקייטן! נישטאָ קיין יידישער קלויסטער. פּאַר אַ נדן באַקומט מען אַ חתן. אויב נישט „צו גאָט און צו לייט" — איז אַ פּרומער לערנער, אַ באַנק־קנייטשער, אַ קאַטשילאָפּ. וואָס, אירע סופרס טעכטער פּאַסט נישט קיין חסידישע מענער? — האָט רבקהלע אַזוי ווי געבייזערט זיך.

דער שמועס וועגן אירע סופרס שטאָקיקן הייזל פון רויטע ציגל, וואָס שטאַרצט אַרויס פון צווישן האַלצערנע נידעריקע הייזלעך, ווי אַ טויבנ־שלאַק, האָט זיך איבערגעריסן, ווען פון דעם זעלבן ליקל איז אַרויס ליפּע שוסטער. אָנגעטון אין אַ זיידענער בעקעשע, מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ. ער איז געגאַנגען דאַווענען מנחה אין שול אַריין. זיי האָבן פאַרגעסן וועגן אירע סופרס כאַפּטע און אים גענומען אויף די צינגער:

— זעסטו, ביי יידן אין מעליץ איז אַלץ גוט איינגעשטעלט געוואָרן. אַזאַ שוסטער, וואָס גייט אַ גאַנצע וואָך אין געלאַטעטע הויזן פאַרשמירט מיט סמאָלע, איז שבת גלייך מיט אַלע גבירים. אַ שאַד נאַר, וואָס מ׳קאָן נישט אויף שבת אויך איבערמאַכן די ענגע, אַלטע כאַטע אויף אַ גרוימער דירה. די אָרעמע־לייט וואָלטן כאָטש איין טאָג אין דער וואָך געהאַט אַ גבירישן שבת!

זיי האָבן נאָך גערעדט וועגן ליפּע שוסטערס מעשענער באָרד, פון וועלכער מ׳וואָלט געקאָנט מאַכן דראַטוועס צו די שטיוול און דאַן האָבן זיי דערזען גיין זיינוול „זשאַנע" דאַווענען מנחה אין חסידישן בית־מדרש. איבער זיין בעקעשע האָט ער געטראָגן אַ זיידענעם כאַלאַט און אויפן קאָפּ — אַ סויבל־שטריימל מיט ברייטע שפּיצן, פון אונטער וועלכן עס האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ שטיק קאַפּל ביז אַראָפּ צום רוקן. זיין באָרד־און־פּיאות זענען געווען ברייט צעפּלאָשעט, ווי עס פּאַסט פּאַר לומדים און „שיינע־יידן". חוהלע און רבקהלע האָבן זיך מיטן שמועס איבערגעטראָגן אויף אים. דאָס מאָל האָט דאָס הויפּטוואָרט גענומען רבקהלע געמינדער, וועלכע פלעגט קויפן אין זיין גאַלאַנטעריע־געשעפט קנעפּ, פּאָדעם און אַנדערע צעלניק־אַרטיקלען, וואָס זי האָט פאַרקויפט אין איר קרעמל. זי האָט געהאַט אויף אים אַ בייז האַרץ, ווייל ער באַגרענעצט איר דעם

קרעדיט, וויל נישט באַרגן כל־זמן זי וועט נישט באַצאָלן דעם חוב פון פריִער. איצט האָט זי באַקומען די מעגלעכקייט צו קילן זיך דאָס האַרץ און אויסרעדן אויף אים:

— אַזאַ „זשאַנע״, ווי דאָס מאַכט זיך וויכטיק! גייט אָנגעטאָן, ווי עפּעס רעכטס, מיט אַ רבנישן שטריימל אויפן קאָפּ, וואָס איז פול מיט שמאַטעס! קיין ריכטיקע „איוורע״ קען דאָס נישט, דאַוונט מיט גרייזן, פאַרשטייט נישט קיין וואָרט, נאָר קנעפּ מיט פּאַדעם ליגן אים אין קאָפּ, און יונגע נייטאָרינס; זיי גיט ער קרעדיט וויפל נאָר זיי ווילן. און פּויליש רעדן קען ער אויך אַ קרענק, מען דאַרף זיך האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער, ווען מ׳הערט אים צעברעכן די פּוילישע ווערטער. ווען נישט זיין ווייב, וואָלט ער געקאָנט פירן אַזאַ געשעפט? קיין הונט וואָלט דאָך נישט אַריינ־געקומען צו אים. אַלץ זי, זיין ווייב! ווען נישט זי? אַ שמש אין שול וואָלט ער געקאָנט זיין, נישט קיין סוחר און דערצו נאָך מאַכט ער זיך פאַר אַ שיינעם בעל־בית און גייט אין חסידישן בית־מדרש. מ׳וואָלט געקאָנט מיינען, וואָס פאַראַ „טאַני באַרטעק״ דאָס איז!

זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן וועגן אים, איז האַרט לעבן זיי אַריבער מיט שטראַמע טריט צום שולפלאַץ יונה לייפּציק דער „טימטאָם״. ער איז געווען אָנגעטון אין זיין ברייטער זיידענער בעקעשע מיטן שטריימל פון הינטער וועלכן עס זענען אַראָפּגעהאָנגען צוויי לאַנגע געקרייזלטע זיל־בערנע פּיאות און זיי האָבן זיך געבאָמבלט הין און צוריק איבער זיין גלאַט־פולכנע ווייבעריש פּנים. ביידע זענען זיי אויף אַ ווײַלע פאַרשוויגן געוואָרן, ביז ער האָט זיך דערווייטערט אַ ביסל. דאַן האָט רבקהלע אַ כיכע געטאָן צווײדייטיק:

— געזען אַ מאַנספּערשוין? שוין איין מאָל אַ זכר! נישט צו פאַר־שטיין נאָר ווי אַזוי יענטעלע לעבט מיט אַזאַ סגאָל אַזוי פיל יאָרן?!

— גיי שוין גיי, נאַרעלע! — ענטפערט איר אָפּ חוהלע — סאַראַ מאַנספּערשוין אַזאַ פּרויענצימער. „יעדעס טעפּל געפינט זיך זיין שטערצל״.

דער שמועס האָט זיך פאַרשלעפּט וועגן מענער און ווייבער, וואָס נישט אַהין און נישט אַהער — אַזוי לאַנג, ביז ס׳האָט זיך דערהערט אַ רוף מיט אַ קוויטשיק קול:

— ווייבער, שוין דער „זמן" צו זאָגן „גאָט פון אברהם"?

אומגעקוקט זיך, האָבן זיי דערזען יונה געשווינדס ווייב פון פעדערן־סקלאַד דאָ נישט ווייט. זי האָט זיך געהאַלטן מיט איין האַנט ביים קלאָץ אונטער דעם איינגעבויגענעם דאַך פון האָלצערנעם הייזל און מיט דער צווייטער האָט זי זיך פאַרבעסערט דאָס צעפּאָרענע אויסגעקראָכענע שייטל, וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו רוקן זיך איינזייטיק איבער אירע גראָ־אָפּגע־שוירענע האָר פון קאָפּ. זי האָט אַרויסגעקוקט פון דעם פינצטערן קאָרידאָרל מיטן בלינדן אייגל דורך אַ בריל, וואָס האָט געהאַט נאָר איין גלעזל און נאָך אַלץ הינעריש געפּישטשעט:

— שוין דער „זמן" צו „גאָט פון אברהם?"

דערזען איר הולך, האָבן זיךביידע צעכיכעט און געזאָגט:

— נאָך נישט דער „זמן", פּערעלע! קיין איינציקער שטערן איז נאָך נישטאָ אויפן הימל!

פּערעלע האָט זיך מיט איר אויסגעדאַרטן געשטאַלט פאַררוקט צוריק אין דער פינצטערקייט פון איינגאַנג אין איר אַלט האָלצערן הייזל. די צוויי חברטעס האָבן איבערגעטראָגן אויף איר דעם שמועס:

— געזען די מעליצער גבירטע? אָנגעשטופּט מיט געלט, און לעבן לעבט דאָס — ערגער ווי דער גרעסטער אָרעמאַן. רייך ווי קורח און לעבט ווי אַ הונט אין אַ פינצטערער בודע. און קאַרג איז דאָס, ווי דער בייטשער טייוול, פאַרגינט זיך נישט דעם ביסן אין מויל אַריין. און אָנגעטון איז דאָס, אַז נאָר אויף די שונאים געזאָגט געוואָרן! אַזוי האָבן זיי באַאַרבעט די מענטשן פון שטעטל ביז ס'איז צוגעפאַלן דער בין־השמשות און עס האָבן זיך באַוויזן שטערן אויפן הימל. עס האָט זיך דערהערט דער גלאָק פון דער טומאה, וואָס האָט מאָנאָטאָן אָנגעהויבן קלינגען פאַר די גויִים, זיי זאָלן זאָגן דעם פּאַציעזש פון „עשפּרע". די צוויי חברטעס האָבן זיך אויפגעשטעלט, אַריינגענומען די בענקלעך אין דער שוין טונקעלער שטוב, געזאָגט „גאָט פון „אברהם, פון יצחק און יעקב" און אָנגעצונדן די צוויי ליכטלעך צו אַ גליקלעכער פולער וואָך.

# חיימל רעשטל־סוחר׳ס הבדלה

נאָכן אָפּעסן שלוש־סעודות, זינגען די זמירות און בענטשן האָבן ייִדן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אויפן שולפּלאַץ צווישן די בתי־מדרשים, געקוקט צום הימל, אויב ס׳באַווייזן זיך שטערן און מען קאָן שוין דאַווענען דעם וואָכעדיקן מעריב און דערווייל האָט מען זיך געשטעלט אין רעדלעך כאַפּן אַ שמועס וועגן פּאָליטיק און װעטעלדיקע נייעס. ווען אויפן הימל האָבן זיך באַוויזן עטלעכע שטערן איז דער עולם אַריין אין דער שוין טונקעלער שול, איילִיק געדאַוונט דעם וואָכעדיקן מעריב און גיך אַוועק אַהיים מאַכן הבדלה ביי צוויי אָנגעצונדענע ליכטלעך, כדי צו מעגן פאַררייכערן אַ ציגאַר און נעמען זיך צו וואָכעדיקע באַשעפטיקונגען.

דער ערשטער סימן פון וואָכעדיקייט איז געקומען פון מאַרק, ווו לייבעלע שטראַוס האָט געהאַט די בודקע מיט דער „טראַפיק״: ציגאַרן, טיטון און אַנדערע אַרטיקלען צום רויכערן. געקומען דער „זמן״, האָט ער אויפגעפּראַלט די טירן און לאָדנס פון דער האָלצערנער בודקע און אַ ליכט האָט פאַרגאָסן דעם מאַרק. נאָך אים האָט זיך געעפנט די צווייטע בודקע דערנעבן, מיט סאָדע־וואַסער און צוקערוואַרג, און נאָך מער פאַרשטאַרקט דאָס וואָכעדיקע ליכט פון מאַרק. אַרום האָבן זיך געזאַמלט ייִדן, נאָך אין שבתדיקן לבוש אָבער מיט אַ וואָכעדיקן הונגער צום רויכערן און דור־שטיקע נאָכן טשאָלנט. זיי האָבן געטרונקען סאָדע־וואַסער און גערויכערט.

אין צווישן איז דער מאַרק געוואָרן אַלץ מער וואָכעדיק. בעלי־עגלות האָבן זיך געשטעלט מיט זייערע פערד־און־וועגעלע לעבן ישראל הערמאַלעס הויז אין ווינקל פון מאַרק און באַנגאַס, גרייט צו פירן פּאַסאַזשירן צום צוג. פראַכטערס האָבן שוין אָנגעהויבן לויפן צו זייערע קליִענטן וועגן באַשטע־לונגען אין טאַרנע, קראָקע, ריישע.

אין חסידישן בית־מדרש אָבער האָט נאָך אַלץ געהערשט דער שבת־דיקער בין־השמשות פון „שעת רעוה דרעוה״ בעת דעם שלוש סעודות, וואָס ר׳ מענדעלע דער מעליצער רב האָט געפירט פאַרן עולם אַרום די

לאַנגע טישן. אין דער טונקלקייט האָבן זיי זיך געשאָקלט ווי די שאָטנס.

צום מערסטן האָט זיך מיט פרומער דביקות געשאָקלט ביים זינגען די זמירות חיימל ראַטוואָקס דער רעשטל־סוחר, ווי ער וואָלט געוואָלט איצטער אויסלאָדענען דעם גאַנצן יראת־שמים און אַהבת־הבורא, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט ביי אים אין משך פון דער וואָך, ווען ער איז פאַרנומען געווען מיטן האַנדל, פאָרן אויף יאַרידן אין דער געגנט מיט זיינע רעשטלעך פון שניט־סחורה.

חיימל רעשטל־סוחר האָט נישט געהערט צו די לומדים און אויך נישט צו די מיטלמעסיקע לערנער פון שטעטל, דערפאַר אָבער האָט ער מער ווי אַלע געברענט מיט ייִדישקייט און פרומער קנאות. אויסגערעדט אויף די ציוניסטישע אַפּיקורסים אָסור לדבר און אויך נישט געשוינט די בית־מדרש בחורים „צו גאָט און צו לייט", וואָס ייִדישקייט איז פאַר זיי נאָר כדי צו טאָן אַ רייכן שידוך מיט אַ גרויסן נדן. ער האָט אויך געמוסרט די בעלי־בתים, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער בית־יעקב־שול, אַז זיי טוען גאָרנישט קיין מצווה דערמיט, נאָר פאַרקערט, זיי פירן איבער כשרע נשמות אין רשות פון שׂטן, רחמנא לצלן. אין זיין אייגענער שטוב האָט ער זיך קעגנגעשטעלט זיין ווייב, וועלכע האָט באַגערט צו שיקן אירע צוויי מיידלעך אין דער בית־יעקב־שול. אָבער ווען זיין עלטערע טאָכטער דבורה איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן און דערשמעקט דעם ריח פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג, האָט זי זיך בגניבה אַריינגעכאַפּט אַהין צו לייענען אַ ביכל פון דער ביבליאָטעק און הערן די ציוניסטישע שמועסן, וואָס האָבן זי שטאַרק אינטערעסירט, זי האָט אויסגענוצט די צייט פון שבת פאַר נאַכט, ווען איר פאָטער איז געווען פאַרנומען ביים מעליצער רב בעת שלוש־סעודות און זי איז אַוועק אין פאַראיין. זי האָט אָבער געהיט זיך צו קומען אַהיים איידער איר פאָטער מאַכט די הבדלה, כדי ער זאָל פון גאָרנישט וויסן.

איין מאָל האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז זי האָט זיך פאַרגעסן, און ביז וואָס ווען איז איר פאָטער געקומען אַהיים פון בית־מדרש. ער האָט אָנגעגאָסן דעם כוס מיטן וויין צו מאַכן הבדלה, און פּלוצלונג זיך געכאַפּט אַז דבורה איז נישטאָ. ער האָט נישט געוואָלט מפסיק זיין מיט רייד, האָט ער גענומען ברומען: „נו, דבורה, הבדלה!" און געזוכט אַרום, אפשר גע־

פינט זי זיך ערגעץ אין אַ ווינקל פון שטוב. זיין עלטערער זון נח, אַ פרומער בחור פון בעלזער שטיבל, האָט איצט פאַרשטאַנען, וואָס זיינע חברים האָבן אים אַ מאָל פאָרגעוואָרפן: „דיין שוועסטער אַ פאַראיין־מיידל" און אַ זאָג געטאָן:

— זיכער אין פאַראיין! חיימל ראָטוואַקס האָט זיך אָנגעצונדן מיט גרויס כעס, פאַרגעסן וועגן דער הבדלה און גענומען שרייען:

— וואָס, מיין טאָכטער אין פאַראיין? צו דעם וועל איך נישט דער־לאָזן! גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

ער האָט געלאָזט שטיין דעם כוס מיטן ווייַן אויפן טיש, געלאָפן צום פאַראיין און אַריינקומענדיק אַהין נישט אויפגעהערט שרייען:

— דבורה, ווו איז מיין דבורה?

ווען זיי האָבן דערזען חיימל רעשטל־סוחר אין דער חסידישער בעקעשע מיטן שטריימל אויפן קאָפּ, האָבן די יינגלעך און מיידלעך זיך אַ כאַפּ אויף געטאָן פון זייערע ערטער, געשטעלט זיך אַרום אים ווי אַ לעבעדיקע וואַנט, כדי צו פאַרשטעלן זיין טאָכטער. זי האָט געעפנט דאָס פענצטער און אַ שפרינג געטאָן אין טונקעלן דרויסן.

# צעשטערטע חלומות

אין די יאָרן 1924—25, בעת דעם אַנטיסעמיטשן קורס פון פּוילישן פינאַנס־מיניסטער גראַבסקי, וועלכער האָט באַשלאָסן צו שלאָגן די ייִדן איבער די קעשענעס און רייסן פון זיי גרויסע שטייערן, האָט זיך אין מעליץ שטילערהייט אָרגאַניזירט אַ גרופּע בעלי־בתּים צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און שאַפן דאָרט אַ קאָלאָניע מיטן נאָמען „נחלת מעליץ".

אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע בעלי־בתּים זענען געווען ייִדן פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן אַ מאָל געהאַט אייגענע לאַנדווירטשאַפטן, באַאַרבעט די פעלדער, געהאָדעוועט בהמות און עופות — אַזוי ווי דאָס האָבן געטאָן אַלע פּויערים אַרום. איז אָבער געקומען דער צעבושעוועטער אַנטיסעמיטיזם נאָכן אַנטשטיין פון דער פּוילישער מדינה און כוליגאַנעס האָבן ביי זיי נישט איין מאָל אויסגעהאַקט די שויבן. די ייִדן האָבן מורא געקריגן צו וווינען אין דאָרף צווישן די פיינטלעכע פּוילישע פּויערים און אָנגעהויבן פאַרקויפן זייערע פאַרמעגנס צו די „אַמעריקאַנער" פּויערים, וועלכע האָבן אין דער צייט פון דער עסטרייכישער הערשאַפט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה עמיגרירט קיין אַמעריקע, אַרויפגעאַרבעט זיך צו אַ געוויסן קאַפּיטאַל, און נאָך דער אַנטשטייונג פון דער פּוילישער מדינה — אומגעקערט זיך קיין פּוילן, כדי צו לעבן אין זייער „אויטשיזנע"; זיי האָבן אויסגענוצט די שווערע לאַגע פון די ייִדן אין די דערפער אָפּצוקויפן פון זיי די ווירטשאַפטן פאַר אַ נידעריקן פּרייז.

אַ טייל פון די דאָזיקע דאָרפישע ייִדן האָבן עמיגרירט צו זייערע קרובים מעבר לים. אַנדערע האָבן זיך באַזעצט אין מעליץ ווו זיי האָבן זיך גענומען צום האַנדל אָדער געהאַלטן דאָס באַקומענע געלט און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו אינוועסטירן דאָס אין עפּעס אַן אונטערנעמונג. ווען עס איז אויפגעקומען דער פּלאַן צו שאַפן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל, האָבן זיי אָנגעכאַפּט זיך אָן דעם מיט ביידע הענט און געווען גרייט צו פאָרן אַהין. אָרגאַניזירט די דאָזיקע ייִדן און אויך אַנדערע פאַרמעגלעכע בעלי־

בתים, אַלט־געזעסענע אין שטעטל, האָט הערשל מילבויער, אַ יונגער־מאַן אין די דרייסיקער יאָרן, אין אַ ייִדישן לבוש מיט אַ צוגעפּוצט בלאָנד בערדל אויפֿן מזרחיסטישן שטייגער. געדאַוונט האָט ער שבת אין דער טשאָרטקאָווער קלויז, ווו די מתפּללים זענען געווען על פּי רוב רייכע בעלי־בתים.

געשטאַמט האָט הערשל מילבויער פֿון דאָרף קזשעמעניץ, מעליצער פּאָוויאַט, דאָרט האָבן זיינע עלטערן געפֿירט אַ גרעסערע לאַנדווירטשאַפֿט און אים, ווי אַן אויסנאַם פֿון אַלע אַנדערע קינדער, געשיקט קיין טאַרנע אין אַ חסידישער ישיבה. פֿון דאַנען איז ער אַוועק לערנען אין אַ ישיבה אין קראָקע. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיט חברים פֿון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע, ווו ער איז אַ ביסל „אָפּגעזענקט" געוואָרן פֿון זיין חסידישן שטייגער. ער האָט געקירצט דעם לאַנגן לבוש, פֿאַרקעמט די פּיאות הינטערן אויער, אַרומגעשוירן זיך בערדל און גרייט געווען ווי אַ חלוץ צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל. אַזוי ווי זיינע עלטערן אָבער זענען געווען קעגן דעם האָט ער געטאָן אַ שידוך מיט אַ גרויסן נדן און געמאַכט זיך אַ שניטגעשעפֿט אינעם שטעטל טאַרנאָבזשעג, פֿון וועלכן ס'האָט געשטאַמט זיין פֿרוי און אירע עלטערן. נישט קאָנענדיקביישטיין די קאָנקורענץ פֿון די דאָרטיקע שניט־קרעמער, וועלכע האָבן פֿאַרכאַפּט אַלע פּויערישע קליִענטן, האָט ער ליק־ווידירט זיין שניטקראָם און איז צוריקגעקומען קיין מעליץ. דאָ האָט ער געדונגען אַ געשעפֿט אין לייזער גראָס הויז, אינעם ווינקל צווישן דעם מאַרק און מאַלי רינעק, אַ ביסל דערווייטערט פֿון אַלע אַנדערע שניט־געשעפֿטן — דאָס מאָל האָט ער שוין נישט געוואָלט קיין קאָנקורענטן אַרום זיך. נאָכן איינקויפֿן שניט־סחורה אין טאַרנע און קראָקע סיי פֿאַר געלט און סיי אויף וועקסלען האָט ער עס אויסגעלייגט אויף די פּריש־געמאַכטע פּאָליצעס און געוואַרט אויף קונים, אָבער ער האָט ווידער נישט מצליח געווען.

עס איז געקומען די צייט פֿון גראַבסקיס הויכע שטייערן. אַ טייל מעליצער סוחרים, וואָס האָבן באַנקראָטירט, זענען אַדורכגעקומען מיט זייערע ליפֿעראַנטן אויף פּופּציק פּראָצענט פֿון די נישט־געצאָלטע וועקסלען און האָבן ווייטער געהאַנדלט. הערשל מילבויער האָט נישט געהאָט קיין

אַנדער ברירה און איז אויך געגאַנגען מיטן זעלבן וועג. זעענדיק אָבער, אַז סיי ווי ווייט ער נישט קאָנען דערהאַלטן זיין שניטגעשעפט, האָט ער באַשלאָסן צו ליקווידירן עס און צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. דעמאָלט האָט ער אָרגאַניזירט די גרופּע מעליצער יידן, וועלכע זאָלן שאַפן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל.

מיט דער הילף פון לייב סאָלפעטער, אַ וויכטיקער ציוניסטישער עסקן אין קראָקע, האָט מען אין דער צענטראַלע פון קרן־קימת אויסגעפּועלט צו באַקומען אַ געוויסן שטח באָדן אין עמק יזרעאל, פאַר דער צוקונפטיקער קאָלאָניע.

אויפן וועג צוריק פון קראָקע האָט הערשל מילבויער געטראָפן אין וואַגאָן פון דעם צוג יצחק קלאַגסברון און פאַרבונדן מיט אים אַ שמועס. עס איז געקומען צו רייד וועגן ארץ־ישראל און הערשל מילבויער האָט אַרויסגענומען פונעם בוזעמטאַש די ליסטע פון דער מעליצער גרופּע, וואָס דאַרף גרינדן אין ארץ־ישראל די קאָלאָניע „נחלת מעליץ" און עס געוויזן יצחקן. יצחק איז פון גרויס באַגייסטערונג אַזש אויפגעשפּרונגען פון אָרט און טרערן זענען געקומען אים אין די אויגן. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אויב אַזוי, שרייב מיך אויך אַריין אין דער ליסטע צו פאָרן אין הייליקן לאַנד!

הערשל מילבויער האָט אים צוליב געטאָן און געזאָגט:

— איצט דאַרף מען נאָר שיקן עמעצן פון די מעליצער קיין ארץ־ישראל, אונטערצושרייבן דעם קושאַן איבערצונעמען דעם שטח באָדן דאָרט פאַר דער קאָלאָניע, אָבער דערווייל האָב איך נישט דעם פּאַסיקן מענטש, וואָס זאָל אין דער נאָענטסטער צייט דאָס קאָנען טאָן.

יצחק האָט אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— אַזוי ווי איך דאַרף סיי ווי פאָרן געשעפטלעך קיין ווין, נישט ווייט פון דעם פּאָרט טריעסט, וואָלט איך גאַנץ גערן געפאָרן אויך קיין ארץ־ישראל דאָס צו דערליידיקן.

די ליבע צום הייליקן לאַנד און דעם באַגער דאָרט זיך צו באַזעצן האָט יצחק קלאַגסברון געירשנט פון זיין פאָטער, ר' שמעולע קלאַגסברון, וועלכער איז געווען אַ למדן און אַ גרויסער חסיד. ער האָט זיך פאַרנומען

סיי מיט פּלפּול, סיי מיט סתרי־תורה און ביאת־המשיח און אויך אַריינ־געקוקט אין די הייליקע ספרים פון ר׳ יהודה הלוי און אַנדערע. דאָס אַלץ האָט פאַרשטאַרקט זיין השתוקקות צו באַזעצן זיך אין הייליקן לאַנד. נאָך מער פאַרשטאַרקט יצחקס ליבע צום הייליקן לאַנד האָט אַ קרוב פון ארץ־ישראל, וועלכער איז געווען אַ שליח כולל גאַליציע צונויפצונעמען דאָס צדקה־געלט פון די ר׳ מאיר בעל־הנס־פּושקעס. אָט דער ארץ־ישראל־ייִד פלעגט קומען יעדן זומער צו גאַסט צו יצחקס פאָטער קיין באַרווע, נישט ווייט פון מעליץ און צוזאַמען האָבן זיי עוסק געווען אין חסידות, בעיקר אין די סתרי־תורה פון די הייליקע צפתער מקובלים און אין חשבון וועגן דער צייט פון ביאת־הגואל במהרה בימינו.

שבת ביים טיש האָט דער גאַסט פון הייליקן לאַנד דערציילט סיפּורי־נפלאות פון די הייליקע ערטער דאָרט, וועגן די הויכע בערג אַרום ירושלים, וועגן די גרינע טאָלן אַרום דעם טייך ירדן און וועגן ים כינרת, וואָס שפּילט אויף זיינע פאַרבן צום בלויען הימל, ווי דער רעגנבויגן. ווי קליין און דאַר ס׳איז געווען דאָס ארץ־ישראל־ייִדל, אָבער אַ כוח־הדיבור האָט ער געהאַט מיטצורייסן די צוהערער ביז צום פאַרגעסן זיך אין באַגייסטערונג פאַר דער שיינקייט, מיט וועלכער הקדוש־ברוך־הוא האָט געבענטשט דאָס הייליקע לאַנד.

נאָכן אויסהערן די שילדערונגען פון דער שיינער טבע אינעם הייליקן לאַנד, פלעגט יצחק, גייענדיק איבער די גרינע פעלדער און לאָנקעס פון זיין פאָטערס גוט, האָבן דעם איינדרוק, אַז ער געפינט זיך צווישן די גרינע טאָלן אַרום דעם ירדן, וואָס גיסט אַריין זיינע שטראָמיקע וואַסערן אינעם ים־כינרת.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָבער איז ער געוואָרן אַן איידעם אויף קעסט ביי יאָסעלע פאַדאָווערן דעם פעדערן־סוחר אין מעליץ. ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם מסחר, געפאָרן איבער די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך איינקויפן ביי די הענדלער פעדערן פון גענדז און קאַטשקעס און ביי שוחטים אין די שעכטהייזלעך — די פעדערן פון הינער, הענער און אינדיקעס. דעמאָלט האָט ער אין גאַנצן פאַרגעסן אין זיין אַמאָליקער באַגייסטערונג פאַרן הייליקן לאַנד. ווי ביי אַלע מעליצער חסידישע ייִדן,

איז ארץ־ישראל אויך ביי אים געווען אַ חלק פון עולם הבא נאָך ביאת המשיח און תחית המתים.

די באַלפור־דעקלאַראַציע אין סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן קעגן ייִדן נאָכן אַנטשטיין פון דער פוילישער מדינה, האָט ביי יצחק קלאַגסברון אויפגעוועקט דעם געדאַנק וועגן פאָרן קיין ארץ־ישראל. די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי אַן אתחלתא דגאולה אין משיחס צייטן, און די פּאָגראָמען אויף ייִדן — ווי מ׳וואָלט מן השמים געטריבן די ייִדן זיי זאָלן אַנטלויפן פון גלות אין הייליקן לאַנד.

אָבער ווען ער איז געקומען צום סטיטשינער רב אין טאַרנע, וועמענס חסיד ער איז געווען, און שבת ביי זיין טיש האָט ער געהערט זיין תורה געמישט מיט אַ פייערדיקער קעגנערשאַפט צום ציוניזם מיט „זייער פּאַ־לעסטינע״, וואָס האַלט אויף דאָס קומען פון גואל צדק און פון דער גאולה שלימה — האָט יצחק שוין נישט געוווּסט ווי אַזוי צו קלערן וועגן דעם. פון איין זייט האָט אים געצויגן די ליבע צום הייליקן לאַנד, וואָס ייִדן האָבן אָנגעהויבן בויען און פון דער צווייטער זייט האָט זיין רבי געשאָטן פּעך און שוועבל אויף דעם אַלעם. סוף כל סוף איז ער געקומען צום אויספיר, אַז די ציוניסטן זענען טאַקע אַפּיקורסים, מחללי שבת, זיי טאַנצן „שטיוול מיט שיך״ אין זייערע פאַראיינען, אָבער ארץ־ישראל בויען זיי מיט שוויס און מסירת נפש, און אַז ייִדן וועלן אויפבויען דאָס הייליקע לאַנד, וועט אויך משיח קומען.

איין מאָל האָט ער אויף דער באַן־סטאַציע אין מעליץ געזען די גרויסע התלהבות ביים באַגלייטן עטלעכע חלוצים, וועלכע זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, זייער זינגען און טאַנצן. דאָס האָט אים אַזוי מיטגעריסן, אַז ער האָט געטראַכט: הלוואי העלפט מיר גאָט, איך זאָל אויך האָבן די זכיה צו פאָרן אין הייליקן לאַנד. זיינע געפילן און מחשבות וועגן ארץ־ישראל האָט יצחק פאַר קיינעם נישט אַנטפּלעקט. ער האָט געזען, אַז זיין חסידישע סביבה באַציט זיך צו דעם אַלעם פיינטלעך, אָדער אין בעסטן פאַל — גלייכגילטיק, אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט פאָרגעקומען אין ארץ־ישראל. אַחוץ רכילות און שלעכטע רייד וועגן דעם אויפבויווערק דאָרט האָט ער אין

חסידישן בית־מדרש נישט געהערט. האָט ער דעריבער באַשלאָסן שווייגן און נישט רעדן דערפון.

אָבער ווען ער האָט געלייענט אין צייטונג וועגן אַ גרויסן אויסגעלייזטן שטח באָדן אין ארץ־ישראל, ווו מען בויט אַ וויכטיקע אונטערנעמונג, האָט דאָס אים אַזוי שטאַרק געפרייט, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן פון טיילן זיך מיט זיינע געפילן און דערציילן עמעצן וועגן דעם. שבת ביים דאַווענען אין חסידישן בית־מדרש האָט ער דערזען זיין קרוב און פריינד משה לייב פריידענפעלד, וועלכער האָט געהאַט אַ געשעפט פון ביכער און פוילישע צייטונגען, וועלכע ער פלעגט לייענען. אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז שטילערהייט האָט יענער אויך די זעלבע סימפּאַטיעס צום ייִדישן אויפבוי פון ארץ־ישראל. ער האָט פאַרגעסן, אַז משה־לייב איז אַ בעלזער חסיד און זיין רבי איז אַ שאַרפער קעגנער פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו די ציוניסטן און אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן פאַר אים זיינע מחשבות וועגן ארץ־ישראל.

משה לייב פריידענפעלד האָט אים אָנגעקוקט און מיט אַ בייסיק געלעכטערל אַ זאָג געטאָן:

— וואָס, יצחק, ביסט פון זינען אַראָפּ? געוואָרן אַ ציוניסט גאָר? גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

געזאָגט האָט ער דאָס מיט אַזאַ שאַרפן טאָן, אַזש דער עולם אַרום האָט זיך אַרומגעקוקט, נייגעריק צו הערן וועמען ער מיינט דאָס.

זינט דעמאָלט האָט יצחק פאַר קיינעם זיך מער נישט פאַרטרויט מיט זיינע מחשבות וועגן ארץ־ישראל, ביז ער האָט זיך געטראָפן אין צוג מיט הערשל מילבויער און געהערט פון אים די נייעס וועגן דעם פּלאַן צו שאַפן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל מיטן נאָמען „נחלת מעליץ".

ער איז געקומען אַהיים פון זיין רייזע און געוואָלט דערציילן פאַר זיין ווייב אַלץ וועגן דעם פּלאַן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט אָבער נישט געוווסט, ווי אַזוי זי וועט דערויף רעאַגירן, האָט ער אָנגעהויבן מיטן דער־ציילן די נייעס פון דער צייטונג — וועגן גערער רבין, וועלכער אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון זיינע חסידים צו בויען אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל און

אַנדערע גוטע נייעסן וועגן הייליקן לאַנד. איטעלע זיין ווייב האָט דאָס אַלץ גלייכגילטיק אויסגעהערט און צום סוף אַ זאָג געטאָן:

— וואָס גייען מיך אָן די אַלע מעשיות? דער עיקר, ווי אַזוי דערליידיקט מען אונדזערע אייגענע זאַכן? — און דער שמועס איז אַריבער צו די היימישע געשעפטן.

צו מאָרגנס האָט יצחק ווידער פאַרפירט אַ שמועס מיט זיין ווייב וועגן ארץ־ישראל און געוואָלט אַלץ קומען צו רייד וועגן דעם פּלאַן צו שאַפן אַ מעליצער קאָלאָניע אין ארץ־ישראל, וווהין ער דאַרף פאָרן וועגן דעם, אויסנוצנדיק זיין רייזע קיין ווין, אָבער יעדעס מאָל האָט זיין ווייב אָפּגעווענדט דעם שמועס אויף אַנדערע היימישע זאַכן, וואָס מען דאַרף דערליידיקן. ביז ער האָט איינגעזען, אַז ער וועט דאָס דאַרפן קלאָר און אָפן זאָגן. האָט ער אָנגעהויבן מיטן אַנטיסעמיטיזם, מיט די הויכע שטייערן. ווי וועט מען דאָס אַלץ קאָנען אויסהאַלטן? דאַן איז ער אַריבער צו דעם שלעכטן איינפלוס אויף זייערע קינדער, וועלכע קומען אַריין אין פעדערןסקלאַד אַכטונג געבן אויף די קלויבערינס און די בחורים וואָס פּאַקן די פעדערן, און זיי הערן זיך אָן ניבול־פה, אַחוץ דעם שטויב, וואָס זיי אָטעמען אַריין אין זיך און איז אַזוי שעדלעך פאַר זייער געזונט. דעריבער וואָלט אפשר גלייכער געווען פאַר זיי צו געפינען זיך אויף דער ריינער און גוטער לופט צווישן פעלדער און גערטנער פון אַ ייִדישער קאָלאָניע אין ארץ־ישראל. איטעלע זיין ווייב האָט נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס אים גייט און אָנגעקוקט אים אַזוי, ווי ער וואָלט גערעדט „פון וועג״ און געזאָגט:

— וואָס טויגן מיר די נאַרישקייטן: העטעך, פּעטעך! קאָלאָניע, שמאָלאָניע! אַ שאָד די צייט פאַר אַזעלכע מעשיות!

געזען, אַז מיט די אַלע רייד וועט ער גאָר נישט אויפטאָן ביי איר, האָט ער מיט אַ מאָל איר אַלץ דערציילט וועגן זיין פּלאַן. אָבער זי האָט אים נאָך אָנגעקוקט מיט פאַרווונדערונג און נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס ער רעדט. יצחק האָט מיט דער גאַנצער קלאָרקייט איר דערקלערט דעם פּלאַן צו שאַפן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל, און היות ווי ער פאָרט סיי ווי געשעפטלעך קיין ווין, וועט ער שוין אין איין וועגס פאָרן קיין ארץ־ישראל איבערצונעמען דעם באָדן פאַר דער מעליצער קאָלאָניע.

אַז איטעלע האָט געהערט די קלאָרע רייד פון איר מאַן, האָט זי נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: וויינען אָדער לאַכן. זי האָט אַ ווײַלע צעמישט געשוויגן און דאַן אַ זאָג געטאָן:

— משוגע געוואָרן? פאָרן קיין פּאַלעסטינע, האַקן שטיינער, כאָוועָן בהמות מיט הינער אַזוי ווי די באַבעס אין דאָרף? מ׳דאַרף דאָך זיין משוגע דאָס צו טאָן!

יצחק האָט זי באַרויִקט און געטראַכט ביי זיך: אַ יידענע בלייבט אַ יידענע. וואָס פאַרשטייט זי דען וועגן ארץ־ישראל, וועגן אהבת־ציון און וועגן אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר יידן? ער איז אָבער געווען ביי זיך זיכער, אַז צו ביסלעך וועט ער זי געווינען פאַר זיין פּלאַן. איטעלע זיין ווייב האָט אָבער אַנדערש געטראַכט. זי האָט אויסגעהערט די שיינע רייד און מעשיות וועגן ארץ־ישראל און באַשלאָסן אַלץ צו טאָן, עס זאָל דערצו נישט קומען. זי האָט געוווּסט, אַז איר מאַנס רבי, דער סטיטשינער רב אין טאַרנע, איז קעגן די ציוניסטן און „זייער פּאַלעסטינע", און זייענדיק אין טאַרנע געשעפטלעך, איז זי אַוועק צום רבין מיט אַ קוויטל, אין וועלכן זי האָט געבעטן דעם גבאי אַריינצושרייבן אַ בקשה וועגן אַ רפואה שלימה פאַר איר מאַן.

איבערגעלייענט דאָס קוויטל, האָט דער סטיטשינער רב איבערגעפרעגט, וואָס דאָס איז פאַר אַ מחלה. איטעלע האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין און דערציילט דעם רבין אַלץ, וואָס יצחק האָט בדעה צו טאָן.

דעם רבין האָט דאָס גאָר שטאַרק פאַרדראָסן און אַ זאָג געטאָן:

— זאָל גאָט שומר ומציל זיין! מיט השם יתברכס הילף וועט גאָרנישט ווערן פון דעם אַלעם.

זי איז געווען זיכער, אַז די רייד פונעם רבין וועלן מקויים ווערן, האָט זי זיך באַרויִקט און קומענדיק אַהיים פון טאַרנע האָט זי גאָרנישט דער־ציילט וועגן איר באַזוך ביים רבין און אויך נישט געשטערט יצחקן גרייטן זיך צו דער רייזע קיין ווין ווו ער האָט געדאַרפט זיך אָפּרעכענען מיט אירע ברידער פאַר די פעדערן וואָס מ׳האָט צו זיי געשיקט אויף עקספּאָרט, און לויט זיין פּלאַן — צו פאָרן פון דאָרט קיין ארץ־ישראל. זי האָט אים

נאָר כסדר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פאַר אַזאַ רייזע דאַרף אַ חסידישער ייִד נעמען אַ ברכה פון זיין רבין.

האָט יצחק ביי זיך געטראַכט: פאַר וואָס טאַקע נישט? סיי ווי פאָרט ער דורך טאָרנע, ווו ער דאַרף דערליידיקן געשעפלטעכע ענינים, וועט ער שוין אין איין וועגס גיין צום סטיטשינער רבי זיך געזעגענען.



סטוטשינער רבי מיט יאָשע ליפשיץ

אין טאָרנע אויפן וועג קיין ווין האָט יצחק קודם כל דערליידיקט זיינע געשעפטלעכע ענינים און געקויפט אַ בילעט אין „אָרביס" צום שנעלצוג, וואָס פאָרט אָוונטצייט איבער טאָרנע קיין ווין. עס איז אים געבליבן נאָך גענוג צייט ביז פאַר נאַכט, האָט ער זיך געלאָזט גיין צום רבין, אָנגעשריבן דורכן גבאי אַ קוויטל און אַרומגעוויקלט זיך מיטן גאַרטל, ווי עס פאַסט ביים אַריינגיין מיטן קוויטל צום רבין.

געלייענט דאָס קוויטל, וואָס יצחק האָט געלאָזט אָנשרייבן וועגן אַ ברכה והצלחה צו זיין וועג אין הייליקן לאַנד, האָט דער רבי אַראָפּגענומען זיינע ברילן און בייז אַ זאָג געטאָן:

— קיין פּאַלעסטינע גאָר? באַזעצן זיך דאָרט און מיטשלעפּן נאָך מעליצער ייִדן? זאָג איך דיר, אַז דו זאָלסט דאָס נישט טאָן, חס וחלילה!

יצחק האָט אָנגעהויבן זיך פּלאָנטערן מיט זיינע רייד, פאַרענטפערן זיך און באַרויִקן דעם רבין: קודם, פאָרט ער איצט קיין ווין צו זיינע שוואָגערס וועגן געשעפטלעכע ענינים, און וואָס שייך ארץ־ישראל, איז ער בלויז אַ שליח פון אַ גרופּע מעליצער ייִדן, וואָס ווילן פאָרן און שאַפן דאָרט אַ קאָלאָניע.

געהערט וועגן דער קאָלאָניע, איז דער רבי געוואָרן נאָך מער אין כעס. מיט אַ געבייזער אין קול האָט ער נאָך אַ מאָל געזאָגט:

— איך הייס נישט פאָרן!

ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין רבנישער שטול, אַריין אין זיין חדר־מיוחד און פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

יצחק איז אַ ווילע געבליבן צעטומלט, נישט געוווסט וואָס צו טאָן, ביז ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם שנעלצוג, וועלכן ער קאָן פאַרשפּעטיקן. ער האָט אומגעקוקט זיך אַרום, און נישט געזוען מער דעם רבין — איז ער מיט שנעלע טריט אַוועק צו דער באַן־סטאַציע און אַרויף אויפן שנעלצוג קיין ווין.

דער סטיטשינער רב האָט איינגעזען, אַז יצחק האָט פאָרט בדעה צו פאָרן שאַפן די קאָלאָניע אין פּאַלעסטינע און גורם זיין דערמיט, אַז אויך אַנדערע ייִדן פון מעליץ זאָלן זיך דאָרט באַזעצן, און ווער ווייס וויפל פון זיינע חסידים פון מעליץ ער וועט מיטשלעפּן אַהין. אויב אַזוי דאַרף מען זען איידער וואָס־ווען צעשטערן דעם גאַנצן פּלאַן.

ער האָט גערופן זיין גבאי און איבערגעגעבן אים דעם ענין צו דער־ליידיקן. נאָכן דאַווענען מנחה־מעריב האָט דער גבאי זיך באַראַטן מיטן רבינס מקורבים, וועלכע האָבן גאַנץ גוט געקענט יצחק קלאַגסברון פון מעליץ און אויסגעאַרבעט צוזאַמען אַ פּלאַן, ווי אַזוי דאָס צו מאַכן. באַלד צו מאָרגנס אין דער פרי האָבן זיי געשיקט וועגן דעם אַ שליח צו אברהם

געטינגער אין מעליץ, וועלכער האָט געשטאַמט פון סטיטשין און איז געווען אַ גרויסער חסיד פון סטיטשינער רבין. ער איז אויך געווען אַ פעדערן־סוחר, געוווינט בשכנות פון יצחק קלאַגסברון און זייערע ווייבער זענען געווען גאָר באַפריינדט.

אויסגעהערט דעם שליח — אַ טאָרנער בעל־הבית און אַ שטאַרקן חסיד פון רבין, — האָט ער געשיקט זיין ווייב אסתר־לאה בעטן איטעלען, זי זאָל תיכף אַהערקומען. געהערט פון אסתר־לאה וועגן אַ שליח פון סטיטשינער רב איז איטעלע געווען שטאַרק צופרידן. זי האָט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן ענין און גייענדיק צו אברהם געטינגער האָט זי שוין געהאַט אַ פאַרטיקן פּלאַן.

זי האָט אויסגעהערט דעם שליח פון רבין מיט אַלע זיינע פרומע רייד וועגן פּאַלעסטינע, וואָס האַלט אויף משיחס קומען און די גאולה שלימה פאַרן כלל־ישראל, און אַז די אַלע, וואָס פאָרן דאָרט, וועלן האָבן אַ פינצ־טערן סוף — האָט איטעלע אָנגעשריבן אַ טעלעגראַמע צו אירע שוועסטער און ברידער אין ווין אָפּצוהאַלטן יצחקן פון ווייטערדיקן פאָרן — און אַ בריוו איז אין וועג.

נאָכן אָוועקשיקן די טעלעגראַמע, האָט זי אָנגעשריבן אַ בריוו פול מיט תחנונים צו אירע שוועסטער און ברידער, זיי זאָלן יצחקן אָפּהאַלטן פון פאָרן קיין פּאַלעסטינע. זי האָט אויך געשריבן וועגן דער קעגנערשאַפט פון סטיטשינער רבי. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס וועט זיין אַן אומגליק פון דער גאַנצער משפחה, גאָט זאָל אָפּהיטן!

די שוועסטער און ברידער מיט זייערע משפחות אין ווין זענען זיך צונויפגעקומען באַאַרבעטן יצחקן, ער זאָל טאָן לויט זיין ווייבס געבעט און לויט דעם רצון פון זיין רבין.

— ביסטו דאָך אַ חסידישע ייִד — האָבן זיי געטענהט צו יצחקן און נישט קיין ציוניסט, וואָס דאַרפסטו עפּעס פאָרן קיין פּאַלעסטינע? זאָלן דאָס טאָן ייִנגערע פון דיר, חלוצים אָדער קאַפּיטאַליסטן, וועלכע האָבן גרעסערע מעגלעכקייטן.

זיי האָבן אַזוי לאַנג אַריינגערעדט אין יצחקן ביז זיי האָבן געפּועלט.

ביי זיך אָבער האָט ער געטראַכט אָפּצולייגן די זאַך אויף שפּעטער, ביז ס׳וועלן זיך אַ ביסל באַרויִקן די געמיטער.

איז אָבער דער שליח פון סטיטשינער רב זייענדיק אין מעליץ אַריין אויך צום מרא־דאתרא און אים איבערגעגעבן, וואָס עס קומט פאָר הינטער זיינע פּלייצעס אין שטעטל, אַז אַ גרופּע פון פאַרמעגלעכע בעלי־בתים ווילן שאַפן אַ קאָלאָניע אין פּאַלעסטינע און זיך דאָרט באַזעצן. היתכן, ער זאָל צו דעם דערלאָזן?

האָט דער מעליצער רב מיט זיינע נאָענטע חסידים גענומען חוקר ודורש זיין דעם ענין, און געוואָר ווערנדיק ווער עס זענען דאָס די דאָזיקע לייט, גענומען זיי באַווירקן מיט כל מיני דיבורים, נישט צו לאָזן זיך אויף אַזאַ גליטשיקן וועג, וואָס וועט זיי נישט ברענגען קיין שום גוטס, נאָר פאַר־קערט. בקיצור, דער גאַנצער פּלאַן איז זיך צעפאַלן און דער שיינער חלום וועגן אַ מעליצער קאָלאָניע אין ארץ־ישראל איז צעשטערט געוואָרן.

# צדקה און גמילת־חסדים

זינט אַלע צייטן איז דאָס ייִדישע מעליץ באַקאַנט געווען ווי אַן אָרט פון צדקה און גמילת־חסדים, ווו איינער האָט געהאָלפן דעם צווייטן נישט צו פאַלן אין תהום פון דלות און נויט.

אין שטעטל איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל: „אין מעליץ לאָזט איין ייִד דעם צווייטן נישט לעבן און אויך נישט שטאַרבן". דאָס האָט געמיינט, אַז אין מסחר קאָנקורירט איינער מיטן צווייטן, אָבער וואָס שייך צדקה, לאָזט מען דאָ קיינעם, חלילה, נישט אויסגיין פון הונגער. אין מעליץ זענען געווען פאַרשידענע חברות: „תומכי עניים", „מתן בסתר", „ביקור חולים", „הכנסת כלה" און נאָך אַנדערע חברות און „צדקה־קלאַפּערס". די וויכטיקסטע אינסטיטוציע פאַר צדקה איז דאָ געווען די חברה „תומכי עניים".

נאָכן אַנטשטיין פון דער פּוילישער מדינה, ווען עס איז באַזייטיקט געוואָרן די גרענעץ מיט קאָנגרעס־פּוילן, וואָס האָט פריִער געהערט צום צאַרישן רוסלאַנד — האָבן פון די אָרעמע שטעטלעך אויף יענער זייט ווייסל, נישט ווייט פון מעליץ, אָנגעהויבן קומען אַ גרויסע צאָל אָרעמע־לייט קלויבן נדבות. איינער אַריין, דער צווייטער אַרויס. אַ מאָל האָט דער זעלבער ייִד צי די זעלבע ייִדענע איבערגעטאָן זיך אַנדערע מלבושים און נאָך אַ מאָל געקומען נאָך אַ נדבה אין די געשעפטן. דאָס האָט שטאַרק געשטערט דעם האַנדל און די חברה „תומכי עניים" האָט גענומען אויף זיך צו זאָרגן פאַר די פרעמדע אָרעמע־לייט. זי האָט אויסגעברייטערט דעם קאָמיטעט און איינגעפירט „אָפּפאַרטיק־געלט" פאַר די פרעמדע בעטלערס: יעדער האָט באַקומען זיין חלק און געפאָרן ווייטער, און דאָס איז גוט געווען פאַר ביידע צדדים: די אָרעמע־לייט האָבן נישט פאַרלוירן קיין צייט מיטן גיין קלויבן נדבות און זיי זענען אַוועק ווייטער צו אַן אַנדער שטעטל, און די היגע סוחרים זענען פּטור געוואָרן פון דער גרויסער צאָל בעטלערס, וועלכע האָבן געשטערט דאָס באַדינען די קונים אין די געשעפטן.

כדי צו פינאַנסירן די דאָזיקע טעטיקייט האָבן די גבאים פון דער

חברה צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון כמעט אַלע בעלי־בתים, וועלכע האָבן געצאָלט „וואָכן־געלט".

פאַר העלפן די אָרטיקע אָרעמע־לייט האָט די קהילה געהאַט אירע פאָנדן. דער הויפּטפאָנד איז געווען די ירושה פון משה אַשיים — אַ גרע־סערן שטח לאָנקעס, וועלכע מען האָט פאַרדונגען צו די אַרומיקע פויערים צו שניידן דעם היי און די גראָזן. פאַר דעם געלט האָט מען געקויפט האָלץ און קוילן און אויך אַ זעקל קאַרטאָפל פאַר יעדער אָרעמער משפחה. אַזוי האָט דער אַמאָליקער גוטבאַזיצער און גביר פון שטעטל שמשון אַשיים בפירוש פאַרשריבן אין זיין צוואה, ווו ער האָט אָפּגעשריבן די לאָנקעס פאַר דער קהילה.

דאָס שווערסטע פּראָבלעם פאַר דער חברה „תומכי עניים" איז געווען אַן אָרט צום נעכטיקן פאַר די פרעמדע אָרעמע־לייט, וועלכע זענען געבליבן אויף איבער נאַכט. מיט עסן פאַר זיי זענען נישט געווען קיין שוועריקייטן. ווען אַן אָרעמאַן איז געקומען אין אַ ייִדישער שטוב און געבעטן עסן, האָט קיינער נישט אָפּגעזאָגט, אויב נישט קיין מיטאָג אָדער וועטשערע, האָט מען, וויינקסטנס, געגעבן אַ שטיקל ברויט מיט אַ ביסל וואַרעמס צום טרינקען. אָבער אַריינעמען צום נעכטיקן אַ פרעמדן אָרעמאַן האָבן, אַחוץ אויסנאַמען, די מעליצער ייִדן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן. מערסטנס בעלי־בתים האָבן געוווינט אין ענגע דירות. די פרעמדע אָרעמע־לייט פלעגן נעכטיקן אויף די האַרטע בענק פון חסידישן בית־מדרש, אויף בוידעמער אָדער אַריינגעכאַפּט זיך אין באָד צו שלאָפן אויף די האָלצערנע טרעפּ פון דער שוויצבאָד. ביז די קהילה האָט מיט דער הילף פון לייזער סאָלפּעטער אויפגעשטעלט אַ געמויערט הויז פאַר הכנסת־אורחים, ווו יעדער פרעמדער אָרעמאַן האָט געהאַט די מעגלעכקייט איבערצונעכטיקן אַ נאַכט אָדער צוויי און באַקומען אויך יעדן אינדערפרי, און אין אָוונט אַ ביסל וואַרעמס צום טרינקען. מען האָט אויך געהאַלטן אַן אַרבעטער צום וואַשן און קערן, אַזוי, אַז דאָס שטעטל האָט באַקומען אַ גוטן שם צווישן די אָרעמע־לייט אין דער געגנט אַרום און זיי האָבן אַלץ מער געצויגן אַהער.

אויב עס זענען געבליבן פרעמדע אָרעמע־לייט אויף איבער שבת, האָבן די גבאים פון דער חברה תומכי עניים פאַרטיילט זיי לויט אַ ליסטע צו

די מער פאַרמעגלעכע בעלי־בתּים אין שטעטל, זיי זאָלן עסן ביי זייער שבתדיקן טיש.

אַ גאָר וויכטיקע אינסטיטוציע פאַר צדקה איז געווען די חברה „מתן בסתר", אין די לעצטע יאָרן אָנגעפירט דורך הערשעלע רובין און שלמה מאָורער פון ברעטער־סקלאַד. ווי נאָר מען האָט זיך דערוווּסט וועגן אַ סוחר אָדער בעל־מלאכה, וועלכער האָט שטילערהייט געליטן פון דלות און נויט, האָבן די צוויי גבאים פון דער חברה „מתן בסתר" געלאָזט זיך איבערן שטעטל זאַמלען געלט און העלפן די „געפאַלענע" אין זייער נויט. זיי האָבן דאָס געטאָן אויף אַזאַ דעליקאַטן אופן, אַז דער „געפאַלענער" זאָל נישט מיינען, אַז ער באַקומט אַ נדבה, חלילה, נאָר אַ גמילת־חסד, אומצוקערן ווען גאָט וועט געבן בעסערע צייטן. און אַז הערשעלע רובין צוזאַמען מיט שלמה מאָורער זענען געקומען צו אַ מעליצער בעל־הבית נאָך אַ „שפּענ־דונג", האָבן זיי נישט געפרעגט פאַר וועמען, נאָר געגעבן ביד רחבה, ווייל מען האָט געוווּסט, אַז מען קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזן אין די דאָזיקע זאַכן.

אויסגעצייכנט מיט הילף פאַר „מתן בסתר" האָט זיך לייזער פּנקס פון הויף אין וויקעוו נישט ווייט פון מעליץ. יעדן דאָנערשטיק פלעגט ער שיקן מיט זיין יידישן זשאָנדצע פאַרשידענע פּראָדוקטן פון זיין אַגראַר־ווירטשאַפט מערסנטס צו אַלטער הירשן, וועלכער איז אויך געווען צווישן די גבאים פון דער חברה „מתן בסתר", צום פאַרטיילן דאָס צווישן די בכבודיקע אָרעמע יידן אין שטעטל. אויך אַנדערע יידישע גוטבאַזיצער פון די דערפער אַרום מעליץ האָבן געשיקט פּראָדוקטן פון זייערע ווירט־שאַפטן צו די גבאים פון דער חברה „מתן בסתר" פאַר די „פאַרבאָרגענע" אָרעמע יידן.

מיט דער חברה „ביקור חולים" האָבן זיך פאַרנומען אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה שמואל ראָטמאַן פון נאָפּטגעשעפט און אידע לייב שניידער, וועלכע זענען געווען אויך גבאים אין דער „חברה קדישא" דערוווּסט זיך וועגן אַ קראַנקן אין אַן אָרעמער שטוב, האָבן זיי איבער־געלאָזט זייערע געשעפטן און געקומען העלפן דעם קראַנקן. ס'ערשטע האָבן זיי געזען, אַז אין דער דאָזיקער שטוב זאָל מען נישט ליידן פון „דוחק" אָדער, חלילה, פון הונגער. ווינטער־צייט האָבן זיי באַזאָרגט מיט האָלץ און

קוילן די אָרעמע דירה, כדי דער קראַנקער און זײַן בני־בית זאָלן נישט ליידן פון קעלט. אַז ס'איז נייטיק געווען, האָט מען אויך געברענגט אַ דאָקטער צום קראַנקן אויפן חשבון פון דער חברה. מערסטנס אָבער האָבן זיי אַליין זיך פאַרנומען מיטן קראַנקן: געשטעלט „באַנקעס", געלייגט קאָמפּרעסן, געמאַכט מאַסאַזשן — געטאָן אַלץ אַרום די קראַנקע.

אויב עס האָט געטראָפן אַ חולה מסוכן, האָבן זיי ביי אים גענעכטיקט, און אַז זײַן קראַנקייט האָט זיך פאַרשלעפּט, האָבן זיי געשיקט צו אים נעכטיקן אַנדערע מיטגלידער פון דער חברה — לויט דער ריי, יעדער אַ נאַכט, אַלע זאָלן האָבן אַ חלק אין דער מצווה.

פאַר אָרעמע קראַנקע פרויען איז געווען אַ באַזונדערע חברה „ביקור חולים", אָנגעפירט דורך רחטשע פרידמאַן, ברײַנדל שאָר, חיה הענעכס, ברוך פאַרשירימס ווייב, רעכטשע גרוי, משה לייב פרידענפעלדס ווייב פון ביכער־געשעפט, מרימטשע באַס, ישראל מלך שעכטערס ווייב פון „באַנק האַנדלאָווי" און נאָך אַנדערע, וועלכע מ'האָט גערופן אין שטעטל „די צדקה־ווייבער".

ספּעציעל האָט זיך מיט די אָרעמע קראַנקע ווייבער און קינדער פאַר־נומען אסתשע די זדאָווקער, אַן אַלמנה, וואָס האָט פאַרקויפט מילך און אויך געטראָגן דאָס אין די הייזער צו די מער פאַרמעגלעכע בעל־ביתטעס. הגם זי איז געווען אַנדערש ווי די „צדקה ווייבער" — נישט אַזוי פרום ווי זיי, האָט נישט געטראָגן קיין שייטל אויפן קאָפּ, נאָר געגאַנגען אין די אייגענע האָר, וואָס אין מעליץ פון יענע צייטן האָט דאָס געהייסן „גויִיש", האָבן דאָך אַ סך פון די שטעטלדיקע ייִדן געהאַלטן זי פאַר אַ צדקת, מחמת זי איז צו די אָרעמע קראַנקע געווען איבערגעגעבן בלב ונפש. אַז זי איז געקומען צו אַ קראַנקן אין אַן אָרעמער שטוב, האָט זי ס'ערשטע גענומען מאַכן אָרדענונג, אויב ס'איז נישט געווען אין דער שטוב ווער עס זאָל דאָס מאַכן: געוואַשן די כלים, אויסגעקערט די שטוב, זי זאָל האָבן אַ שטיקל מענטשלעכן אויסזען און נישט צו פאַרשעמען זיך פאַרן דאָקטער, אויב מען וועט אים רופן אַהער.

מיינסטנס האָט זי נישט געהאַלטן פון די דאָקטוירים, וואָס „פאַרשטייען אַ קרענק", נאָר געהיילט די קראַנקע מיט היימישע מיטלען. זי האָט געהאַט

ביי זיך אין שטוב פאַרשידענע „זיאָלעס" און „באַבסקע מיטלען", וועלכע זי האָט געהאַלטן וויכטיקער ווי די אַלע אַפּטייקזאַכן, וואָס „אָדער זיי טויגן נישט, אָדער זיי נוצן נישט". אַחוץ דעם האָט זי שטאַרק געהאַלטן פון שטעלן באַנקעס — אָן דעם איז זי נישט געקומען צו קיין קראַנקן. זי האָט אויך שטאַרק געהאַלטן פון מאַכן מאַסאַזשן מיט וואַרעמען בוימל און זי האָט דאָס געטאָן מיט גרויס געשיקטקייט.

ס׳איז כמעט נישט געווען אַ קראַנקער אין שטעטל, אַפילו פון פאַר־מעגלעכע שטובן, וועלכער זאָל נישט קומען צו אסתּטשע די זדאַקאָווער, באַראַטן זיך וואָס ס׳איז „גוט" פאַרן קראַנקן און אַפילו וועלכן דאָקטער צו רופן, וואָרעם הגם זי האָט נישט געהאַלטן פון דאָקטוירים, האָט זי אָבער יעדן דאָקטער אין שטעטל געקענט, און געוווּסט ביי וועלכע קראַנ־קייטן יענער ספּעציאַליזירט זיך.

זי אַליין האָט קיין קינדער נישט געהאַט און דערפאַר האָט זי זיך זייער שטאַרק פאַרנומען מיט די קינדער פון די אָרעמע שטובן, און נישט בלויז מיט די קראַנקע, נאָר אויך מיט די געזונטע קינדער אין דער דאָ־זיקער אָרעמער שטוב, געוואַשן זיי און געקעמט, אויב זייער מוטער איז געווען פאַרנומען מיט אַרבעט אָדער מיט זאָרגן פאַר פרנסה. אויב זי האָט געזען, אַז די קינדער האָבן נישט וואָס אָנצוטון, פלעגט זי גיין איבער די פאַרמעגלעכע הייזער און זאַמלען גענוצטע אָדער אויסגעוואַקסענע מלבושים, גענומען דאָס אַהיים צו זיך, אויסגעוואַשן, אויסגעפּרעסט, דאָס מלבוש זאָל האָבן „אַ שטיקל פּנים", און דאַן אַוועקגעטראָגן דאָס פאַר די קינדער, וואָס גייען אַרום קרוע־בלוא".

אין מעליץ זענען געווען בעלי־בתישע ייִדן, וועלכע האָבן נישט גע־הערט צו קיין שום צדקה־חברה, נאָר געטאָן צדקה וחסד אויף אייגענער האַנט. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע האָט געהערט נחמיה בראַד. אויב עס איז געקומען צו אים אַ „פאַרבאָרגענער" אָרעמאַן אָדער אַ „געפאַלענער" סוחר וועגן „עפּעס אַ שטיקל הילף", האָט ער געלאָזט שטיין זיינע אייגענע געשעפטן און געלאָפן איבערן שטעטל צונויפנעמען געלט און צו העלפן, ס׳זאָל בלייבן „בסוד סודות". מיינסטנס האָט ער געהאַלטן פון דער מצווה הכנסת אורחים, באַזונדערס פאַר „שיינע־ייִדן", „רבילעך" אָדער „אייניק־

לעך", וועלכע האָבן זיך „געלאָזט איבער דער מדינה". די אַלע „זרע קודש" האָבן שוין געוווּסט, אַז נחמיה בראָד האָט אין זיין הויז אַ ספּעציעלע שטוב פאַר הכנסת אורחים און גלייך געקומען אַהער פון דער באַן־סטאַציע, נישט צו פרעגן וועגן דעם ביים בעל־הבית, צי וויל ער יאָ אַריינגעמען אים צום נעכטיקן אָדער נישט. מען האָט געוווּסט, אַז די טיר ביי אים איז אָפן פאַר אַ ייִד אין אַ ווײַדענער קאַפּאָטע מיט אַ ברייטן רבנישן קאַפּעלוש אויפן קאָפּ; אַז נחמיה בראָד וועט זיך מיט אים פאַרנעמען. „אויסלייגן געלט", און שפּעטער דאָס צוזויפנעמען איבערן שטעטל און אַז ביי אים וועט ער זיכער אויך נישט „הונגערן".



נחמיה בראָד

אַז די פרעמדע „שיינע־ייִדן" זאָלן נישט פאַרהונגערן האָט געזאָרגט לאַהטשע בראָד, נחמיהס ווייב. וואָס ווי מענטשן האָבן געזאָגט, האָט זי

מיט גמילת חסדים נאָך איבערגעשטיגן איר מאַן, ווייל אַחוץ דעם, וואָס זי האָט דערלאַנגט פאַר יעדן פרעמדן אורח עסן און טרינקען צום טיש, האָט זי אויך געזאָרגט, אַז דער אורח, וואָכ איז געקומען זאָל האָבן אַ שיסל וואַסער אויסצוּוואַשן די פיס אויב זיי זענען געוואָרן אָפּגעריבן אויפן וועג, אַ זאַלב צו באַשמירן די וווּנדן אויף די פיס און אויך באַנדאַזשן אַרומצו־וויקלען זיי, ער זאָל זיך ווייטער לאָזן וואַנדערן איבער דער מדינה.

נחמיה בראָד האָט געהאַט אַ גרויסן „קאָנקורענט" אין מלך שוסטער, מיטן אונטערשיד נאָר, וואָס נחמיה בראָד האָט אַריינגענומען נאָר „שיינע־ייִדן" אין דעם ספּעציעלן צימער פון זיין געמויערטן שטאָקיקן הויז לעבן דער ברייטער גאַס, און מלך שוסטער האָט גענומען צום נעכטיקן סתם אָרעמע־לייט, „ארחי פרחי", און ניט אין אַ ספּעציעלן צימער פאַר דעם צוועק, נאָר מיט שטרוי אויסגעבעט פאַר זיי אַ נאַכטלעגער אין דעם צימער פון זיין שוסטער־וואַרשטאַט, אין אַן אַלט, נידעריק הייזל לעבן דער באָד. אויך ער האָט זיך פאַרנומען מיט די פרעמדע אָרעמע־לייט, זיי זאָלן האָבן עפּעס צו עסן פאַרן גיין שלאָפן, אויסוואַשן די אָפּגעריבענע פיס אין אַ שיסל וואַרעם וואַסער, אַ זאַלב צום שמירן און אַנוצעס אַרומצוּוויקלען זיי, און ווינטערצייט — אַז דער פרעמדער האָט געהאַט צעריסענע שיך, האָט ער זיי פאַרריכט אָן אַ גראָשן געלט.

נאָך אַ מצווה האָט מלך שוסטער אויף זיך גענומען און איז געווען דערמיט אַן אויסנאַם נישט בלויז אין מעליץ, נאָר אפשר איבער דער גאַנצער וועלט. אויב ס'איז געקומען צו אים אַ מאַן אָדער אַ פרוי מיט אָפּגע־קוועטשטע הינעראויגן אויף די פיס, פון וועלכע ער האָט שטאַרק געליטן, האָט ער אַוועקגעלייגט זיינע קאָפּיטעס, איבערגעצויגן זיין שוסטעריש מעסער אויפן שאַרפשטיין ס'זאָל זיין גלאַט און ריין, און באַזייטיקט דעם „נאַגניאָט" אָן אַ טראָפּן בלוט — „ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען". און הגם ער איז געווען אַ חסיד מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ שבת און יום־טוב, מיט אַ פרום פאַרגאַרטלטער זיידענער בעקעשע און געדאַווענט האָט ער ביים הייליקן מנין פון דער אַלטער רביצין, האָט ער טראָץ זיין פרומקייט, אַפילו ווען ס'איז געקומען צו אים אַ יונגע פרוי מיט אָנגעוווייטיקטע הינעראויגן, זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט דורכצופירן די „כירורגישע" אַרבעט, הגם ער

האָט געדאַרפֿט שטעלן איר נאַקעטן פֿוס אויף זיין קני, און ביי פֿרומע יידן איז דאָס נישט אַזאַ גלייכע זאַך. מלך שוסטער האָט אָבער געהאַלטן, אַז די מצווה פֿון העלפֿן אויסצומיידן די ליידן פֿון אַ מענטשן איז אַ סך גרעסער, ווי די עבירה פֿון באַרירן אַ נאַקעטן פֿוס פֿון אַ פֿרוי.

אַז עמעצער פֿון זיינע פּאַציענטן האָט געוואָלט באַצאָלן פֿאַר דער דורכגעפֿירטער „אָפּעראַציע", האָט מלך שוסטער זיך באַליידיקט און גע־זאָגט: „איך מאַך דאָס נישט פֿאַר געלט". און אויב יענער האָט דווקא זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וויל נישט אומזיסט, האָט מלך אָנגעוויזן אויף דער צדקה־פּושקע פֿון רבי מאיר בעל הנס אויף דער וואַנט.

אַחוץ דעם האָט מלך שוסטער זיך פֿאַרנומען מיט מתן בסתר, שטיל געהאָלפֿן בעלי־בתּישע אָרעמע יידן אין שטעטל, קיינער זאָל נישט וויסן פֿון זייער דלות. דערוווּסט זיך, אַז זיי האָבן נישט מיט וואָס שבת צו מאַכן, האָט ער געלאָזט דעם שוסטערישן וואַרשטאַט ביי זיינע לערן־ייִנגלעך און איז אַרויס איבערן שטעטל זאַמלען אַ ביסל געלט. ער האָט אַליין איינ־געקויפֿט די פּראָדוקטן פֿאַר דער אָרעמער משפּחה, כדי צו זיין זיכער, אַז די דאָזיקע בכבודיקע אָרעמע־לייט וועלן האָבן אַ שבת מיט אַלע יידן צוגלייך.

אויך חיים פֿרידמאַן איז באַקאַנט געווען אין מעליץ ווי אַ בעל־טובה און אַ מענטש פֿון צדקה. ערשטנס ,האָט ער געהערט צו אַלע צדקה־חברות אין שטעטל. געצאָלט יעדע וואָך פּרייטיק דעם צדקה־אָפּצאָל, און אויב ס׳האָט אַמאָל געפֿעלט געלט ביי וועלכער עס איז חברה דורכצופֿירן עפּעס פֿון אַ צדקה־זאַך, האָט ער דאָס מערסטנס משלים געווען פֿון זיין אייגענער קעשענע. אַחוץ דעם איז ביי אים אָפֿן געווען די טיר פֿאַר פֿרעמדע אָרעמע־לייט צום עסן ביים טיש אַ געקאָכט מיטאָג אין משך פֿון דער גאַנצער וואָך.

וועגן דעם ענין האָט אין שטעטל קורסירט אַזאַ מעשׂה: אַ מאָל ווינ־טערצייט, ווען חיים פֿרידמאַן האָט, ווי זיין שטייגער, געלערנט מיט חסידישע בחורים דעם שיעור גמרא מיט תוספות אין משניות־שטיבל, זענען עטלעכע פֿרעמדע אָרעמע־לייט אַריינגעקומען וואַרעמען זיך ביים אָנגעהייצטן איי־זערנעם אויוון. זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך, אַז ביים גביר, ווו מ׳גיט די אָרעמע־לייט דאָס מיטאָג, דערלאַנגט מען צום טיש אַחוץ דעם ברויט

בּלויז אַ קאַרטאָפל־גריץ. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס זיי באַ־קלאָגן זיך אויף דעם דאָזיקן עסן. ווען ער איז אַהיימגעקומען נאָכן דאַווענען עסן פרישטיק האָט ער געבּעטן זיין ווייב הענטשע, זי זאָל היינט קאָכן פאַר אים אַ קאַרטאָפל־גריץ — בּכן, ס׳האָט אים פאַרשמעקט. ביים מיטאָג האָט ער פאַרזוכט פון דעם מאכל, וואָס האָט געהאַט אַלע גוטע טעמים. האָט ער זיך געוווּנדערט אויף די אָרמע־לייט, וועלכע זענען נישט געווען צופרידן פון דער זופּ און דערציילט זיין פרוי, וואָס ער האָט געהערט פון די אָרעמע־לייט אין משניות־שטיבל. צו מאָרגנס האָט זיין ווייב צום מיטאָג ווידער דערלאַנגט איר מאַן אַ קאַרטאָפל־גריץ, אָבער נישט געקאָכט פאַר אים ספּעציעל, נאָר פון דעם זעלבן טאָפּ, אין וועלכן זי האָט אויך געקאָכט פאַר די אָרעמע־לייט. נאָכן פאַרזוכן דערפון, האָט ער זיך אָנגערופן צום ווייב:

— זאָג מיר, הענטשע, פאַר וואָס האָט די קאַרטאָפל־זופּ נעכטן געהאַט אַלע גוטע טעמים און היינט איז עס אַ „לאָציקע״? האָט זי אים געזאָגט דעם אמת:

— נעכטן איז די זופּ געקאָכט געוואָרן פאַר דיר מיט אַלע שמעקעוו־דיקע פאַרבּראָקעכצן, היינט אָבער איז זי פונעם טאָפּ פאַר די אָרמע־לייט און געקאָכט בּלויז מיט אַן איינבּרען פון מעל און פעטס.

געהערט זיין ווייבס אויפקלערונג, האָט ער זי געבּעטן, אַז אויך די זופּ פאַר אָרעמע־לייט זאָל מען קאָכן מיט פאַרבּראָקעכץ.

וויפל אמת ס׳איז געווען אין דער דאָזיקער געשיכטע — האָט קיינער נישט קאָנטראָלירט, אָבער אַ פאַקט איז, אַז אין משך פון דער גאַנצער וואָך האָבן אָרעמע־לייט באַקומען ביי אים געקאָכט עסן און צום שבתדיקן טיש האָט ער זיך נישט געזעצט אָן אַ פרעמדן אורח, און אַ סך מאָל — מיט עטלעכע אורחים: „שיינע־ייִדן״, „רבנישע איניקלעך״ און אויך סתם אָרעמע־לייט.

הערש מענדל בּעקער האָט געהאַט זיין אייגענעם נוסח פון געבּן צדקה. קודם־כל, האָט ער גאָר שטאַרק געהאַלטן פון דעם רבּי מאיר בעל הנס צדקה־פּושקע און טאָג־טעגלעך, איידער ער האָט זיך גענומען צום מאַכן די ראָזשינעס אויף בּרויט און זעמל, האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ מטבע

אין דער פּושקע, ווי אַ סגולה פֿאַר מזל און ברכה. ווען די גבאים פֿון „כולל גאַליציע״ האָבן צונויפֿגענומען דאָס צדקה־געלט פֿון די רבי מאיר בעל הנס־פּושקעס איבערן שטעטל, האָבן זיי ביי אים געטראָפֿן די גרעסטע סומע פֿון אַלע פּושקעס אין שטעטל.

ביי אים איז אויך איינגעפֿירט געווען אָוועקצולייגן דאָס ערשטע ברייטל פֿון געבעק, וואָס איז אַרויס פֿון באַקאויוון, צום שיקן עס פֿאַר אַן אָרעמער משפּחה, וואָס האָט זיך אין דעם גענייטיקט.

בעת די שווערע צייטן פֿון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ר׳ מלכל דער מעליצער רב באַקומט נישט צו דער צייט אויסגעצאָלט זיין חודש־געהאַלט, מחמת די קהילה האָט נישט קיין געלט, אָדער דערפֿאַר, ווייל מערסטנס קהילה־לייט אין מעליץ זענען חסידים און אָנהענגער פֿון ר׳ מענדעלע זיין יינגערן ברודער, וועלכער פֿירט מיט אים אַ מחלוקת וועגן דעם מעליצער כסא־הרבנות, און דערווייל איז אין שטוב פֿון מעליצער רב אַ גרויס דחקות. הערש־מענדל בעקער האָט באַלד אָנגעהויבן שיקן טאָג־טעגלעך ברויט און אויך בייגל פֿאַר די קינדער, זיי זאָלן נאָר, חלילה נישט הונגערן. און אַז ר׳ מלכל איז געפֿאָרן קיין אַמעריקע, כדי צו פֿאַרזאָרגן זיך מיט פּרנסה און איבערגעלאָזן אין מעליץ זיין בני־בית, האָט הערש־מענדל בעקער ממשיך געווען דאָס שיקן ברויט און בייגל ביז גאָט וועט שיקן פֿאַר זיי בעסערע צייטן.

דער מעליצער רב האָט מצליח געווען אין אַמעריקע און אָנגעהויבן שיקן דאָלאַרן צו זיין רביצין אין מעליץ. זי האָט שוין געהאַט נישט בלויז אויפֿן לעבן, נאָר אויך צו צאָלן די חובות וואָס זי האָט געמאַכט אין משך פֿון דער שווערער צייט. דעמאָלט האָט זי געוואָלט אויך באַצאָלן פֿאַרן ברויט און די בייגל, וואָס הערש־מענדל בעקער האָט אַ לאַנגע צייט געשיקט צו איר אין שטוב. האָט זי געשיקט צו אים איר שכנה אסתשע זדאָקעווער, וועלכע איז ביי איר געווען היימיש ווי אַ שוועסטער.

איז אסתשע זדאָקעווער געקומען צו הערש־מענדלען און געפֿרעגט וועגן אַ חשבון, וויפֿל אים קומט פֿאַרן ברויט און די בייגל, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געשיקט צו דער מעליצער רביצין. ער האָט זי אָנגעקוקט, ווי אײנער, וואָס פֿאַלט פֿלוצלונג אַראָפּ פֿון בוידעם און געזאָגט:

— חס וחלילה איך האָב דאָס נישט געטאָן פאַר געלט. גאָט זאָל אָפּהיטן!

אסתשע איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין און געזאָגט:

— ווײַל צו אײַך ר׳ הערש־מענדל, און ווײַל צו אײַער נשמה, וואָס איר טוט אַזעלכע מצוות — און ביים אַוועקגיין האָט זי אים געווונטשן — אין דעם זכות זאָלט איר האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, אָמן!

צי אסתשעס ווינטשן וועגן אַ ליכטיקן גן־עדן זענען מקויים געוואָרן, — קאָן קיינער נישט וויסן, אָבער אַ צייט שפּעטער, ווען הערש־מענדל איז געשטאָרבן, האָט ער געהאַט אַ גאָר בכבודיקע לוויה. גראָד איז דעמאָלט געוואָרן באַנייט אַ פריש פעלד פאַר אַ בית־הקברות נישט ווייט פון אַלטן בית־החיים און די „חברה קדישא״ האָט דאָס געוואָלט פאַרהייליקן מיט דער ערשטער קבורה. האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז הערש־מענדל בעקער איז געשטאָרבן. צו דער לוויה איז געקומען אַ גאָר גרויסער עולם פון שטעטל, מיט די גרעסטע חסידים און „שיינע־ייִדן״ בראש. די „חברה קדישא״ האָט געפירט דעם עולם צו די הקפות אַרום דעם פרישן פעלד מיט זאָגן תהילים, „מעבר יבוק״, און אַן „אל מלא רחמים״ פאַר אַלע צדיקים, חסידים וישרים, מיט אַ סך געצונדענע ליכט אויפן פרישן קבר פון הערש־מענדל. נאָך די אַלע צערעמאָניעס פון הייליקן דאָס פרישע פעלד פאַרן בית־הקברות, האָבן די דריי זין פון הערש־מענדל — אויך בעקערס — געזאָגט קדיש און דער גאַנצער בכבודיקער עולם האָט פרום נאָכגעזאָגט „אמן״. ווי די מעליצער ייִדן האָבן דערציילט, געדענקען זיי נישט אַזאַ גרויסע און בכבודיקע לוויה, אַפילו נישט ביי רבנים און לומדים.

מיט יאָרן שפּעטער, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָך דער ייִדישער אויסזידלונג פון מעליץ דורך די דייטשע רוצחים, האָבן די פוילישע רשעים אויסגעריסן אַלע מצבות, סיי פון אַלטן און סיי פון נייעם בית־עולם, און אויסגעפלאַסטערט מיט זיי דעם פאַרגרעסערטן מאַלי רינעק נאָך דעם, ווי זיי האָבן באַזייטיקט אַלע ייִדישע האַלצערנע הייזער אַרום, און אויך געמאַכט פון זיי טראָטואַרן צו דער בלאָניע און אַנדערע וועגן. בלויז די מצבה פון הערש־מענדל איז איינציק־אַליין געבליבן נישט באַרירט.

מער ווי אין אַלע טעג פון דער וואָך האָט זיך די צדקה־טעטיקייט אין שטעטל אָנגעזען פרייטיק. ערשטנס, דערפאַר, ווייל אין דעם טאָג זענען די היגע „פּאַטענטירטע" אָרעמע־לייט געגאַנגען איבערן שטעטל קלויבן נדבות. די שטאָלצע אָרעמע־לייט, וועמען עס האָט נישט געפּאַסט סתּם אַזוי צו גיין נאָך אַ נדבה, האָבן געקלאַפּט פאַר יעדער טיר מיט אַ בלעכערנער צדקה־פושקע, געזאָגט דעם היינטיקן „זמן" פון ליכט־בענטשן און באַקומען עטלעכע גראָשן אין דער פושקע אַריין. אַחוץ דעם זענען איבערן שטעטל פרייטיק געלאָפן די אינקאַסענטן מיט ליסטעס איינצוקאַסירן דאָס וואָכן־געלט פאַר די פאַרשידענע צדקה־חברות.

פרייטיק האָט מען אויך געזען טראָגן טעפּ און טעפּלעך מיט פאַרשידן שבתדיקן געקעכץ צו בכבודיקע אָרעמע משפחות אָדער צו קראַנקע, וועלכע זענען נישט אין שטאַנד געווען אַליין צו גרייטן דאָס פאַר זיך אויף שבת.

אויסגעצייכנט אויף דעם געביט האָבן זיך די ווייבער פון דער צדקה־חברה „ביקור חולים", און אויך אַנדערע בעל־ביתטעס. פון דער דאָזיקער מצווה האָט שטאַרק געהאַלטן לאהטשע, ניסן קלאַגסברונס ווייב פון שניט־געשעפט אין דער באַנגאַס. ווי זי איז נאָר פאַרטיק געוואָרן מיטן קאָכן די שבתדיקע מאכלים, האָט זי געשיקט איר דינסטמיידל מיט פאַרשידענע מאכלים צו קראַנקע און שטילע אָרמע־לייט. טייל מאָל האָט זי אויך צו־געלייגט צו די טעפּלעך פאַרשידענע רעשטלעך פון דער שניט־סחורה פון איר געשעפט, די אָרעמע מענטשן זאָלן אויפנייען פאַר זיך עפּעס אַ מלבוש.

פרייטיק איז אין מעליץ אויך געווען דער טאָג פון אומקערן דאָס געלט פון אַ גמילת־חסד, וואָס נישט־פאַרמעגלעכע סוחרים און הענדלער האָבן אָנהייב וואָך גענומען ביי מער פאַרמעגלעכע סוחרים כדי צו קאָנען באַזאָרגן זיך מיט אַ ביסל סחורה אויף דאָנערשטיק צום יריד. ווי נאָר דער דאָנערשטיק איז אַריבער מיט אַ ביסל לייזונג אויפן יריד, זענען פרייטיק באַלד אין דער פרי די נישט פאַרמעגלעכע סוחרים און הענדלער אַוועק צו זייערע בעלי־טובה אומצוקערן דאָס געלט פון גמילת־חסד, ווייל יענע האָבן געדאַרפט דאָס געלט צו צאָלן די וועקסלען פאַר דער געקויפטער סחורה אין קראָקע, טאַרנע אָדער ריישע. האָט אָבער געטראָפן ביי איינעם אַ שלעכטער יאַריד און ער האָט נישט געהאַט דאָס געלט אומצוקערן צו

זיין בעל־טובה, האָט ער געכאַפּט אַ גמילת־חסד ביי אַ צווייטן, כדי אומ־צוקערן עס צום ערשטן, אַבי נישט צו פאַרלירן דעם קרעדיט אויף אַ צווייט מאָל.

דאָס אַלץ, אויב גאָט האָט געהאָלפן מיט נאָרמאַלע צייטן און אַלץ האָט זיך גלייך און גוט געפירט, אויב דער שׂטן האָט זיך נישט אַריינ־געמישט מיט שלאַקס־רעגנס זומער אין אָסיען־צייט, אָדער מיט שניי־זאַווערוכעס ווינטערצייט; צי גאָר, ווי נישט איין מאָל האָט געטראָפן אין די אַנטיסעמיטישע צייטן, אַז כוליגאַנישע פּיקעטן איבער די וועגן פון די דערפער האָבן נישט דערלאָזט די פּויערים פאָרן אין שטאָט אַריין האַנדלען מיט די ייִדן אויפן יאַריד. דעמאָלט איז געווען ביטער און חושך — אויס לייזונג, אויס פּרנסה און נאָך ערגער: ס׳איז נישט געווען פון וואַנען אומצוקערן דעם גמילת־חסד.

אין אַזאַ צייט האָבן די תבואה־סוחרים אַ ביסל געראַטעוועט די לאַגע. ווייל אויב די פּויערים פון דאָרף זענען נישט געקומען אין שטאָט אַריין מיט זייער תבואה, איז דאָך דאָס צוגעגרייטע געלט בײַ זיי געבליבן אין קעשענע און זיי האָבן געקאָנט דערמיט טאָן אַ מצווה פון גמילת־חסד.

אַזעלכע מצוות האָט פאַר זיך צום מיינסטן איינגעקויפט שיִע רובין פון תבואה־שפּייכלער. ווען ער האָט געזען די שווערע לאַגע פון די בעלי־חובות, וועלכע האָבן געדאַרפט אומקערן דאָס געלט צו זייערע בעלי־טובות, האָט ער צווישן זיי צעטיילט דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט איינצוקויפן תבואה בײַ די פּויערים.

שיִע רובין פון תבואה־שפּייכלער איז בכלל געווען אַ ייִד, וואָס האָט געקליבן מצוות סיי בין אדם למקום און סיי בין אדם לחברו. אַזוי, למשל, האָט ער אויף זיך גענומען די מצווה צו זאָגן יעדן שבת אין דער פרי תהילים פאַרן עמוד אין שול פאַרן דאַווענען שחרית. דער פאַרזאַמלטער עולם איז מיטגעריסן געוואָרן מיט זיין זאָגן דעם שבתדיקן תהילים, און ווען ער איז געקומען צום סוף און ער האָט אָנגעהויבן מיט זיין ווייגער־דיקער שטימע און דביקותדיקן ברען: „ותמהר ותחיש לגואלנו״, איז די שול פול געוואָרן מיט אַ התלהבות, וואָס וואָלט גיכער געפּאַסט פאַר די

חסידים אין בית־מדרש און נישט פֿאַר די פּשוטע און קאַלטע שול־בעלי־בתים.

פֿון אַלע מצוות, וואָס שיִע רובין האָט געטאָן, האָט ער מיינסטנס דערמאָנט אַ מצווה, וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר דער וויכטיקסטער אין זיין לעבן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מציל זיין אַ ייִדישע נשמה פֿון שמד, רחמנא לצלן.

און מעשׂה שהיה כך היה: אין אַ געוויסן פֿרייטיק, שפּעט שוין נאָך מיטאָג, ווען שיִע האָט שוין געהאַט זיך אומגעקערט אַהיים פֿון שוויצבאָד, איז צו אים אין שטוב אַריינגעקומען דער גבאי פֿון ר׳ מענדעלע דעם מעליצער רב מיט אַ בקשה — תיכף ומיד קומען צום רב. אַריינגעקומען צום מעליצער רב, האָט ער אים געבעטן זיצן און פֿאַרגעלייענט פֿאַר אים אַ בריוו פֿון לובלינער רב, אַז בכן אין אַ דאָרטיקן קלויסטער געפֿינט זיך אַ ייִדישע טאָכטער פֿון אַ דאָרף לעבן מעליץ. אירע עלטערן פֿאַרנעמען זיך מיט תּבֿואה־האַנדל און זיין נאָמען איז אַזוי און אַזוי (דעם נאָמען האָט שיִע רובין נישט געוואָלט מגלה זיין). זי האַלט זיך ביים שמדן און חתונה האָבן מיט אַ גויישן שגץ, רחמנא לצלן. לכן איז מוטל אויפֿן מרא דאתרא פֿון מעליץ תיכף ומיד דאָס מודיע זיין צו אירע עלטערן, זיי זאָלן, למען־השם, תיכף קומען אַהער, אַפֿילו אין הייליקן שבת, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן פּיקוח נפש, און צוזאַמען מיט זיי וועט, מיט השם יתברכס הילף, געלונגען מציל צו זיין זייער טאָכטער פֿון שמד, השם ישמרנו.

— איר הערט, ר׳ שיִע? — האָט דער מעליצער רב צוגעגעבן — עס האַנדלט זיך וועגן מציל זיין אַ טאָכטער פֿון אַ תּבֿואה־סוחר, וועלכן איר קענט זיכער. איז דאָך פֿון הימל אייך באַשערט די דאָזיקע מצווה, צו זיין דער שליח צו אירע עלטערן און גלייך אַרויספֿאָרן אַהין אין דאָרף. איר וועט באַוויזן אָנצוקומען אַהין נאָך פֿאַרן זמן פֿון צינדן די שבת־ליכט, צוריקוועגס אָבער וועט איר דאַרפֿן גיין צו פֿוס צוליב קדושת השבת.

געהערט וועגן אַזאַ גרויסער מצווה, האָט שיִע רובין נישט לאַנג גע־טראַכט. ער איז שנעל אַרויס אויפֿן מאַרק, געכאַפּט אַ פֿורל מיט אַ גויישן בעל־עגלה, כדי נישט צו ברענגען קיין ייִדישן בעל־עגלה צו חילול־שבת אויף צוריקוועגס, און הענדום־פּענדום געפֿאָרן צום דאָרף, ווו עס האָט

געוווינט דער תבואה־סוחר, דער פֿאָטער פֿון דעם דאָזיקן מיידל.

געקומען אַהין, האָט ער שוין געזען דורכן פֿענצטער פֿון דעם נידעריקן דאָרפֿישן הײַזל, ווי די בעל־ביתטע שטייט פֿאַר די געצונדענע ליכט און זאָגט די ברכה און די ווײַבערישע תפילה. דאָס ערשטע האָט ער אַוועקגעשיקט דעם גויִישן בעל־עגלה און אַליין געשטעלט זיך אין אַ זײַט ביז די בעל־ביתטע וועט פֿאַרטיק ווערן מיט אירע תחינות.

ווען ער איז אַרײַנגעקומען אין שטוב, האָט אים דאָס האַרץ ווי געטאָן אָנצוזאָגן אַזאַ ביטערע בשורה. ער האָט געדרייט מיט די רייד אַהין און אַהער ביז ער איז אַרויס מיטן שרעקלעכן אמת.

וואָס דאָרט, אין דער פֿרומער יִדישער שטוב, איז פֿאָרגעקומען נאָכן הערן די ביטערע בשורה, דאָס וויינען און קלאָגן — איז גאָר נישט צו באַשרייבן. דער עיקר, זיין באַקאַנטער תבואה־סוחר צוזאַמען מיטן ווייב זענען תיכף אַוועק צו דער באַן־סטאַציע, געפֿאָרן מיט דער באַן צום לובלינער רב. זיי האָבן מציל געווען זייער טאָכטער פֿון שמד און זי געבראַכט מיט זיך אַהיים. שפּעטער, נאָך אַ שטיקל צייט, האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ יִדישן בחור און אויפֿגעשטעלט אַ כּשרן יִדישן דור.

# סליחה ומחילה

ווען לאָזער מאַדיאַר, דער ישיבה־בחור פון אונגאַרן האָט חתונה געהאַט, האָט אים זיין שווער, אשר בראַנדמאַן פון דעם אייזן־געשעפט אין מאַרק, איבערגעגעבן אין נדן זיין צווייט הויז. דאָס הויז האָט זיך געפונען אויף דער הויווישער גאַס און איז געווען געמויערט וואַנט ביי וואַנט מיט די איבעריקע הייזער, וועלכע האָבן צוזאַמען געשאַפן אַ בלאָק וואָס האָט זיך געצויגן פון דעם מאַרק ביז צום געסל, וואָס האָט געפירט צום מצבה־קריצער.

באַשטאַנען איז דאָס הויז פון אַ גרויסער שטוב אויפן שטאָק, ווו לאָזער מאַדיאַר האָט געוווינט און פון אַ געוועלב אויפן פּאַרטער אין פראָנט, ווו ער האָט זיך איינגעאָרדנט אַ שפּייזקראָם.

כל־זמן זיין ווייב האָט געהאָלפן אין דער שפּייזקראָם, אַזוי ווי עס פירט זיך אין אַנדערע שפּייז־געוועלבלעך, האָט זיך אַלץ פּאַרהעלטניש־מעסיק גוט געפירט. מיט דער צייט אָבער, נאָך דעם ווי זי האָט געבוירן אַ סך קינדער, האָט זי אָנגעהויבן צו קרענקען און איז נישט אין שטאַנד געווען מער צו העלפן אין קראָם, דעמאָלט האָט אַלץ אָנגעהויבן אונטער־צוהינקען, איבערהויפּט נאָך דעם, ווי אין דער נאָענטער סביבה האָבן זיך באַוויזן גרעסערע קאָלאָניאַל געשעפטן, וועלכן האָבן אויך פאַרקויפט אויף הורט. אַזוי ווי אָט די נייע סוחרים האָבן צוליב דער קאָנקורענץ פאַרקויפט מיט אַ גראָשן ביליקער, זענען אַ סך פון לאָזערס קונים אַוועק צו די פרישע גרעסערע געשעפטן. ביסלעכווייז האָט לאָזער מאַדיאַרס שפּייז־געוועלב אָנגעהויבן צו פוסטעווען, וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער קונים זענען אַהער געקומען, די פּאָליצעס זענען געוואָרן ליידיקער און ליידיקער, אַלץ מער אַרטיקלען האָבן אויסגעפעלט. טאָמער זענען נאָך אַריינגעקומען זיינע היימישע קונים וואָס האָבן געוואָלט אים אונטערהאַלטן, האָבן זיי נישט באַקומען די נייטיקע אַרטיקלען. און ווען זיי האָבן אים געפרעגט:

— ר׳ לאָזער, פאַר וואָס ווערט ביי אייך אַלץ וויניקער סחורה אין געוועלב ?

פלעגט ער אַ זיפץ טאָן און זאָגן :

— קינדערישע פיסקלעך זענען אַזוי ווי אַ לעכערדיקער זאַק, וואָס ווערט קיין מאָל נישט פול.

פון דעם ענטפער אָבער האָבן די בעלי־הביתטעס נישט געקאָנט שבת מאַכן און סוף כל סוף זענען זיי אויך אַוועק צו אַנדערע געוועלבער און די הויפט־אָפּנעמער פון זיין סחורה זענען געוואָרן זיינע אייגענע בני־בית, ביז זיין שפייז־געוועלב איז אין גאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן פון סחורה.

ווען ער האָט דערזען אַז זיין לאַגע איז שוין גאָר ביטער, איז ער אַוועק צו זיין ווייבס קרובים, צו די שכנים און צו די ווילטעטיקע אינסטי־טוציעס פונעם שטעטל, געכאַפּט דאָ און דאָרט אַ הלוואה און איינגעקויפט עטלעכע שאַכטלעך צוקערוואַרג, פאַרשידענע פלעשלעך מיט קינסטלעכן סיראָפּ און אויך געקויפט ביי יודעלע האָרוויץ אַ גרויסן באַלאָן מיט סאָדע־וואַסער. אין דעם געוועלב האָט ער צוגערוקט דעם לאַנגן טיש צו דער טיר צו און אויסגעשטעלט אויף אים די נייע סחורה, פאַרבייגייער זאָלן זען און קויפן. האָבן דורשטיקע פאַרבייגייער געטרונקען פון זיין בופעט סאָדע־וואַסער און פאַרביסן מיט אַ לעקעכל. קינדער האָבן געקויפט נאַ־שעריי און לאָזער מאַדיאַר האָט געטשאָמפּעט דאָס ביסל אָרעמע פרנסה.

נישט ווייט פון אים האָט ישראל „שמענדריק" אויך געהאַט אַ צוקעריי־געוועלבל. ביי ישראלן אָבער איז דאָס געשעפטל געווען פאַרנאַכלעסיקט, עס האָט אים געדינט נאָר ווי אַ דעקמאַנטל פאַר זיין הויפט־באַשעפטיקונג, וואָס איז באַשטאַנען אינעם האַנדל מיט אויסלענדישער וואַלוטע, וואָס איז געווען פאַרבאָטן דורך דער פוילישער מאַכט, אָבער ווען דער פוילישער זלאָטי האָט זיך סטאַביליזירט און די סוחרים האָבן זיך שוין נישט געדאַרפט „דעקן", איז דער האַנדל מיט וואַלוטע ביסלעכוויַיז געוואָרן אָפּגעשטעלט. „שמענדריק" האָט אויפגעפרישט זיין צוקעריי־געוועלבל, אַרויסגעשטעלט אין פענצטער געשמאַקע דעליקאַטעס־אַרטיקלען מיט אַ פריש־געבאַקענעם קעזקוכן און אַנדערע גוטע זאַכן, און אויפגעהאָנגען אויף דער פריש־גע־פאַרבטער טיר אַ שילדל מיט אַ פוילישער אויפשריפט : „היינט ביליק —

מאָרגן אומזיסט". לאָזער מאַדיאַרס קליִענטן האָבן זיך איבערגעטראָגן אַהין און ביי אים איז ווידער געוואָרן פוסט.

און נאָך אַ צרה: פלוצלונג איז צו אים געקומען אַברהם לייבישל קירשנבוים, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט מעקלעריי ביי פאַרשידענע פריצים און כראַביעס פון די אַרומיקע דערפער. אָט דער אַברהם לייבישל האָט געפאָדערט פון אים דירה־געלט סיי פון דער וווינונג און סיי פונעם געשעפט. לאָזער מאַדיאַר האָט אים אָנגעקוקט, ווי איינער, וואָס פאַלט פלוצלונג אַראָפּ פון בוידעם און געזאָגט:

— וואָס הייסט דירה־געלט? אָדער איך פאַרשטיי נישט וואָס איר זאָגט, אָדער איר רעדט פון וועג.

— ניין! — האָט זיך אברהם לייבישל געשטעלט, — כ'רעד נישט „פון וועג"! איר וווינט אין מיין הויז, דאַרפט איר צאָלן דירה־געלט!

— איך וווין אין אייער הויז? — האָט לאָזער זיך צעלאַכט, — ס'איז דאָך מיין הויז! איך ־ין דאָך דער בעל־הבית! מיין שווער האָט דאָס מיר איבערגעלאָזט בירושה!

— אַ בייזער חלום אין אייער קאָפּ! א־ר האָט שוין ־ישט פון וועמען חוזק צו מאַכן, נאָר פון מיר?

געזען, אַז לאָזער מאַדיאַר קומט אַריין אין כעס, האָט אברהם לייבישל אָפּגעהאַקט דעם שמועס און איז אַוועק. לאָזער מאַדיאַר האָט זיך גענומען צו זיין באַשעפטיקונג און גאָר גיך פאַרגעסן וועגן דעם גאַנצן אינצידענט. ער האָט געהאַט אויפן קאָפּ צו זאָרגן וועגן פרנסה און נישט עפּעס נאַרישע זאַכן, וואָס קאָנען איינפאַלן אין זיין נישט נאַרמאַלן קאָפּ.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט לאָזער מאַדיאַר באַקומען עפּעס אַ פּאַפּירל מיט דער פּאָסט. אַזוי ווי ער איז געווען זיכער, אַז עס קומט פון דעם שטייעראַמט, האָט ער עס אַוועקגעוואָרפן מיט אַ בייזן ברום: „שטייערן גאָר צו צאָלן? פון וואָס? אַז כ'האָב אַליין נישט פון וואַנען צו לעבן!"

באַקומענדיק דאָס צווייטע מאָל אַזאַ פּאַפּירל מיט אַ רויטן זיגל, האָט ער שוין אַ שמייכל געטאָן מיט חוזק: „שוין נישטאָ ביי וועמען צו מאָנען שטייערן, נאָר פונקט ביי מיר?" און ער האָט עס ווידער אַוועקגעוואָרפן. נאָך אַ שטיקל צייט האָט זיך צו אים פלוצלונג געיאָוועט אַ וואָזשנע

פון געריכט מיט אַ מעשענעם אָדלער אויפֿן היטל און דערלאַנגט אים אַ פּאַפּיר מיט אַ רויטן זיגל אויפֿן ראַנד. אַזוי ווי ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען אין די קליינע פּוילישע אותיות, איז ער אַריבער צו משה לייב פריידנפעלדן פון דעם ביכער־געשעפט יענער זאָל עס אים אויסטייטשן. האָט משה לייב אַ קוק געטאָן אויפֿן געשריבענעם אין פּאַפּיר, אַ קוק געטאָן אויף לאָזער מאַדיאַר אוןווידער אין פּאַפּיר — האָט ער אַ מאָל נישט קיין טעות? ניין, ער האָט נישט קיין טעות, ס׳איז בפירוש געשריבן: „אַזוי ווי דער אַביוואַטעל לאַזאַר טייטעלבוים האָט זיך צוויי מאָל נישט געשטעלט צום געריכט, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ „זאַאָטשני וויראָק״* וועגן אַן עקסמיסיע פון הויז ביי דער הויווישער גאַס נומער דער־און־דער״.

ווען ער האָט נישט געהאַט שוין קיין שום ספק וועגן דעם, האָט משה לייב געזאָגט לאָזערן דעם ריכטיקן באַדייט פון דעם פּאַפּיר און צוגעגעבן: „איר מוזט עפּעס טאָן קעגן דעם״.

דערהערנדיק משה לייבס ווערטער, האָט זיך לאָזער מאַדיאַר דערמאָנט וועגן דעם אינצידענט מיט אברהם לייבישל און זיין פֿאָדערונג פון דירה־געלט. זיין פּנים איז געוואָרן בלייך און זיינע ליפּן האָבן געמורמלט:

— וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן?

דערווייל האָט משה לייב דערזען שלמה מאָורערן דורכגיין צופעליק פאַרן געשעפט, האָט ער אים אַ רוף געטאָן און געוויזן דאָס פּאַפּיר פון געריכט. שלמה מוירער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף לאָזער מאַדיאַרן אין זיין פֿאַרלעגנהייט און אים גלייך גענומען באַרויִקן:

— שרעקט זיך נישט, ס׳וועט זיך אַלץ ענדיקן צום גוטן! איך לויף גלייך וועגן דעם איבערצושמועסן מיט אברהם לייבישלען אַליין. די גאַנצע זאַך איז דאָך עפּעס נישט קלאָר. ווי אַזוי קומט די קאַץ אין דעם זאַק אַריין? איר וווינט דאָך אין דעם הויז אַזוי פיל יאָרן און עס האָט דאָך געהערט צו אייער שווער שוין מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, איז ווי אַזוי קומט גאָר אברהם לייבישל אייך צו מאַכן אַן עקסמיסיע? באמת נישט צו פֿאַרשטיין!

ביי אברהם לייבישל האָט שלמה מאָורער זיך דערוווסט דעם גאַנצן

* אַן אורטייל הינטער די אויגן.

ענין און אַלץ איז אים קלאָר געוואָרן. דאָס הויז וואָס אשר בראַנדמאַן האָט איבערגעלאָזן זיין איידעם בירושה, האָט שוין לאַנגע יאָרן געהאַט אויף זיך גרויסע חובות אויף דער היפּאָטעק אין אַ באַנק אין טאָרנע און עס איז שוין עטלעכע מאָל אַרויסגעשטעלט געוואָרן אויף אַ ליציטאַציע, לויט אַ מודעה פונעם מעליצער געריכט, אָבער קיינער פון די מעליצער יידן האָט אָט די מודעה נישט איבערגעלייענט און גויִים ווידער האָבן דערפאַר קיין אינטערעס נישט געהאַט. און היות די מודעה איז געהאָנגען אַ צייט און קיינער האָט זיך אין דעם ענין נישט אינטערעסירט, האָט דער ריכטער פאַרצייכנט אויף די אַקטן: „נישטאָ קיין רעפלעקטאַנטן" און זיי אַוועק־געלייגט. שפּעטער האָט מען ווידער אַ מאָל אַרויסגעשטעלט אַ מודעה וועגן דער ליציטאַציע. אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט אין משך פון לאַנגע יאָרן, ביז וואַנען די טאָכטער פון אברהם לייבישל איז געוואָרן אַ שרייבערין ביים גוייִשן אַדוואָקאַט דזיאַדעק. זיין קאַנצעלאַריע האָט זיך געפונען נישט ווייט פון געריכט און איר איז פיל מאָל אויסגעקומען צו גיין אַהין מיט אָנקלאַגעס און אַנדערע אַקטן. איין מאָל האָט זי סוף כל סוף באַמערקט אָט די אויבן דערמאָנטע באַקאַנטמאַכונג אויפן טאָוול אין קאָרידאָר פון געריכט, גענומען דאָס אין זינען אַריין און אַהיימקומענדיק איבערגעגעבן איר פאָטער וועגן דעם.

אברהם לייבישל, אַ מעקלער פון פאַרשידענע געשעפטן, האָט זיך אָנגעכאַפּט דערין און געבעטן זיין טאָכטער אָנצושרייבן צום געריכט אַן אָפּערטע מיט אַ פּרייז, וואָס האָט זיך אים געלוינט. ער האָט איינגעצאָלט דאָס געלט און דאָס הויז איז אַריבער אין זיין רשות. פון דעם אַלעמען האָט קיין איינציקער ייִד אין מעליץ נישט געוווּסט.

גייענדיק צו לאָזער מאַדיאַר וועגן דירה־געלט האָט ער פון פאָרויס פאַרשטאַנען, אַז ער וועט אים קיין דירה־געלט נישט באַצאָלן, אָבער געטאָן האָט ער עס, כדי דער אַדוואָקאַט דזיאַדעק זאָל קאָנען אין געריכט פאָדערן עקסמיסיע. לויטן געזעץ קאָן אַ לאָקאַטאָר, וואָס זאָגט זיך אָפּ צו באַצאָלן דאָס דירה־געלט באַזייטיקט ווערן פון דעם הויז.

ווען ער האָט איינגעזען, אַז מיט אברהם לייבישל איז וועגן דעם ענין שוין נישטאָ וואָס צו רעדן, ווייל פון דער עקסמיסיע וויל ער זיך בשום

אופן נישט צוריקציִען, איז שלמה מאָורער אַריבער צום אַדוואָקאַט פינק. אָט דער אַדוואָקאַט פינק איז ערשט נישט לאַנג געקומען קיין מעליץ און האָט געעפנט אַ קאַנצעלאַריע און מען האָט אים שוין געקענט פאַר אַ מענטש מיט אַ וואַרעם יִדיש האַרץ. אים האָט שלמה מאָורער דערציילט וועגן דעם „טריק״ פון אברהם לייבישל: ווי אַזוי ער האָט אַרויסבאַקומען אַן עקסמיסיע אויף אַן אָרעמאַן, וואָס איז אַלע יאָרן געווען זיכער, אַז דאָס הויז, אין וועלכן ער וווינט געהערט צו אים, און אָט אָ איצט שטייט ער פאַר אַ געפאַר אַרויסגעטריבן צו ווערן אויף דער גאַס מיט זיין קראַנקער פרוי און מיט קליינע קינדער.

נאָכן אויסהערן די דאָזיקע געשיכטע האָט דער אַדוואָקאַט פינק באַ־שלאָסן צו פאַרנעמען זיך מיט דעם אָנגעווייטיקטן ענין און אָנגעשריבן צום געריכט אַן אַפּעלאַציע, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן אויף די אַלע פּאַראַגראַפן לויט וועלכע די עקסמיסיע פאַרן אַביוואַטעל לאַזאַר טייטעלבוים האָט נישט קיין שום רעכטפאַרטיקן גרונט.

אַזוי ווי די דאָזיקע אַקטן האָבן געדאַרפט ווערן אונטערגעשריבן דורכן קליִענט און אַזוי ווי דער אַדוואָקאַט האָט נאָך נישט געהאַט קיין געהילף אין זיין קאַנצעלאַריע, האָט ער זיך אַליין מטריח געווען און געלאָזט זיך גיין צו דער הויווישער גאַס און דאָרט געפרעגט, ווו עס וווינט דער פאַן טייטעלבוים. קיינער אָבער האָט נישט געוווסט און האָט אים געענטפערט: „נישטאָ אַזאַ פאַן מיטן נאָמען טייטעלבוים״. האָט דאָס אים שטאַרק גע־ווונדערט און ער האָט נישט פאַרשטאַנען דאָס רעטעניש. ענדלעך האָט ער דערזען לאָזער שאָרן, וועלכער האָט געוווינט אין דער געגנט און פאַר וועלכן ער האָט שוין געהאַט דורכגעפירט עטלעכע ענינים אין געריכט, האָט ער אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— זאָגט מיר, פאַניע שאָר, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז אין אַזאַ שטעטל זאָל איין יִיד נישט ויסן ווו דער צווייטער וווינט? אָט זוך איך דעם פאַן טייטעלבוים, וואָס וווינט אויף דער דאָזיקער גאַס און קיינער ווייסט גאָר נישט דערפון.

לייזער שאָר האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— די זאַך איז גאַנץ פאַרשטענדלעך: אין מעליץ רופט מען יִדן מיט

אַ צונאָמען און דער פאַמיליע־נאָמען איז קיינעם נישט באַקאַנט. ווען דער פאַן מעצענאַס וואָלט געפרעגט אויף לאָזער מאַדיאַר, וואָלטן אַלע געוווסט. צופעליק שטייען מיר גראָד לעבן זיין הויז.

מיט אַלטע צעבראָכענע שטיגן איז דער אַדוואָקאַט אַרויף אויפן שטאָק צו דער טיר פון לאָזער מאַדיאַר. ער האָט דערפילט פון דאָרט אַ טוכלען, רויכיקן ריח און דערהערט אַ גערויש פון אַ כאַפּטע קינדער ווי אויף אַ יאַריד. אַז ער האָט אַ קוק געטאָן דורך דער אָפענער טיר אין דעם רויכיקן חלל פון דער שטוב, האָט דער דלות אַ שלאָג געטאָן פון אַלע ווינקלען אין זיינע אויגן. ער האָט געטראַכט ביי זיך, אַז קיין האָנאָראַר פאַר זיין אַרבעט וועט ער שוין גישט פאַרלאַנגען. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין דער אָפענער טיר און דער „פאַן טייטעלבוים" איז אַרויסגעקומען אונטערצושרייבן דעם אַקט פון דער אַפּעלאַציע קעגן דער עקסמיסיע. דער ענין איז ווידער אַריבער צום געריכט.

האָט דאָך אָבער אַן אָרעמאַן נישט קיין מזל. איז די ספּראַווע איבער־געגעבן געוואָרן אין די הענט פון אַ ריכטער, וואָס איז געווען גוט באַ־פריינדט מיטן אַדוואָקאַט דזיאַדעק. זיי פלעגן באַזוכן איינער דעם צווייטן און טרינקען צוזאַמען יעדן זונטיק. פון פאַרפלאָנטערטע פּראָצעסן פלעגן זיי ביידע בשותפות געניסן. אויך ווען לאָזער מאַדיאַרס אַפּעלאַציע איז אָנגעקומען צו געריכטלעכער באַהאַנדלונג, האָט אברהם לייבישל געזוכט זיי ביידע אונטערצוקויפן און וויסנדיק, וועלכע משקה זיי האָבן גערן, האָט ער עס געשיקט מיט נאָך אַנדערע גוטע זאַכן צו דעם זונטיקדיקן וויזיט פון דעם ריכטער ביים אַדוואָקאַט דזיאַדעק.

נאָך אַ שטיקל צייט האָט לאָזער מאַדיאַר באַקומען פון געריכט אַ פּאַפּיר אין וועלכן מען האָט אים צו וויסן געגעבן, אַז די אַפּעלאַציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן און אַז אין משך פון פערצן טעג מוז ער פאַרלאָזן די דירה מיטן געשעפטס־לאָקאַל.

נאָכן באַקומען דאָס פּאַפּיר איז לאָזער מאַדיאַר אין גאַנצן צעטומלט געוואָרן, געלאָפן צו ר' מענדעלע דעם מעליצער רב, וועמענס חסיד ער איז געווען, און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן, ער זאָל זיך אַריינמישן אין דעם דאָזיקן ענין און העלפן אים אין זיין צרה.

ר׳ מענדעלע האָט געשיקט זײַן גבאי רופן צו זיך אברהם לייבישלען. אגב, האָט אָט דער אברהם לייבישל יעדן שבת געדאַווענט מיטן רב אין חסידישן בית־מדרש, גערעכנט זיך פאַר זײַנעם אַן אָנהענגער און פאַר אַ קעגנער פון דעם באָרוּוער רב, וועלכער האָט געפירט אַ מחלוקת מיט ר׳ מענדעלען.

ווען דער גבאי איז געקומען אים בעטן צום מעליצער רב, האָט אברהם לייבישל אויסגעטאָן דעם שפּענצער וועלכן ער האָט געטראָגן אין שטוב, גענומען אויף זיך דעם לאַנגן איבערציִער מיטן חסידישן סאַמעטענעם קאַפּעליוש און געגאַנגען צום רב מיט אַ הכנעהדיקן דרך־ארץ. אַזוי ווי תמיד, האָט ער אויך דאָס מאָל געמאַכט די שפּיל וואָס האָט אים געטויגט פאַר זײַנע געשעפטן.

נאָך דעם ווי ער האָט אים אָפּגעגעבן אַ שלום־עליכם און אים געבעטן זיצן ביים טיש, האָט דער מעליצער רב ס׳ערשטע דערציילט אים אַ מעשׂה פון זײַן זיידן דעם הייליקן ראָפּטשיצער צדיק, זכותו יגן עלינו. די וועלט האָט אָט דעם צדיק געהאַלטן פאַר גאָר אַ גרויסן חכם און דאָך איז ער באַזיגט געוואָרן מיט חכמה דורך אַ פּשוטן יִנגל פון דעם גאָר קליינינקן שטעטעלע זשאָכעוו, נישט ווייט פון מעליץ.

מעשה שהיה כך היה: אויפן זשאָכעווער בית־החיים האָט גערוט אַ גרויסער צדיק, וועלכן מען האָט אַמאָל געהאַלטן פאַר איינעם פון די ל״ו־צדיקים. ר׳ מענדעלעס זיידע, דער הייליקער ראָפּטשיצער, האָט גע־האַלטן די יאָרצייט פון יענעם צדיק. איין מאָל איז ער געקומען צו דער יאָרצייט קיין זשאָכעוו און פאַרפאָרן צום ייִדישן אַרענדאַר, וועלכער האָט געהאַלטן די קרעטשמע. דאָרט האָט ער באַמערקט אַ ייִנגל מיט לאַנגע פּיאות און אַזוי ווי דאָס ייִנגל האָט געמאַכט אויף אים אַ גוטן רושם, האָט ער אים געפרעגט אַ שאלה:

— זאָג מיר, בחורל, צו וואָס דאַרף מען האָבן אין זשאָכעוו סיי אַ שול צום דאַווענען און סיי אַ בית־הקברות? אַז בסך הכל געפינען זיך דאָ נאָר אַ מנין ייִדן. איז דאָך ממה נשפך — וועט, חלילה וחס, גאָט זאָל באַשירע־מען, ווער פון דעם מנין ייִדן שטאַרבן, וועט דאָך שוין קיין מנין נישט בלייבן צום דאַווענען. צו וואָס טויג דאָן די שול? וועלן מיט השם יתברכס

הילף אַלע ייִדן לעבן, צו וואָס ווידער טויג דאָס בית־הקברות?

האָט אים דאָס פּשוטע ייִנגל געענטפערט מיט חכמה:

— די שול דאַרף מען האָבן פאַר די זשאַכעווער ייִדן און דאָס בית הקברות פאַר די פרעמדע, וואָס קומען אַהער אויף אַ יאָרצייט...

— זעט איר, ר' אברהם לייבישל — איז דער רב געקומען צום אויס־פיר — מ'קאָן זיין דער גרעסטער חכם און באַזיגט ווערן דורך אַ פּשוט ייִנגל. דאָס זעלבע מיט אייך: איר זענט טאַקע זייער אַ קלוגער ייִד, בלי עין־הרע, אָבער קליגער ווי די גאַנצע וועלט קאָן מען נישט זיין. ס'איז נאָך ביי אונדז אין שטעטל נישט געהערט געוואָרן, אַז איין ייִד זאָל דעם צווייטן מיט כּח אַרויסוואַרפן פון זיין דירה, דערצו נאָך אַן אָרעמאַן מיט קליינע קינדער.

אברהם לייבישל האָט זיך אָבער גאָרנישט דערשראָקן פאַר די אַלע שיינע מוסר־רייד, נאָר געענטפערט:

— ראשית כל טו איך גאָרנישט קיין זאַך אויף להכעיס, נאָר אַזוי ווי איך גיי חתונה מאַכן אַ טאָכטער און דאַרף האָבן פאַר איר אַ דירה, בין איך געצוווּנגען דערצו; צווייטנס, ווינציק גבירים דאָ אין שטעטל מיט גרויסע קאַמיעניצעס? זאָלן זיי אַריינגעמען די אָרעמע משפחה אין זייערע הייזער! ווי שטייט דאָס געשריבן, אַז דווקא איך, אַ פּשוטער מעקלער, זאָל אַלץ טראָגן אויף מיינע פּלייצעס?

אַזוי ווי ער האָט נאָר דערהערט זיינע כיטרע טענות, האָט דער רב אים איבערגעריסן די רייד און שוין מיט שאַרפערע ווערטער געזאָגט:

— ווי קומט דאָס אָבער צו אַזאַ ייִד ווי איר, וואָס דאַוונט אין חסידישן בית־המדרש, ער זאָל גלייך גיין צום גוייִשן געריכט מיט קלאָגעס? יש דין בישראל! צו ערשט דאַרף מען האַלטן אַ דין־תורה!

— אויב עס האַנדלט זיך אין אַ דין־תורה — האָט אברהם לייבישל געמאַכט אַ פרום פּנים און פאַרדרייט זיך די פּיאות אין זיין שטייפער באָרד אַריין — צו אַ דין־תורה בין איך תמיד גרייט צו גיין!

צו מאָרגנס האָט לאָזער מאַדיאַר געשיקט דעם שמש פון בית־מדרש רופן אברהם לייבישל צו אַ דין־תורה ביי ר' שמעון דיין, וועלכער איז

געווען באַקאַנט מיט זיין חכמה אַרויסצוּוויקלען די שווערסטע פאַרפּלאָנ־טערטע ענינים.

ביי ר׳ שמעון דיין האָט לאָזער מאַדיאַר געטענהט:

— כּולו שלי! דאָס הויז געהערט צו מיר מכּוח ירושה פון מיין שווער פאַרן נדן, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט פאַר דער חתונה. קיינער האָט נישט געהאַט קיין רשות צו קויפן דאָס הויז, און אויב עמעצער האָט עס יאָ געקויפט, איז דאָס אַ מקח טעות, כּמניח את כּספּו על קרן הצבי און מיך דאַרף ער לאָזן במנוחה!

נאָכן אויסהערן זיינע טענות האָט ר׳ שמעון דיין געזאָגט:

— איצטער וועלן מיר הערן די טענות פון צווייטן צד!

אברהם לייבישל האָט אַרויסגעלייגט פון זיין בוזעם־קעשענע אויפן טיש פּאַפּירן פון געריכט, נאָטאַר און היפּאָטעק. דאָרט איז געווען באַוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז דאָס קויפן פונעם הויז איז געזעצלעך דורכגעפירט געוואָרן און אַז עס דאַרף אַריבערגיין אין זיין רשות. ער האָט נאָר צוגעגעבן:

— דאָס זענען מיינע טענות.

ר׳ שמעון דיין האָט דורכגעקוקט די אַלע פּאַפּירן און ביי זיך גע־טראַכט: „דינא דמלכותא דינא״, און היות ווי אַרויסטראָגן אַ פּסק אין דעם ענין איז נישט קיין לייכטע זאַך, ווייל ס׳זענען דאָ טעמים לכאן ולכאן, האָט ער פאָרגעלייגט אַ פּשרה: דער ערשטער צד זאָל מוותּר זיין אויפן געוועלב און דער צווייטער צד אויף דער דירה. לאָזער מאַדיאַר, ווסנדיק אַז זיין לאַגע איז אַ שלעכטע, האָט גלייך מסכּים געווען און אברהם לייבישל האָט זיך מיט געקליגלטע רייד אַרויסגעדרייט פון אַ באַלדיקן באַשלוס און עס אָפּגעלייגט אויף עטלעכע טעג.

דערווייל זענען דורכגעלאָפן די פערצן טעג צוגעטיילטע לאָזערן פון געריכט ביז צום פאַרלאָזן די דירה. דעם פופצנטן טאָג באַלד אין דער פרי זענען אַריינגעקומען צו לאָזערן געריכט־באַאַמטע, באַגלייט פון ווערינסקאַלע, דעם פּאָליציי־אינספּעקטאָר פון מאַגיסטראַט. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויס־טראָגן די שטובזאַכן אויף דער גאַס און זיי אַוועקגעלייגט אויפן פּלאַץ קעגנאיבער, אין ווינקל פון דער קישקעליצע.

דערווייל זענען זיך מענטשן צונויפגעלאָפן פון אַלע זייטן און זיך

צוגעקוקט צו דער טרויעריקער געשעעניש, וואָס האָט נאָך אין מעליץ קיין מאָל פריִער נישט געטראָפן. זעענדיק, ווי אַזוי די גויִים וואַרפן די שטוב־זאַכן איינס אויפן צווייטן, האָבן די ווייבער געשאָלטן אברהם לייבישל: „מ׳זאָל נאָר מיט אים אַזוי וואַרפן, הייזער־הויך!"

נאָכן אַרויסטראָגן די זאַכן האָבן די באַאַמטע אַרויסגעפירט די דער־שראָקענע קינדער פון שטוב, געשטעלט זיי לעבן דער אָנגעהויפטער קופּע בעבעכעס און אַוועק. געבליבן איז נאָר דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר וועריג־סקאַלע צו היטן די אָרדענונג לעבן דעם הויז וואָס איז אויסגעליידיקט געוואָרן.

דערווייל איז דאָס רעדל פון די נייגעריקע געוואַקסן און צווישן זיי האָבן זיך אויך באַוויזן משה וואָדזשאַזש מיט זיין חברה. ווי נאָר די גויִים זענען אַוועק, האָבן זיי זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן צום באַרג שטובזאַכן, געכאַפּט אויף די פּלייצעס ווער אַן אייזערן בעט, ווער אַ צעפּוילטן שטרוי־זאַק, נאָך אַנדערע — אַ פּאַק מיט בעטגעוואַנט פאַרבונדן אין אַ ליילעך, אַ טיש, אַ צעבראָכן שענקל און — היידאַ צוריק צום הויז פון לאָזער מאַדיאַר. דאָ האָבן זיי זיך אָבער אָנגעטראָפן אויף דעם אַנטיסעמיטישן פּאָליציי־אינספּעקטאָר, וועלכער איז נאָך דערצו געוואָרן „אונטערגעשמירט" דורך אברהם לייבישל. פאָכענדיק מיט זיין וויינריב־שטעקעלע, וואָס ער פלעגט תמיד טראָגן מיט זיך, האָט ער געשריגן:

— פּרעטש סטאָנד לאָבוזי! זגראַיאַ זשידאָווסקאַ! *

די חברה איז געבליבן שטיין מיט די זאַכן אויף די פּלייצעס און נישט געוווּסט וואָס ווייטער צו טאָן. גראָד האָט זיך דאָ געפונען זיסל שמיד, דער אייגנטימער פון אַ קאָלאָניאַל־געשעפט אין מאַרק. ער האָט שטאַרק איבערגעלעבט די גאַנצע עקסמיסיע־סצענע און צום סוף אַ זאָג געטאָן צו דער חברה:

— מיט אַלע זאַכן צום חסידישן בית־מדרש!

דערמיט האָט ער געוואָלט טרעפן צוויי פייגל מיט איין שאָס: ערשטנס,

* אָוועק פון דאַנען, לאָבוזעס, ייִדישע באַנדע!

לאָזער מיט זיין הויזגעזינד זאָלן זיך נישט וואַלגערן אויף דער גאַס אונטערן פרייען הימל, און צוויטנס, נקמה צו נעמען אין די חסידים, וועלכע האָבן דעם לעצטן זומער זיך קעגנגעשטעלט צו מאַכן אין דער שול אַן אַזכרה צו דער יאָרצייט פון ד"ר הערצל.

די יאַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַהין, מיט די פּעק אויף די פּלייצעס, און מאַרשירט אַזוי איבערן מאַרק און די געסלעך און געזונגען מיט חוזק „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ". די אַרומיקע, הגם שרעקלעך פאַרביטערט אויף דעם, וואָס האָט זיך דאָ ערשט געטראָפן, האָבן דאָך נישט געקאָנט זיך באַהערשן און געלאַכט פון דער קאָמישער סצענע.

די צדקה־מענטשן פון פאַרשידענע חברות זענען אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר געזוכט אַן אויסוועג פון לאָזער מאַדיאַרס שרעקלעכער סיטואַציע.

די ערשטע צו העלפן איז געווען ברײַנדל הערמאַלע, לאָזער שאָרס ווייב. ווי נאָר זי האָט דערזען דורך איר פענצטער וואָס עס קומט פאָר קעגנאיבער, אין לאָזער מאַדיאַרס הויז, האָט זי געכאַפּט אַ פּלעטל איבער די אַקסלען און איז געלאָפן צו רחטשע פרידמאַן, צו מרימטשע באַס און נאָך צו אַנדערע צדקה־ווייבער. קודם־כל האָבן זיי צוגענומען די היימלאָזע קינדער, וועלכע האָבן געוויינט און געציטערט אין דרויסן, שטייענדיק אַרום דעם אָנגעהויפטן באַרג שטובזאַכן. די ווייבער האָבן זיי אַרײַנגעפירט אין שטוב און מיט מוטערלעכער צערטלעכקייט באַזאָרגט מיט וואַרעמס צו טרינקען און עפּעס צו עסן — זאָלן כאָטש די קינדער נישט הונגערן און האָבן דערוויילאַ דאַך איבערן קאָפּ. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן צו זוכן איבערן שטעטל עפּעס אַ שטוב, כדי איינצואָרדענען די אָרעמע משפּחה.

דאָס זעלבע האָט געטאָן שמואל ראָטמאַן. ווי נאָר ער האָט זיך דערוווסט וועגן דער לאַגע פון לאָזערס משפּחה, איז ער געלאָפן צו יהודה־לייב דעם שניידער מיט אַ געוואַלד:

— וואָס קומט עס אַזוינס פאָר אינעם שטעטל? ס'איז דאָך נישט אויסצוהאַלטן!

יהודה־לייב האָט אַוועקגעלייגט שער־און־אייזן און צוזאַמען מיט ראָטמאַנען אָרגאַניזירט נאָך אַנדערע גבאים פון צדקה־חברות צו זוכן אַ שטיקל

ווינונג פאַר לאָזער מאַדיאַרס משפחה. אָבער זוך אַהין, זוך אַהער — קיין שטוב האָבן זיי נישט געפונען, ווייל די מיטעלע מעליצער בעלי־בתים האָבן אַליין געוווינט אין ענגע דירות און די גבירים האָבן נישט געוואָלט נעמען אויף זיך קיין לאַסט פון אַזאַ אָרעמער משפחה מיט אַ כאָפּטע אויסגע־הונגערטע קינדער.

דערווייל איז די דעפּילאַדע פון די זינגענדיקע יונגאַטשעס מיט לאָזער מאַדיאַרס שטובזאַכן אויף זייערע פּלייצעס אָנגעקומען צום חסידישן בית־מדרש און געוואָלט אַהין אַריינגיין. האָט דער שמש פאַרשטעלט די טיר אין קאָרידאָר און באַין ברירה אָנגעוויזן אויף דער הינטערשטער ווייבע־רישער שול, וואָס פּאַסט גיכער פאַר אַ משפחה. נאָכן אויפשליסן די טיר האָבן די חברה אַרויסגעטראָגן די לאַנגע בענק אין קאָרידאָר און אינעווייניק צעשטעלט לאָזער מאַדיאַרס זאַכן לויט אַן אָרדענונג, אַפילו אַריינגעפּאַסט די בלעכערנע רערן פון דעם אייזערנעם אויוון צום קאָכן אין דער שווינקע פון דער וואַנט, וואָס פירט צום קוימען, דער רויך זאָל האָבן אַן אויסגאַנג. אַ דירה פאַר לאָזער מאַדיאַרס משפחה איז געוואָרן פאַרטיק.

ווען די שכנישע בעלי־ביתטעס אַרום האָבן דאָס אַלץ דערזען, האָבן זיי זיך גענומען פלייסן מיט עפּעס צו העלפן. רייזל נעכעס, וועלכע האָט געוווינט הינטערן בית־מדרש און געהאַט אַ היימישע בעקעריי האָט גע־ברענגט, אין איר ברייטן פאַרמעליקטן פאַרטעך אָקרייקעס פון לעקעך וואָס זי האָט געבאַקן פאַר די זיסוואַרג געוועלבער, שטיקער פּוטערקוכן, איבער־געבליבענע פון שבת און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן. דאַן האָט אסתּטשע די זדאַקעווער געברענגט פאַר די קינדער וואַרעמע געקאָכטע מילך.

מיטאָגצייט האָט לאהטשע, ניסן קלאַגסברונס ווייב פון שניט־געשעפט אין דער באַנגאַס, געשיקט מיט איר דינסטמיידל יויך מיט לאָקשן און פלייש און אויך אַ טעפּל זיסן מערן־צימעס. אַזוי אַרום האָט דוקא אין אָט דעם ביטערן טאָג לאָזער מאַדיאַרס משפחה געגעסן מאכלים, וועגן וועלכע זיי האָבן נישט געחלומט אַפילו שמחת תורה.

אַ לאַנגע צייט האָט דאָס שטעטל געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן און דיסקוטירן, סיי אין די בתי־מדרשים נאָך מנחה־מעריב, סיי אויפן שולפלאַץ און סיי אין די רעדלעך אין מאַרק, ווו ייִדן זענען זיך צונויפגעקומען.

יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דעם וואָס האָט זיך געטראָפן אין מעליץ מיט אַן אָרעמער משפחה, אַז אַזוינס האָט מען נאָך נישט גע־הערט. די שולד האָט מען געוואָרפן קודם כל אויף די קהילה־לייט, וואָס אַנשטאָט צו זאָרגן פאַר די אָרעמע יידן אין שטעטל, פאַרנעמען זיי זיך מיט נישטיקע זאַכן: מיטן איבערבויען פון דער באָד, מיט דער מקווה, מיט משגיחים פאַר די כשרע יאַטקעס, אַזוי ווי מעליץ וואָלט ביז היינט גאָר גענוצט טריפות.

אַנדערע האָבן געוואָרפן די שולד אויף די מחלוקת צווישן די רבנים אין שטעטל: יעדער פון זיי וויל נאָר באַווייזן „מופתים" צוצוציִען אויף זיין זייט וואָס מער חסידים און אָנהענגער, זיי ווערן פול מיט שנאה איינער צום צווייטן און פאַרגעסן דערביי אין גאַנצן וועגן העלפן די אָרעמע משפחות אינעם שטעטל.

דער הויכפּונקט פון דער פּרשה איז געקומען פריִיטיק צו נאַכטס, ווען אברהם לייבישל איז, ווי קיין מאָל גאָרנישט, אַריינגעקומען דאַווענען אינעם חסידישן בית־מדרש, אין זיין פאַרגאַרטלטער זיידענער בעקעשע, מיטן שבתדיקן שטריימל אויפן קאָפּ און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ ביים לאַנגן טיש.

אַז לאָזער מאַדיאַר האָט אים דערזען, האָט זיין ביטער האַרץ אויפ־געציטערט און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— אַרויס פון דאַנען, שגץ איינער! אַרויס פון מקום־קדוש! דאָס דאָזיקע געשריי איז געווען ווי אַ שוועבעלע אין אַ פּולווערפאַס. אַן אויפ־רייס פון אַ געדיכטן שרייען האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון אַלע זייטן אין דער ריכטונג פון אברהם לייבישל: „אַרויס, אַרויס פון בית־מדרש!" יידן אויפן שולפּלאַץ און אויך אין די אַנדערע בתי־מדרשים האָבן דער־הערט דאָס גערויש, זענען זיי געלאָפן אינעם חסידישן בית־מדרש אַריין כדי זיך אויך צו באַטייליקן אין דעם געשריי און געפילדער: „אַרויס! אַרויס פון דאַנען!"

דער מעליצער רב, וועלכער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד האָט דערזען, וואָס דאָ טוט זיך, איז ער, איינגעהילט אין דעם טלית אַנטלאָפן פון בית־מדרש אין זיין קליינעם בית־מדרשל און נאָך אים זענען אויך נאָכגעלאָפן

זיינע נאָענטע חסידים און גבאים, איבערלאָזנדיק דעם בית־המדרש פאַרן טומלדיקן עולם.

אברהם לייבישל אָבער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי גאָר נישט אים מיינט מען דאָס, ביז דער צעקאָכטער עולם האָט זיך גענומען שטופּן אין זיין ריכטונג. אַ טייל פונעם עולם האָט זיך געמאַכט אַ שפּיל דערפון און מען האָט זיך געשטופּט אַזוי לאַנג ביז מען האָט אַרויסגעשטופּט אברהם לייבישלען פון בית־המדרש.

אויפן שולפּלאַץ האָבן ערשט דאָס קליינוואַרג פון די אַלע בתי־מדרשים געמאַכט אַרום אים אַ הוראַ און אָפּגעפירט אים ביז זיין היים מיט אַ קאַצנ־יאָמער. דאָס שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדער. טייל האָבן געזיפצט אויף דעם הילול־שבת, אַנדערע האָבן זיך געבייזערט, דער גרעסטער טייל יידן אָבער האָבן עס אָנגענומען מיט אַ געלעכטערל פון נקמה: זאָל דער אברהם לייבישל וויסן, וואָס דאָס הייסט אַרויסוואַרפן אַן אָרעמע משפחה אויף דער גאַס!

לאָזער מאַדיאַר האָט וואָכן לאַנג געוווינט אין דער ווייבערשול פון חסידישן בית־המדרש. גוטע מענטשן האָבן געזאָרגט פאַר זיין פּרנסה און דער מעליצער עולם האָט זיך דערצו צוגעוווינט, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

אָבער דער עולם וואָס האָט געדאַוונט אינעם חסידישן בית־המדרש האָט עס נישט געקאָנט פאַרטראָגן. יעדעס מאָל איז מען געשטערט געוואָרן אין מיטן דאַווענען אָדער בעת דעם לייענען אין דער תורה דורך דעם קינדערישן גערויש פון דער צווייטער זייט וואַנט. אויך די פרומע ווייבער, וועלכע פלעגן יעדן שבת קומען צום דאַווענען אין דער הינטערשטער ווייבערשול, האָבן געליטן צוליב די איינוווינער, ווייל זיי האָבן געדאַרפט אַרויפגיין צו דער אויבערשטער ווייבערשול און זיצן דאָרט אויף די הינ־טערשטע בענק, ווו מען האָט שוין נישט אַזוי גוט געהערט דאָס דאַווענען פון בית־מדרש.

צום מערסטן האָט עס אויפגערעגט די צדקה־לייט און גבאים פון די פילאַנטראָפּישע חברות. אין משך פון דער צייט האָבן זיי געהערט, אַז אין מעליץ און אין די אַרומיקע שטעטלעך דערציילן די לצים כעלעמער

חוזק־מעשיות וועגן די מעליצער ייִדן. מען זאָגט אַז זיי זענען אַראָפּ פון גלייכן וועג: זיי האָבן באַזעצט אַ משפּחה אין בית־מדרש און דאַוועגען גייען זיי אין באָד אַריין. סוף־סוף זענען אין פּאָליש פון דער שול זיך צונויפגעקומען די צדקה־מענטשן פון די ווילטעטיקע חברות מיט אַלע גבאים פון די בתי־מדרשים, כדי צו לייזן דעם פּראָבלעם פון אַ דירה פאַר לאָזער מאַדיאַרס משפּחה. עס זענען געקומען אין באַטראַכט צוויי ערטער, ווו ס'איז געווען מעגלעך איינצואָרדענען די דאָזיקע משפּחה. אויף דער נאַזעוואַלע האָט זיך געפונען אַ געמויערט פּאַרטער־הייזל, וואָס די ייִדישע קהילה האָט געהאַט געקויפט ביי אַ גוי כדי דאָרט איינצואָרדענען די „בית יעקב"־שול, וועלכע האָט נישט פאַרמאָגט קיין פּאַסיקן לאָקאַל. די צווייטע מעגלעכקייט פון איינאָרדענען לאָזערס משפּחה איז געווען אינעם הויז פון הכנסת־אורחים, וואָס די קהילה האָט נאָר וואָס אויפגעבויט מיט דער הילף פון לאָזער סאַלפּעטער.

וועגן דעם זענען אין שטעטל געווען גרויסע חילוקי־דעות. די אָנהענגער פון בית־יעקב, מיט לייזער גראָס בראָש, האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף די משפּחה איינאָרדענען אין הכנסת־אורחים־הויז ביז מען וועט געפינען פאַר זיי אַ פּריוואַטע דירה. ווייל דאָס הויז וואָס איז געקויפט געוואָרן דורך דער קהילה פאַר דער בית יעקב־שול מוז בלייבן פאַר אָט דעם צוועק. אָבער דער גאַנצער חסידישער עולם, מיט ניסן נוסבוים בראָש, שאַרפע קעגנער פון „בית יעקב" האָבן באַשלאָסן, אַז אין דעם הויז דאַרף מען באַזעצן אויף שטענדיק די דאָזיקע משפּחה — און אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ.

בעת דער פאַרזאַמלונג אינעם פּאָליש פון דער שול איז די שפּאַרעניש פון די אַלע צדדים געווען גאָר שאַרף. יעדער האָט זיך פעסט געהאַלטן ביי זיינס, ביז עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט ניסן נוסבוים, וועלכער איז אָנגעגאַנגען פאַר דעם זייל פון ייִדישקייט, פאַר אַ קהילה־מאַן און פאַר דעם נושא־כלים פון ראש־הקהל. ער האָט געזאָגט אין נאָמען פון דער קהילה און אויך אין נאָמען פון אַלע מעליצער, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה ווי צו באַזעצן די משפּחה אין דעם הויז וואָס איז געווען געקויפט פאַר „בית יעקב" און אַזוי איז דאָס פאַרבליבן.

עטלעכע טעג נאָך דעם באַשלוס האָט שוין לאָזער מאַדיאַרס משפּחה

געוווינט אין דעם נייעם הויז אויף דער נאַזעוואַלע. פון די מעליצער צדקה־חברות האָבן זיי באַקומען פרישע בעטן מיט שטרויזעק. לאָזער מאַדיאַרן האָט מען באַזאָרגט מיט אַ חודש־קאַרטע צו פאָרן אויף דער באַן קיין קראָקע כדי ער זאָל קאָנען ווערן פּראַכטער און האָבן פון וואָס צו ציִען פרנסה פאַר זיין בני־בית.

מיט דער צייט האָט לאָזער מאַדיאַר זיך איינגעאָרדנט אין דער דאָזיקער באַשעפטיקונג און באַקומען קליִענטן צווישן די סוחרים. ער האָט זיי געפירט פעקלעך און דערליידיקט פאַרשידענע ענינים אין קראָקע און געווען גאָר צופרידן פון זיין גורל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון אַ שלעכטער זאַך קאָן גאָר אַרויסקומען אַ טובה.

ביי אברהם־לייבישל דאַקעגן האָט אַלץ אָנגעהויבן צו גיין מיט דער פוטער אַראָפּ. ערשטנס, האָט ער זיך אַ צייט לאַנג געשעמט צו ווייזן אין גאַס, מחמת ער איז געוואָרן אינעם שטעטל צו שאַנד און שפּאָט. דאַן איז אויך געשטיגן די אַנטיסעמיטישע כוואַליע מיט דער לאָזונג: „סוואָי דאָ סוואָגאָ" — נישט צו האַנדלען מיט די ייִדן. דאָס רוב פון זיינע באַקאַנטע פּריצים און כראַביעס פון דער דאָרפישער געגנט אַרום האָבן געהערט צו דער אַנטיסעמיטישער ענדעקישער פּאַרטיי און זיי האָבן אָנגעהויבן אויסצומיידן אים צו באַשעפטיקן אַלץ זייער מעקלער און פאַרמיטלער. דאָס האָט שטאַרק געטראָפן אין זיין פרנסה.

דאָס ערגסטע אומגליק אָבער האָט אים געטראָפן מיט זיין טאָכטער, די שרייבערין ביים אַדוואָקאַט דזיאַדעק. נאָך דער ערשטער קימפּעט איז זי געשטאָרבן און עס איז געבליבן אַ פּאַריתומטער צווילינג.

ווידער האָבן מענטשן אין שטעטל געהאַט וואָס צו רעדן. מען האָט עס אים צוגעשריבן ווי אַן עונש פאַרן אַרויסוואַרפן לאָזער מאַדיאַרס משפחה פון זיין דירה.

אברהם לייבישל אַליין האָט נאָך דעם אומגליק מיט זיין טאָכטער איינגעזען, אַז דאָס איז געווען אַן עונש מן השמים. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פאַרביטערט האַרץ, מיט גרויסע פאָרווורפן קעגן זיך אַליין און האָט נישט געפונען קיין שטיקל טרייסט אַפילו ביי די צוויי קינדער וואָס זענען אים פאַרבליבן נאָך זיין טאָכטער און מיט וועלכע ער האָט זיך

פאַרנומען די גאַנצע צייט. ער האָט זיך אַלץ געפייניקט, אַז נאָר ער אַליין איז שולדיק אין דעם גרויסן אומגליק. ביז ער האָט סוף־סוף איינגעזען, אַז ער דאַרף בעטן ביי לאָזער מאַדיאַרן סליחה ומחילה פאַר דער גרויסער עוולה. אָבער די גאַנצע צייט איז ער געווען פאַרנומען מיטן צווילינג וואָס האָט פאַרלוירן די מאַמע און זייער פאָטער איז אַוועק פון מעליץ, איז די גאַנצע לאַסט געבליבן אויף אים. אַחוץ דעם איז אויך לאָזער מאַדיאַר געווען אַ גאַנצע וואָך פאַרנומען מיט זיין פּרנסה, געפאָרן הין און צוריק, שבת ווידער האָט אברהם לייבישל, נאָך דעם ווי ער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון בית־מדרש, געדאַווענט אין אַ צווייטן מנין. אַזוי איז די צייט אַריבער און ער איז אַלץ אַרומגעגאַנגען מיטן געדאַנק וועגן בעטן סליחה ומחילה.

לאָזער מאַדיאַר ווידער, האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ באַקוועמער דירה און באַקומען אַ פּרנסה וואָס האָט אים אַרויסגעצויגן פונעם פריִערדיקן לעבן פון דחקות, האָט איינגעזען אַז דאָס אַלץ האָט גורם געווען אברהם לייבישל, ווען ער האָט אַזוי שווער באַליידיקט אין בית־מדרש בפני קהל ועדה. און די חז״ל האָבן דאָך געזאָגט: „המלבין את פני חברו ברבים אין לו חלק לעולם הבא״, אַ זאַך וואָס איז נישט געשריבן ביי קיין שום אַנדער עבירה, איז דאָך מי יודע וואָס וועט זיין לעתיד לבוא מיט זיין חלק עולם הבא? — האָט אויך ער באַשלאָסן דאָס צו פאַרריכטן און בעטן סליחה ומחילה. אָבער, ווי געזאָגט, איז אויך ער געווען פאַרנומען.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז דער מלחמה און דער דייטשער אָקו־פּאַציע. נאָכן אומגליק פון ערב ראש־השנה, נאָך דער שריפה פון דער שול און די בתי־מדרשים, האָבן ייִדן בכלל נישט געקאָנט צונויפקלויבן זיך דאַווענען, איז ווידער נישט געווען די געלעגנהייט צו בעטן סליחה ומחילה. ערש אינעם טאָג פון דער אויסזידלונג האָט דער גורל זיי צונויפ־געפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ, אין מאַרק, צווישן אַנדערע ייִדישע משפחות אַרויסגעטריבענע פון זייערע היימען.

און הגם עס איז געווען חושך־ביטער אויפן האַרצן ביי יעדן באַזונדער, האָבן זיי, ווי נאָר זיי האָבן זיך דערזען, זיך דערלאַנגט די הענט און סוף־סוף געבעטן איינער ביים צווייטן סליחה ומחילה.

נאָך דער שרעקלעכער מאַסן־שחיטה לעבן דעם בעדיכעווער וואַלד איז אין דעם זעלבן טאָג געקומען אַ גרופּע ייִדן פון די האַנגאַרן קובר צו זיין די גרויסע צאָל ייִדישע קרבנות אין ברידער־קברים. זיי האָבן געטראָפן לאָזער מאַדיאַר און אברהם לייבישל ליגן פאַרקלעמט אָרעם אין אָרעם אינעם שניי, וואָס איז רויט געוואָרן פון זייער צונויפגעגאָסן בלוט און זיי קובר געווען צוזאַמען אין אַ קבר מיט נאָך אַנדערע קדושים פון מעליץ.

# דער לאָמער סענדזשע *

ביי אַ טייל פון דער ייִדישע אינטעליגענץ — ביי די דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע מיט אַן אַקאַדעמישער בילדונג — איז געווען איינגעפירט צו קומען אין שול אַריין בלויז אין די טעג פון ראש־השנה און יום־כיפור. אַן אויסנאַם איז געווען דער ציוניסטיש געשטימטער אַד־וואָקאַט פינק, וועלכער פלעגט באַשטענדיק אַריינקומען אין שול אַריין יעדן שבת צום דאַווענען. דער אַדוואָקאַט אייזנבערג דאַקעגן האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אַסימילאַטאָר און באַמיט זיך אויסצומיידן צו קומען אין שול אַפילו אין די טעג פון ראש־השנה און יום־כיפור.

אַ געוויסע ענדערונג אויף דעם געביט איז פאָרגעקומען ווען עס האָט זיך אין מעליץ באַוויזן פאַהאַרילעס, דער לאָמער סענדזשע, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ טראַדיציאָנעלער היים אין מזרח־גאַליציע און זיך נישט געשעמט מיט זיין ייִדישקייט.

אין אָנהייב, ווען ער איז געקומען אינעם מעליצער שטעטל, האָבן אים אַלע געהאַלטן פאַר אַ קריסט, ווייל עס האָט דאָ קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז אַ ייִד זאָל זיין אַ „סענדזשע" אין געריכט, איבערהויפּט — אין די אַנטיסעמיטישע צייטן פון די ענדעקעס.

ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אין שול דאַווענען, האָבן זיך אַלע דאָ געוווּנדערט: „וואָס איז פּלוצלונג געקומען אַ „סענדזשע" אין שול? — מסתמא עפּעס אַ גויִישע מסירה אויף ייִדן". אָבער ווען ער האָט אַרויסגענומען פון זיין לעדערנער טעטשקע אַ טלית צום דאַווענען, האָבן שוין אַלע געזען, אַז ער איז מאחינו בני ישראל.

די גבאים האָבן באַשלאָסן אים מכבד צו זיין מיט אַן עליה צו דער תורה און געפרעגט ביי אים וועגן זיין ייִדישן נאָמען, האָט ער האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס געזאָגט, „ברוך דיין אמת" — אַ וואָרט וואָס

---

* סענדזשע — ריכטער.

ווערט באַנוצט בלויז ווען מען הערט אַ ידיעה אַז עמעצער איז, חלילה, געשטאָרבן. ביים יידישן סענדזשע אָבער איז דאָס געווען אַ באַליבטער פסעוודאָנים, ווייל זיין פאַרנאָמען איז געווען ברוך, דערצו איז ער טאַקע געווען אַן ערלעכער ריכטער — האָט ער אָט די באַצייכענונג אָנגענומען פאַר זייער אַ פּאַסיקע פאַר אים. זעענדיק אָבער, אַז די גבאים זענען געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט, ווייל עס האָט זיי נישט געפּאַסט אים נאָך אַ מאָל איבערצופרעגן, האָט ער גלייך צוגעגעבן זיין פאַרנאָמען מיטן נאָמען פון זיין פאָטער כדת וכדין. ווען נאָכן אויפרופן ווערן צו דער תורה האָט ער געמאַכט די ברכות פון אַ חסידישן ייד, זענען אַלע געווען פאַר־ווונדערט: אַ „סענדזשע" זאָל דאָס אַזוי קענען? גאָרנישט צו פאַרגלייכן מיט דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן, וואָס געפינען זיך אינעם שטעטל.

געווען איז דער לאָמער סענדזשע אַ פּאָלקסמענטש, געהאַלטן זיך פשוט און זיך נישט געשעמט צו שמועסן מאַמע־לשון מיט יעדן איינציקן אין דער גאַס. אין זיין פירונג האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ שאַרפן קעגנזאַץ צו די אַנדערע יידישע אינטעליגענטן אין מעליץ. יענע האָבן זיך געהאַלטן פאַר אַריסטאָקראַטן, חלילה, נישט געזינדיקט מיט קיין יידיש וואָרט, אַזוי ווי ס'וואָלט געווען אין גאַנצן טריף־פסול, און אַן „פּראָשע פּאַנאַ" האָט זיך קיין זאַך נישט אָנגעהויבן.

טראָץ זיין פשוטער פּאָלקסטימלעכקייט, איז דער לאָמער ריכטער שטאַרק אָנגענומען געווען צווישן די קריסטלעכע סענדזשעס פונעם היגן געריכט. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ חשובן יוריסט און קענער פון די אַלטע רוימישע געזעצן. אויב עס איז פאָרגעקומען עפּעס אַ קאָמפּלי־צירטער פּראָצעס האָבן זיך די ריכטערס מיט אים באַראַטן וועגן דעם אורטייל און דערביי געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט געירשנט די חכמה פון קרול סאָלאָמאָן.

אַז די יידישע אינטעליגענץ אין מעליץ האָט געזען די פּאָזיטיווע און בכבודיקע באַציִונג צו אים מצד די גוייִשע ריכטערס און אַדוואָקאַטן, האָט דאָס געהאַט אַ גוטע השפעה אויך אויף זיי און זיי האָבן געזוכט זיין געזעלשאַפט. ער האָט זיך באַפריינדט מיט זיי און שפּעטער פלעגט ער יעדעס מאָל, ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט שבת צו גיין אין

שול, מיטשלעפּן עמעצן פון דער יידישער אינטעליגענץ אויך. קיינער האָט אים נישט אָפּגעזאָגט. אַזוי אַז מיט דער צייט פלעגט מען שוין אַפילו אין אַ פּשוטן שבת זען אין דער שול מערערע פון דער יידישער אינטע־ליגענץ, און טייל מאָל פלעגט שוין אַפילו אַזאַ יונגער אינטעליגענט אַריינ־וואַרפן אַ יידיש וואָרט אין זיין פּויליש לשון, כדי צוצופּאַסן זיך אַ ביסל צום לאָמען ריכטער.

דער לאָמער סענדזשע איז דערפון געוואָר געוואָרן און געווען נייגעריק וועלט־מלחמה, בעת ער האָט געקעמפט אין דער עסטרייכישער אַרמיי אויפן איטאַליענישן פראָנט. דאָרט האָט ער באַקומען עטלעכע קוילן אין פוס און שפּעטער האָט ער זיך שוין געמוזט באַנוצן מיט אַ פּראָטעזע און אַ האַנט־שטעקן. הגם ער האָט אונטערגעהונקען, האָט ער זיך נישט געשעמט מיט זיין פעלער. נאָר קלאַפּנדיק מיט זיין שטעקן בעת זיין גיין איבערן טראָטואַר האָט ער געברומט עפּעס אַ יידישן ניגון און צוגעפּייפט צום טאַקט מיט יעדן קלאַפּ.

דאָס האָט באַמערקט נפתלי חיים בירנבוימס זון פון דער בעקעריי, אַ יינגל מיט צעפּלאָשעטע פּיאות, וואָס האָט געלערנט אין דער תלמוד תורה און געהאַט ספּעציעלע פעיקייטן נאָכצוקרימען מענטשן מיט פיזישע פעלערן. ער האָט אָנגעהויבן נאָכמאַכן דאָס גיין פון דעם לאָמען ריכטער און זיין צופייפן צום טאַקט.

דער לאָמער ריכטער איז דערפון געוואָר געוואָרן און געווען נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי ער מאַכט דאָס, אָבער ס׳האָט אים נישט געפּאַסט צו פאַרנעמען זיך מיט דעם. איין מאָל אָבער אין אַ שבתדיקן טאָג וואָס איז אויסגעקומען אין אַ קריסטלעכער חגא און דאָס געריכט איז געווען גע־שלאָסן, האָט דער ריכטער געהאַט צייט צו גיין אין שול אַריין, און אַזוי ווי זיין פריינד, דער פּראָפעסאָר טשאַרטקאָווער איז אויך געווען פריי פון זיין אַרבעט אין דער גימנאַזיע, איז ער צו אים אַוועק אַהיים און אויך אים מיטגענומען אין שול. פאַרן שולפאָלאַץ האָבן זיי געטראָפן מעכעלע שילער, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיטן ריכטער און האָט געוווּסט וועגן זיין באַגער צו זען ווי אַזוי דאָס יינגל קרימט נאָך זיין אופן פון קוליען. אָט דער מעכעלע שילער האָט זיי אָנגעוויזן אויף נפתלין, וועלכער איז

גראָד געשטאַנען לעבן בית־מדרש מיט זיינע חברים. דערזען אים מיט די צעפּלאָשעטע פּיאות האָט דער ריכטער אַ רוף געטאָן: „נאַפּטאַלקו, קום אַהער! לאָמיר זען ווי עס קוליעט דער לאָמער סענדזשע!"

אין אָנהייב האָט נפתלי זיך דערשראָקן, געמיינט מי יודע וואָס ס'דער־וואַרט אים דאָ און געוואָלט אַנטלויפן. האָט אָבער מעכעלע שילער אים באַרויִקט, אַז גאָר קיין שלעכטס וועט אים דערפון נישט אַרויסקומען, גענומען אים אונטערן אָרעם און צוגעפירט צום ריכטער.

דעמאָלט האָט דער סענדזשע דערלאַנגט דעם ייִנגל זיין שטעקן און געזאָגט: „אַנו, לאָמיר זען!"

נפתלי האָט גענומען דעם שטעקן אין האַנט און אָנגעהויבן קוליען און צופייפן צום טאַקט מיט אַלע זשעסטיקולאַציעס. האָט זיך דער לאָמער סענדזשע גוטמוטיק צעלאַכט און דער פּראָפעסאָר טשאָרטקאָווער האָט מיט אַ פריינדלעכן שמייכל אַ קלאַפּ געטאָן איבער די פּלייצעס פון דעם ייִנגל און געזאָגט: „אויסגעצייכנט, פּראַוודזשיווי אַרטיסטאַ!"

# צווישן הימל און ערד

ווען די דזשיקעווער חסידים אין מעליץ, וואָס זייער רבי האָט געוווינט אין טאַרנע, האָבן זיך פאַרשטאַרקט און געוואָלט איבערשטייגן די סטי־טשינער חסידים, וועמענס רבי האָט אויך געוווינט אין טאַרנע, האָבן זיי איבערגענומען דאָס בית־המדרשל פון ר׳ לאָזערל מלכהלעס אין דעם האָלצערנעם הייזל לעבן דעם מאָלי רינעק, נישט ווייט פון דער שול און די בתי־מדרשים, בכדי צו מאַכן דאָרט אַ דזשיקעווער שטיבל.

ביים איבערנעמען דאָס בית־מדרשל פאַר אַ דזשיקעווער שטיבל האָט ר׳ לאָזערל מלכהלעס געשטעלט פאַר זיי דריי תנאים: ערשטנס, ער זאָל בלייבן רב אין דעם בית־מדרשל און מען זאָל אים אויפרופן צו דער תורה מיטן טיטל „מורה מורינו". צווייטנס, מען זאָל פירן די רבנישע טישן יעדן שבת מיט זאָגן תורה און טיילן שיריים, אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט זינט די צייטן פון זיין פאָטער ר׳ סרוליש עליו השלום. און דריטנס, אַז די דזשיקעווער חסידים זאָלן זיך מתחייב זיין צו ריכטן דעם האָלצערנעם שינדל־דאַך, וואָס הויבט שוין אָן דורכצולאָזן דעם רעגן.

די ערשטע צוויי תנאים פון ר׳ לאָזערל מלכהלעס, צו בלייבן רבֿ אין בית־מדרשל און פירן שבת רבנישע טישן, זענען נישט געשטעלט געוואָרן פאַר כבוד וועגן, אויך נישט כדי צו ווערן אויף אַזאַ מין אופן דער רב איבער דעם שטעטל. ניין, דאָס איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן. ערשטנס, האָט שוין זיין פאָטער ר׳ סרוליש געפּרווּוט צו באַקומען דעם כסא הרבנות דורך מחלוקת מיטן אַלטן מעליצער רב און איז אין גאַנצן אַדורכגע־פאַלן — געבליבן נאָר אַ „שיינער ייִד" אין זיין אייגענעם בית־מדרשל. צווייטנס, ווי אַזוי האָט ער גאָר געקאָנט חלומען צו זיין רב אינעם מעליצער שטעטל, אַז עס האָט זיך שוין דאָ געפירט לאַנגע יאָרן אַ מחלוקת צווישן די זין פונעם אַלטן מעליצער רב וועגן דעם כסא־הרבנות, וואָס זייער פאָטער האָט איבערגעלאָזט הפקר, אָן אַ געשריבענער צוואה, ווען ער איז נפטר געוואָרן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אויף דער „פליכט"

אין ווין. אַחוץ דעם אַלעם קאָן ער זיך נישט פאַרמעסטן מיט זיי מיט לערנען און פסקענען שאלות, אַזוי אַז צו זיין רב אין שטעטל איז אים אַפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק. זיי כוונה מיטן ערשטן תנאי איז געווען אויסגערעכנט צו בלייבן נאָר אַ „שיינער ייִד" מיט אַ בית־מדרשל, אַזוי ווי זיין פאָטער. דאָס איז אַ סגולה צו פרנסה, ווייל עס האָט זיך געפירט אין מעליץ, אַז יעדן חנוכה, פורים אָדער אַן אַנדערן יום־טוב, פלעגן די בעלי־בתים שיקן געלט פאַר די „שיינע־ייִדן" אין שטעטל און געטאָן האָבן זיי דאָס מיט „אַ מאָס": פאַר אַ „גאַנץ שיינעם ייִד" — אַ גרעסערע מתנה, פאַר אַ ווייניקער „שיינעם־ייִד" — אַ קלענערע מתנה, און פאַר אַ "שיינעם־ייִד" וואָס האָט געהאַלטן זיך פאַר אַ רב מיט אַן אייגן בית־מדרשל, איז דער ענין פון שיקן אַ מתנה געווען אַ באַזונדערער חשבון.

האָבן די דזשיקעווער חסידים געהאַלטן פון די ערשטע צוויי תנאים, אויפגערופן ר׳ האָזערל מלכהלעס צו דער תורה מיטן טיטל „מורה מורינו" און צו די שבתדיקע רבנישע טישן האָבן זיי צוגעשטעלט נאָך אַ טיש כדי ס׳זאָל זיין מער פלאַץ פאַר זייערע חסידים וועלכע זענען אַהער געקומען אין די שבתים. זייערע זמירות מיט די ניגונים פונעם דזשיקעווער רבין האָבן זיך געהערט איבערן גאַנצן מאַלי רינעק און נאָך ווייטער.

דאָס ערגסטע איז געווען מיטן לעצטן תנאי, ווייל סוף זומער, איידער עס זענען געקומען די האַרבסטיקע רעגנס, האָבן זיי גענומען שלמהן טאַטע, משה בלעכערס זון, ער זאָל דעקן דעם שינדלדאַך מיט פאַפּע געשמירט מיט שוואַרצן טער, אָבער בלויז איבערן בית־המדרשל. און דעם צווייטן טייל דאַך, איבער דער דירה פון ר׳ לאָזערל מלכהלעס האָבן זיי געהייסן איבערלאָזן ווי געווען.

בשעת שלמה טאַטע האָט זיך געפּאָרעט מיטן דעקן פון דעם האַלבן דאַך, איז ר׳ לאָזערלען גאָר נישט איינגעפאַלן אַוועקצושטעלן זיך קוקן אויף זיין אַרבעט. ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט עבודת־הבורא, מיט גיין אין מקווה, דאַווענען, זאָגן תהילים, מיטן אַריינקוקן אין אַ חסידיש ספר, אַז ער האָט אַפילו נישט געוווּסט ווי אַזוי דער דאַך איז פאַרראַכטן געוואָרן. ווען עס איז אַראָפּ דער ערשטער האַרבסט־רעגן, האָט ער באַ־מערקט עטלעכע טראָפּנס וואַסער טריפן פון סופיט, אָבער נישט געלייגט

קיין אַכט דערויף. שפּעטער אָבער האָבן זיך די רעגנס געשטאַרקט און אין איינער אַ נאַכט האָט דאָס וואַסער אָנגעהויבן שטאַרקער צו טריפן ביז די גאַנצע פּאָדלאָגע איז געוואָרן נאַס.

דערזעענדיק דאָס האָט ער שוין פאַרשטאַנען, אַז בנוגע דעם דאַך האָבן די דזשיקעווער חסידים אים „אונטערגעפירט" און ער האָט באַשלאָסן צו רופן זייערע גבאים צו אַ דין־תורה. דערווייל אָבער רינען די טראָפּנס פונעם סופיט און מען דאַרף אונטערשטעלן די גרויסע בלעכערנע באַליעס אויפן בוידעם אונטער דעם דאַך כדי עס זאָל נישט אַריינרינען. אַזוי ווי דעם רב אַליין האָט נישט געפּאַסט צו טאָן אָט די אַרבעט, האָט ער זיך ווענן דעם געווענדט צו שיע דעם פּוילישן, וועלכער האָט זיך געדרייט אין בית־מדרשל ווי אַ שמש און געקומען אין דער פרי דאָ דאַווענען. שיע דער פּוילישער איז אָבער געווען אַ גרויסער בטלן מיט פוילע באַוועגונגען, און אויף דעם רבס ביטע האָט ער געענטפערט: „וואָס, גיין אויפן בוידעם? דאָס איז דאָך אַ זאַך פון גרויס סכנה. איך בין נאָך קיין מאָל נישט געקראָכן אויף אַ לייטער". און ער האָט גענומען זיין טלית, אַרומגעהילט זיך איבערן קאָפּ מיט לאַנגע ברכות, געלייגט די תפילין און געשטעלט זיך דאַווענען שחרית אין ווינקל פונעם בית־מדרש.

באין ברירה האָט ר' לאָזערל גענומען די בלעכערנע שיסל, איז אַרויף אויפן בוידעם און גענומען זוכן דאָס אָרט, פון וואַנען עס רינט אַריין. ווען ער איז צוגעקומען צו יענעם אָרט כדי אַוועקצושטעלן די שיסל, האָט זיך פּלוצלונג דער סופיט איינגעבראָכן אונטער זיינע פיס און ער איז אַריינגעפאַלן אינעם לאָך פון סופיט ביז צום גאַרטל און געבליבן אַזוי הענגען צווישן הימל און ערד, נישט אַהין און נישט אַהער.

לכתחילה איז ער אין גאַנצן צעמישט געוואָרן פון גרויס שרעק, נישט געוווּסט וואָס ס'איז געשען. האָט ער גענומען שרייען, רופן צו הילף מענטשן. אָבער שריי אַהין, שריי אַהער, אַז דער בוידעם איז געשלאָסן און זיין געשריי בלייבט פאַרשטיקט צווישן די האָלצערנע קראָקוועס וואָס האַלטן אונטער דעם דאַך.

דער איינציקער, וואָס האָט געקאָנט הערן זיינע געוואַלדן דורכן טירל פונעם בוידעם צום קאָרידאָר, איז געווען שיע דער פּוילישער. איז ער

אָבער גראָד געשטאַנען שמונה־עשרה און נישט געטאָרט מפסיק זיין. דערצו האָט ער צוליב פאָרזיכטיקייט נישט צו פאַרפעלן, חלילה, אַ וואָרט פון דער שמונה־עשרה, עס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. אַזוי, אַז דאָס דאַווענען שמונה־עשרה האָט ביי אים פאַרנומען אַ גאָר לאַנגע צייט.

שטעקנדיק אינעם לאָך צווישן הימל און ערד און זעענדיק, אַז זיינע געוואַלדן ווערן נישט דערהערט, האָט ר׳ לאָזערל אויך גענומען קלאַפּן מיט די פויסטן אין דער בלעכערנער שיסל, צו פאַרשטאַרקן דעם גערויש.

ליפע שוסטער, וועלכער האָט געוווינט דערלעבן און גראָד באַדאַרפט אַרויסגיין מיט אַ פּאָר פאַרראָכטענע שטיוול צו אַ קליִענט, האָט דערהערט דאָס קלאַפּן און רוישן פונעם בוידעם און זיך שטאַרק דערשראָקן. און היות ווי ער האָט זיך אָנגעהערט מעשיות וועגן שדים און מזיקים אויף די בוידעמער פון שול און בתי־מדרשים, האָט ער גענומען שרייען: שדים אויפן בוידעם!

פאַרבייגייער האָבן אים אָנגעקוקט ווי אַ חסר־דעה און זענען אַוועק וויטער צו זייערע ענינים. אַנדערע ווידער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט: „ווו שדים? וואָס שדים?" ביז ער האָט, אַ דערשראָקענער, קוים אויסגערעדט: „דאָ ביי ר׳ לאָזערל מלכהלעס אויפן בוידעם". מעליצער ייִדן, איבערהויפּט די יונגע מענטשן, האָבן שוין דעמאָלט נישט געגלויבט אין אַזעלכע פּוסטע זאַכן, אָבער צוליב נייגעריקייט האָבן זיי אַ לויף געטאָן צו דער דירה פון ר׳ לאָזערל מלכהלעס. דאָרט האָבן זיי דערזען, ווי פונעם איינגעבראָכענעם סופיט הענגען זיינע פיס ביז צום גאַרטל און ער אַליין קאָן זיך נישט רירן נישט אַהין און נישט אַהער. האָבן זיי ס׳ערשטע אונ־טערגערוקט אונטער זיינע פיס אַ טיש, אויפן טיש אַוועקגעשטעלט אַ בענקל, ער זאָל קאָנען אָנשפּאַרן זיין שווערן קערפּער.

ווען ער איז שוין געשטאַנען אויף זיינע פיס, זענען די מענטשן אַרויף אויפן בוידעם, דערנענטערט זיך צו אים פאָרזיכטיק, דער אַדורכגעפוילטער סופיט זאָל זיך הינטער זיי נישט איינברעכן און מיט שווערער מי אים אַרויסגראַמאָליעט פונעם איינגעבראָכענעם לאָך. אַ האַלב־פאַרחלשטן האָט מען אים אַראָפּגענומען פונעם בוידעם, אַוועקגעזעצט אויפן בעט און גע־געבן אַ שלוק קאַלטע וואַסער ער זאָל צו זיך קומען.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען אינעם בית־מדרשל, איז שיִע פוילישער אַריינגעקומען צום רבין און געזאָגט צו אים:

— איר זעט, רבי! כ׳האָב אייך פריִער געוואָרנט, אַז גיין אויף אַ בוידעם איז אַ גרויסע סכנה! איצטער, נאָך דעם, ווי איר זענט, ברוך השם, ניצול געוואָרן, וועט איר שבת דאַרפן בענטשן גומל!

# אַ ריכטיקער ענטפער

אין מעליץ זענען די שידוכים צווישן די בעלי־ביתישע ייִדן געשלאָסן געוואָרן צום מיינסטן דורך שדכנים. טאָמער איז געקומען אַ שדכן וועגן אַ שידוך צו אַ בעל־הבית וואָס האָט געהאַט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן האָט ער ס'ערשטע געפרעגט: „וויפל געלט נדן ווילט איר סילוקן?" און צוגעפּאַסט דעם שידוך צו דער גרייס פונעם נדן. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין נדן פאַר זיין טאָכטער, דעם איז זייער שווער געווען צו טאָן אַ שידוך.

מיכאל טשערמינער האָט געהאַט אַ בת־יחידה מיט אַלע מעלות: אַ שיין געוואַקסענע מיט צוויי לאַנגע צעפּ, וואָס האָבן באַשיינט אירע שלאַנקע פיגור און איר דעליקאַט פּנים באַחנט מיט זומער־שפּרינקעלעך. זי איז געווען זייער צאַרט און צניעותדיק, געהאַט אַ גאָר איידעלען כאַראַקטער, נישט געקאָנט דערצערענען אַפילו אַ פליג אויף דער וואַנט, געפירט זיך שטיל און געהאָרכט אַלץ וואָס טאַטע־מאַמע זאָגן. אָבער וואָס קומט אַרויס פון די אַלע גוטע מעלות, אַז קיין נדן האָט איר דער פאָטער נישט געקאָנט געבן. געווען איז איר פאָטער אַ בכבודיקער ייִד, אַ שטילער תלמיד־חכם, וועלכער האָט נישט אַרויסגעוויזן פאַר מענטשן זיין לומדות און גע־שמט פאַר אַ פיינעם בעל־תפילה אין חסידישן בית־המדרש.

געקומען קיין מעליץ איז ער פון טשערמיק, אַ פּיצינקע שטעטעלע פון דער געגנט און געמאַכט זיך דאָ אַ לאַווקע מיט שניט־סחורה אין מאַרק. יונגערהייט פלעגט ער צוזאַמען מיט זיין ווייב פאָרן אויף יאַרידן אין דעם געגנט. אָבער ווען ער האָט זיך געעלטערט און איז געוואָרן שוואַכער, איז ער אַרויס מיט דער לאַווקע אין מאַרק בלויז אין די טעג פון די אָרטיקע יאַרידן מיט זיין ווייב און טאָכטער און קוים געצויגן זיין באַשיידענע פרנסה.

ווען לייביש שוסטער, וועלכער האָט אויך זיך פאַרנומען מיט שדכנות,

איז צו אים געקומען מיט אַ שידוך פאַר זיין טאָכטער און געפרעגט וויפל געלט ער וויל סילוקן נדן, האָט מיכאל טשערמינער אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— אויב השם יתברך וועט העלפן, וועט אַ נדן אויך זיין! לייביש שוסטער איז אַוועק און געטראַכט: „מיט בלויז ביטחון קאָן מען היינטיקע צייטן קיין שידוך נישט טאָן", און מער זיך נישט געוויזן. שיִעלע מאַדענער, וועלכער איז אויך געשטאַנען מיט אַ לאַווקע אין מאַרק און טייל מאָל פאַרנומען זיך מיט שדכנות, האָט געוווּסט וועגן מיכאל טשערמינערס אָרעמקייט און געברענגט פאַר זיין טאָכטער שידוכים, ביי וועלכע עס האָט זיך נישט געפאָדערט קיין נדן. האָבן אָבער אָט די שידוכים לחלוטין נישט געטויגט: אַן אַלמן מיט קליינע קינדער, אַ גרוש, אַ ישיבה־בחור, אַ באַנק־קנייטשער און אַ בטלן. וואָס האָט נישט געטויגט אַפילו כדי „אַראָפּ־צוטרייבן אַ קאַץ פון אויוון". געזען די שידוכים וואָס שיִעלע מאַדענער ברענגט פאַר זיין בת־יחידה, האָט אים מיכאל געפרעגט:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיט אייער אייגענער טאָכטער וואָלט איר געטאָן אַזאַ שידוך? איז וואָס ווילט איר פון מיר?

זינט דעמאָלט האָט שיִעלע מאַדענער מער נישט געברענגט קיין שידוכים.

געבליבן איז נאָר דער רויטער פנחס, דער פּאַטענטירטער שדכן פונעם שטעטל וועלכער האָט געברענגט אַ מאָל אַ שידוך, אָבער יעדעס מאָל געזאָגט:

— ר' מיכאל איר דאַרפט זען צו טאָן אַלץ כדי צו געבן פאַר אייער טאָכטער כאָטש אַ שטיקל נדן. דערנאָך האָט ער זיך אַ לענגערע צייט מער נישט געוויזן. געטראָפן אים אין בית־מדרש ביי מנחה־מעריב, פלעגט מיכאל ביי אים פרעגן:

— נו ר' פנחס, איר האָט עפּעס פאַר מיין טאָכטער? דער שדכן האָט אים געטרייסט:

— זאָרגט נישט ר' מיכאל, השם יתברך וועט העלפן און צושיקן אַ ריכטיקן זיווג! — און בעת־מעשה האָט ער געטראַכט: „קיין נדן קאָן ער נישט געבן, אַ סברה, אַז אויך נישט קיין שדכנות־געלט, איז וואָס דאָס

געאייל? און דער שדכן האָט אָפּגעלאָזט מיכאלן פון געדאַנק און פאַרנומען זיך מיט שידוכים, אין וועלכע עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן נדנים און אויך דירות פאַר די יונגע פאָרפעלקער.

דאָך האָט ער נישט לחלוטין פאַרגעסן וועגן מיכאל טשערמינער. דערמאַנט האָט ער זיך אין אים צוליב אַ צופאַל. איין מאָל גייענדיק וועגן אַ שידוך פון בית־מדרש צו אַלטער הירשן, וועלכער האָט געוווינט נעבן דער קליינער טאַרגאָוויצע הינטער דער שול, האָט ער זיך פּלוצעם אָנגעשטויסן אויף די קליינע הינטלעך פון דעם גויִשן טישלער אָלשאָווסקי, וואָס האָט געהאַט דאָ נישט ווייט אַ סטאָלעריי. ווען די הינטלעך זענען אים באַפאַלן און אָנגעהויבן צו רייסן די פּאָלעס פון זיין לאַנגער קלאָטענער בעקעשע, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן און פאַר מורא געלאָפן צו דער שול און אַריין אין פּאָליש פון משניות־שטיבל. עס איז געווען נאָך געוווג ווייט פון מנחה־מעריב. אָבער ר׳ פנחס האָט דאָרט דערזען זיצן אייליש פיינגאָלדן, וועלכער האָט געלערנט משניות צו דער ערשטער יאָר־צייט פון זיין פרוי. אַזוי ווי די פאַרשטאָרבענע האָט נישט איבערגעלאָזט קיין קינדער וואָס זאָלן האַלטן איר יאָרצייט, איז איצט דער אלמן געזעסן איבער עטלעכע פּרקים פון משניות, וואָס הייבן זיך אָן מיט די אותיות פון איר נאָמען. און אַזוי ווי זי, עליה השלום, האָט געהאַט צוויי נעמען, האָט ער זיך מקדים געווען אַהער אַ שטיק פאַר מנחה, כדי צו ענדיקן די פּרקים ביז ייִדן וועלן קומען אַהער דאַוונען און זאָגן קדיש.

דערשראָקן נאָך פון די הינטלעך, האָט דער רויטער פנחס זיך געזעצט אויף דער באַנק לעבן טיש, ווו אייליש האָט געלערנט. ווי נאָר ער האָט זיך באַרויִקט, האָט ער געמאַכט מיט איילישן אַ שמועס וועגן תכלית:

— אַריבער שוין אַ יאָר און וואָס ווייטער? קאָן דען אַ ייִד זיצן אַזוי איינער אַליין? „אויף אַזאַ אופן האָט ער געפּרווט טאַפּן דעם דופק ביים אַלמן". צי האַלט ער נישט ביי עפּעס אַ שידוך? אייליש האָט מיט האַלבע ווערטער געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז אויב ס׳וועט זיך טרעפן אַ בת־בנים, כדי איבערצולאָזן נאָך זיך אַ קדיש, וועט ער זיך דערצו אַנטשליסן. דערביי

האָט ער געגעבן פּנחסן אָנצוהערן, אַז אין אַזאַ פאַל, וואָלט ער זיך נישט גערעכנט מיטן שדכנות־געלט, נאָר געגעבן כפל־כפליים.

געהערט אַזוי, האָט דער רויטער פּנחס גענומען דורכזיפּן מיטן געדאַנק דאָס שטעטל, כדי צו געפינען עפּעס אַ יונגע אַלמנה, וואָס זאָל זיין אַ בת־בנים אָדער אפשר עפּעס אַ גרושה. ער האָט זיך אָבער נישט אָנגעשטויסן אויף קיין פּאַסיקן שידוך. ביז וואַנען עס איז אים געקומען אויפן געדאַנק מיכאל טשערמינער. יאָ, ס'איז מן השמים!

איי'ליש פיינגאָלד איז געווען אַן עלטערער, אין די זעכציקער יאָרן. ער איז אַרומגעגאַנגען אין אַ לאַנגן פאַרנאַכלעסיקטן לבוש, מיט שטענדיק צעקאָדלטע באָרד־ און־פּאות. זיינע שטיוול פלעגן געפּוצט ווערן מערב שבת לערב שבת. דערצו האָט ער נאָך געהאַט די מיחושן פון כמעט אַלע „שיינע־יידן" אין מעליץ. דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ רייכער מענטש, האָט געהאַט אַן אייגן הויז מיט אַ געשעפט פון סחורה פאַרן דאָרפישן געברויך. שטיינער צו זשאַרנעס און האַנטמילעכלעך פאַר די פּויערים צו מאָלן זייער תבואה, רעדער פאַר וועגענער, צעפּעס צו דרעשן תבואה, זיזלעס צו באַמיסטיקן די יאַלאָווע פעלדער און נאָך פּויערישע מכשירים, אויף וועלכע די מעליצער יידן האָבן זיך אַפילו נישט אויסגעקענט, ער האָט אָבער דערפון געמאַכט אַ פאַרמעגן.

געקומען דעם רויטן פּנחס אין קאָפּ אַריין דער גליקלעכער געדאַנק וועגן מיכאל טשערמינער, האָט ער שוין נישט געקאָנט איינרוען ביז ער האָט אים געטראָפן נאָך מנחה־מעריב אין בית־המדרש, אים אַוועקגערופן אין אַ זייט און שטילערהייט פאַרגעלייגט אַ גרויס „פאַרמעג" פאַר זיין טאָכטער. דערהערט וועגן ווען עס האַנדלט זיך, איז מיכאל טשערמינער עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען ווי צעמישט, מיט גרויס חולשת הלב. ער האָט נישט געקאָנט מסכים זיין, אַז זיין בת־יחידה זאָל נעמען פאַר אַ מאַן אַ מענטש, וועלכער איז קרוב דריי מאָל אַזוי אַלט ווי זי.

עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט און קיין שידוכים פאַר זיין טאָכטער האָט מער קיינער נישט געברענגט. ער פילט זיך נישט גוט, און אויך מיט פּרנסה איז געוואָרן שוואַכער, ווייל זיין ווייב, וועלכע איז געווען די הויפּט־סוחרטע ביי זייער לאַווקע, האָט אָנגעהויבן צו קרענקען. דעמאָלט האָט

מיכאל טשערמינער אָנגעהויבן שלאָגן זיך מיט דער דעה: „אפשר טאַקע מן השמים? זיין טאָכטער ווערט עלטער, ער און זיין ווייב זענען קראַנק, און טאָמער, חס־וחלילה, „עפּעס", ביי ווענען וועט זי בלייבן? ווער וועט זיך מיט איר פאַרנעמען, אַזאַ איידל קינד? אַז די וועלט איז אַזוי שלעכט, אָן רחמנות! און דאָ, פּאָרט אַ גרייטע היים. אָן זאָרגן און דאגות־פּרנסה. אָבער ווי נעמט אַ טאַטע און פאַרקויפט זיין קינד, אַן איינציקע טאָכטער, צו אַן אַלטן ייִד? וואָס וועלן מענטשן זאָגן? וואָסזשע טוט מען? וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך?" אַזוי האָט ער זיך געפּייניקט ביז ער איז נאָך שוואַכער געוואָרן, אָנגעהויבן פילן אַלץ שטאַרקערע ווייטיקן און אַ ציטער אין די פיס ביים גיין איבער דער גאַס.

ווען זיין ווייב האָט געזען זיין ראַנגלען זיך מיט די מחשבות, האָט זי געזאָגט צו אים:

— פאָלג מיך, מיכאל, גיי צו עפּעס אַ קלוגן מענטש פרעגן אַן עצה. פון אַריינקלערן ווערסטו דאָך אויס מענטש. מיכאל האָט געהערט זיין ווייבס עצה און גענומען טראַכטן, צו וועמען זאָל ער גיין פרעגן? צום מעליצער רב? ער איז דאָך פאַרנומען מיט הימלזאַכן. צו דעם דאַרף מען האָבן אַ ייִד אַ סוחר, געניט אין זאַכן פון געלט און פרנסה און האָט אויך טעכטער חתונה צו מאַכן.

אין צווישן האָט דער רויטער פּנחס אַלץ מער געדריקט אויף מיכאל טשערמינער וועגן דעם גליק־שידוך, אויב ער וועט וועגן דעם זיך נישט באַשליסן, וועלן דאָס אַנדערע אויסכאַפּן. דער שדכן האָט געטענהט, אַז אין די היינטיקע שווערע צייטן טרעפט זיך נישט יעדן טאָג אַ שידוך מיט אַ גרייטער פרנסה, אָן זאָרגן און דאגות, דערצו מיט אַן אייגענער דירה, גלייך צו פירן דאָס באַלעבאַטישקייט! און ער האָט אים געגעבן צייט וועגן תשובה נכונה, ביז זונטיק. ווייל שפּעטער, האָט ער געזאָגט, „וועט נישט זיין וואָס צו רעדן, אחרים יקדמנו און מיר וועלן פאַרשפּעטיקן דעם שעת הכושר! און ער האָט צוגעגעבן מיט אַ רמז:

— איר טאָרט נישט פאַרגעסן, ר' מיכאל, אַז אחרי מאה ועשרים בלייבט אייער טאָכטער דער איינציקער יורש. דאָס איז היינטיקע צייטן נישט פון די פּשוטע זאַכן...

מיכאל טשערמינער איז געוואָרן נאָך מער געשפּאַנט און צעמישט. דער רויטער פּנחס האָט אים געגעבן עטלעכע טעג פּאַר אַ פּעסטן באַשלוס, הן או לאו, און דערווייל האָט ער נאָך אַפילו נישט באַשלאָסן מיט וועמען זיך שואל עצה זיין. צום בעסטן — האָט ער גענומען קלערן — וואָלט געוועזן צו פאָרן צום רבי קיין טאַרנע אָדער קיין בעלז, אָבער ווו האָט ער דען כוח און געזונט צו אַזאַ נסיעה? אַחוץ דעם איז דאָס פאַרבונדן מיט הוצאות, און אַ פּדיון פאַרן רבין, אויף וואָס ער קאָן זיך נישט דערלויבן. ער האָט ווידער גענומען זוכן אין געדאַנק צווישן די מעליצער בעלי־בתים עמעצן מיט שכל צו געבן אַן עצה אין אַזאַ שווערן ענין. געקלערט און געקלערט, ביז עס איז אים געקומען אויפן געדאַנק נחמיה בראָד. ער איז אַ פאַרשטאַנדיקער מענטש, אַ שאַרפער סוחר, וועלכער האָט אויך טעכטער חתונה צו מאַכן און ר׳ מיכאלס ענין וועט אים זיין נאָענט צום האַרצן. דערצו איז ער נאָך אַ שטיקל קרוב פונעם ווייבס צד — ער וועט אים זיכער געבן די ריכטיקע עצה! און היות ווי אין אַ וואָכנטאָג איז נחמיה בראָד שטאַרק פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן, האָט ער באַשלאָסן צו גיין צו אים מוצאי־שבת.

אין משך פון די עטלעכע טעג, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן ביז הערן פון נחמיה בראָד די ריכטיקע עצה האָט מיכאל טשערמינער זיך מער נישט געפּייניקט מיט דער פראַגע: אַז סיווי פאַרלאָזט ער זיך, ס׳ערשטע אויף גאָט, און דערנאָך להבדיל אלף הבדלות, אויף אַ מענטש. איז צו וואָס נאָך ברעכן זיך דעם קאָפּ מיט די אַלע מחשבות. שוין באַרויקט, האָט ער געוואַרט מיט נייגעריקייט אויף דער עצה נכונה. שבת אָבער האָט ער שוין נישט געקאָנט איינרוען. געוואָרן אומגעדולדיק און פאַר נאַכט נישט געגאַנגען צום מעליצער רבס שלוש סעודות אין חסידישן בית־מדרש, ווי ער איז געוווינט געווען דאָס צו טאָן יעדן שבת, נאָר מקדים געווען זיך צו דאַוונען מעריב אין שול. קוים דערוואַרט זיך צו קומען אַהיים, האָט ער אויף דער גיך געמאַכט הבדלה, גענומען דאָס וואָכעדיקע הענטל־שטעקעלע, אָן וועלכן ס׳איז אים שוין געווען שווער צו גיין, און אַריבער צו נחמיה בראָד.

נחמיה בראָד האָט ערשט גענומען מאַכן די הכנות צו הבדלה און דערווייל געבעטן אים זיצן. ער האָט אומגעדולדיק זיך געזעצט אין אַ זייט,

און מיט געשפּאַנטע נערוון צוגעקוקט זיך צו זיין פּרום התנהגות: דאָס זאָגן „ויתן לך" פאַר הבדלה, וואָרט ביי וואָרט, מיטן מוצאי־שבתדיקן ניגון, דאָס אַרויסנעמען מיט כוונה דאָס זילבערנע בשמים־ביקסל פון קרעדענס, דאָס געפלאָכטענע הבדלה־ליכט, וואָס ער צינדט אָן ביי די ליכטלעך אין קאַנדעלאַבער, דאָס אָנגיסן דעם זילבערנעם בעכער מיט וויין צו דער הבדלה. אין ר׳ מיכאלס שפּאַנענדיקן וואַרטן האָט דאָס אויסגעזען ווי נחמיה בראָד וואָלט דאָס אַלץ אַזוי פּאַמעלעך געטאָן, אים אויף להכעיס.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער הבדלה, האָט נחמיה בראָד גענומען זינגען „המבדיל", אונטערגעהאַלטן פון זיינע ייִנגלעך, און דערביי געלאָזן צונויפ־געלייגט זיין שבת־טלית. אָבער ווי נאָר ער האָט פאַרענדיקט דעם „המבדיל" און צונויפגעלייגט דעם שבת־טלית, האָט נחמיה געבעטן דעם גאַסט צום טיש, און אַוועקגעלייגט אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן צום פאַרייכערן. זיין ווייב האָט דערלאַנגט פריש־געזאָטענע טיי מיט צובייסן און דער שמועס איז אַוועק גאָר פריינדלעך, ביז וואַנען מען איז צוגעקומען צו דער פראַגע, וואָס האָט מיכאל טשערמינערן געברענגט אַהער. ער האָט נאָך עטלעכע הקדמות גענומען אַרויסלייגן דעם גאַנצן ענין וועגן שידוך און געבעטן נחמיה בראָד, אים צו געבן אַן עצה נכונה, כדי צו האָבן אויף צו מאָרגנס, זונטיק, דעם ריכטיקן ענטפער פאַרן רויטן פּנחס. נחמיה בראָד האָט גענומען גיין אַהין און צוריק איבער דער שטוב, פאַרטיפט זיך אין דעם שווערן ענין און געמורמלט, ווי פאַר זיך: „לויט מיין חשבון, איז איילישׂ פיינגאָלד נישט ייִנגער ווי זיבעציק יאָר, אַ בן־שבעים, הייסט דאָך דאָס... אַז..." און דאָ איז ער געבליבן שטיין אַ ווײַלע. דאַן האָט ער זיך דער־נענטערט צו מיכאל טשערמינער און געזאָגט מיט אַ זיכערן טאָן:

— איר הערט, ר׳ מיכאל, די וועלט זאָגט: אַז איידער אַן אַלטע מויד, איז גלייכער אַ יונגע אַלמנה!

מיכאל האָט פאַרשטאַנען דעם רמז און אויפן וועג אַהיים עטלעכע מאָל איבערגעחזרט אין געדאַנק: „איידער אַן אַלט מיידל, גלייכער אַ יונגע, רייכע אַלמנה" און געווען צופרידן שוין צו האָבן פאַר דעם רויטן פּנחס דעם ריכטיקן ענטפער.

# דער האַנטווערקער־פאַראיין „יד־חרוצים"

אַ צייט לאַנג האָבן די ייִדישע בעלי־מלאכות אין מעליץ געשמועסט צווישן זיך וועגן דער נייטיקייט צו שאַפן אַ האַנטווערקער־פאַראיין, מיט אַ מנין צום דאַווענען און אַ גמילת־חסדים־קאַסע פאַר קעגנזייטיקער הילף, ווי דאָס פירט זיך אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך. געשמועסט אַהער, געשמועסט אַהין, אָבער צו קיין האַנטווערקער־פאַראיין מיט אַ מנין צום דאַווענען איז נישט געקומען. ערשטנס, איז נישט געווען די ריכטיקע פערזאָן, וואָס זאָל זיך ענערגיש נעמען צו דעם ענין און דאָס אַדורכפירן, און צווייטנס, האָבן די בעלי־מלאכות געדאַוונט אין פאַרשידענע בתי־מדרשים, ווו זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר וויכטיקע בעלי־בתים און ס'האָט זיי נישט געפאַסט צו דאַווענען מיט די פּשוטע בעלי־מלאכות פון דער שול. אַחוץ דעם, אויב עמעצער האָט שוין יאָ זיך גענומען צום אָרגאַניזירן אַזאַ האַנטווערקער־פאַראיין, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף די מעליצער לצים, וואָס האָבן געחוזקט פון אים: „זעט נאָר די וויכטיקע פערזאָן! אַ כלל־טוער געוואָרן, וויל ווערן אַ גבאי. אָ, נישט אַזוי לייכט וועט דאָס אים אָנקומען! קופערנע ווערעם מיט אייזערנע פּיסקלעך — און גאָרנישט איז געוואָרן דערפון.

ביז עס איז געקומען איינער אַטלאַס, אַן אדוואָקאַט פון דער פרעמד. ער האָט געעפנט אין מעליץ אַ קאַנצעלאַריע פאַר אָרטיקע איינוווינער, וועלכע נייטיקן זיך אין יורידישער הילף. אים איז איינגעפאַלן צו שאַפן די אינסטיטוציע פון אַ האַנטווערקער־פאַראיין. ער האָט געשיקט אַ שליח, צו די וויכטיקע בעלי־מלאכות, ווי הערמאַן זיידען דער דענטיסט, פישל טולפער דער זייגערמאַכער, יאַנקל פאַליק דער צאָפּניק, יאָסל לענדער דער טאָרנער שניידער, יצחק טראָמפּעטער דער בעקער, בערעלע דער שוסטער און אַנדערע. ער האָט זיי גערופן אין זיין פריש געעפנטער קאַנצעלאַריע און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע, ווי עס פאַסט פאַר אַן אַדוואָקאַט, צו איבער־צייגן זיי ווי נייטיק ס'איז צו שאַפן אַ האַנטווערקער־פאַראיין מיט אַ גמילת־

חסדים און אַ „קלוב״, ווו די האַנטווערקער וועלן זיך צונויפקומען, לייענען אַ זשורנאַל, אַ צייטונג און אויך שפּילן אַ דאַמינאָ אין דער פרייער צייט.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט פישל טולפּער דער זייגערמאַכער: דאָס ערשטע, דאַרף מען שאַפן אַ מנין צום דאַווענען און אַלע האָבן צוגעגעבן: זייער ריכטיק. האָט דער אַדוואָקאַט פאַרענדיקט זיין פוילישע רעדע: „ניעך וואָם בענדזשע נאַ זדראָוויע!״ און אַוועקגעשטעלט אַ פלעשל בראַנפן אויפן טיש צו מאַכן אַ „לחיים״. די שאַפונג פון אַ האַנטווערקער־פאַראיין איז דורך אַלע אויפגענומען געוואָרן מיט צופרידנקייט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען געדונגען ביי נפתלטשע האַרוויץ דעם מאַגאַזין, ווו פריער איז געווען אַ זייפזידעריי, אים אויסגעקאַלעכט, אויסגערייניקט, אַוועקגעשטעלט טישן און בענק מיט אַן אָרון־קודש, דערצו נאָך צוויי קליינע טישלעך אין דער זייט, יוצא צו זיין פאַרן אדוואָקאַט אַטלאַס, וואָס וויל האָבן לעבן מנין צום דאַווענען אויך אַ „קלוב״. מען האָט געבערענגט אַ ספר־תורה פון דער שול, ווו זיידען דער דענטיסט איז געווען גבאי, און דער מנין „יד־חרוצים״ איז געווען אַ פאַרטיקע זאַך. אין אָנהייב זענען ווייניק מענטשן געקומען שבת צום דאַווענען. צו ביסלעך אָבער האָט דער מנין זיך פאַרגרעסערט און געוואָרן אַ „טייל״ פון מעליצער שטייגער.

אַטלאַס, דער אַדוואָקאַט און גרינדער פון האַנטווערקער־פאַראיין, איז צום דאַווענען שבת נישט געקומען. ער האָט זיך געפירט, ווי זיינע קאָלעגן, די יידישע אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים און אַנדערע יידישע אינטעליגענץ, וועלכע פלעגן קומען דאַווענען אין שול נאָר ראש־השנה און יום־כיפור. פלוצלינג, אין אַ פשוטן שבת אין דער פרי, איז אַטלאַס געקומען דאַווענען אין מנין פון „יד חרוצים״, אַלע האָבן געמיינט: אַ יאָרצייט. מען האָט אים פאַרבעטן אויף אַ מזרח־שטאָט, געגעבן אים אַ טלית און ביים לייענען אין דער תורה אויפגערופן צו אַן עליה. אָבער ווען ער האָט געדאַרפט מאַכן די ברכה, איז ער געבליבן שטיין ווי אַ תנא־באַרטעק, און נישט געוווסט וואָס צו זאָגן. לסוף האָט ער אַ זאָג געטאָן אויף פויליש: „טוט דאָס פאַר מיר״! האָט נפהלטשע האַרוויץ דער בעל־קורא געמאַכט פאַר אים די ברכה

און ממשיך געווען דאָס לייענען. געקומען צום מאַכן דעם „מי שברך", האָט ער אים געפרעגט:

— צאָ פאַן מעצענאַס מענאַדרויע? האָט אַטלאַס מיט שטאָלץ געענט־פערט אויף פויליש:

— אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט פאַרן קלוב „יד־חרוצים". האָבן אַלע אַרום זיך פאַרוואונדערט און געשמייכלט: מסתמא אַ טעות פון בעל־קורא אָדער גאָר אַ שפּאַס פון דעם אַדוואָקאַט, וועלכער וויל זיך מאַכן וויכטיק. ווייל ווער אין מעליץ האָט דאָס אין יענער צייט געהאַט אַ ראַדיאָ? סיידן אַ גוייִשער פריץ אָדער אַ ייִדישער גביר פון דער מאָדערנער וועלט, אַ דאָקטער, אָבער אַ ראַדיאָ פאַרן „יד־חרוצים"? דאָס איז עפּעס נישט אָנצונעמען מיטן שכל. אָבער נאָכן פאַרענדיקן דאָס דאַווענען האָט פישל טולפער דער גבאי אַ קלאַפּ געטאָן אין שולחן און אויסגערופן:

— כל הקהל ווערט געבעטן קומען מוצאי־שבת אין „יד־חרוצים" הערן ראַדיאָ!

בליץ־שנעל האָט דאָס נייעס וועגן דעם ראַדיאָ זיך פאַרשפּרייט אין שטעטל און מוצאי־שבת, באַלד נאָך הבדלה, איז צונויפגעקומען זיך אַ נייגעריקער עולם צו הערן די נייעס פון ראַדיאָ. און דאָס ערשטע מאָל איז אין יענעם מוצאי־שבת דאָס מנין פון „יד־חרוצים" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלוב, ווי דער אדוואָקאַט אַטלאַס האָט דאָס פאָרגעלייגטביים שאַפן דעם האַנטווערקער־פאַראיין. היינט איז דאָס פאַרווירקלעכט געוואָרן. מען האָט פאַרהאָנגען דעם אָרן־קודש, אַוועקגעשטעלט פון פאָרנט די קליינע רונדע טישלעך פאַר די חשובע געסט, אַטלאַס און זיינע פריינד פון דער מעליצער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן געדאַרפט קומען צו דער ראַדיאָ־אוידיציע.

דערווייל האָט דער עולם זיך געזאַמלט, געשמועסט צווישן זיך וועגן דער וועלט־פּאָליטיק, וואָס די בלעטער שרייבן איבער דער לאַגע אין דייטשלאַנד, ווו אַ באַנדע פאַשיסטן, אָנגעפירט דורך דעם שונא־ישראל, היטלער ימח־שמו, וויל פאַרכאַפּן די מאַכט.

אַנדערע פון די פאַרזאַמלטע האָבן געשמועסט וועגן דער שטעטלדיקער מחלוקת צווישן מעליצער און באָרוועך רב, אָדער גאָר דערציילט מעשיות

וועגן די מעליצער גבירים און סתם ייִדן. ביז עס איז אַריינגעקומען דן קליינמאַן, ליבער ברענערס איידעם, באַקאַנט מיטן נאָמען „שמוי־פוי", וועלכן די מעליצער חוזק־מאַכער און לצים פלעגן אָנציִען און מאַכן פון אים דאָס געלעכטער.

געהאַנדלט האָט „שמוי־פוי" מיט ראָווערן און דערפאַר איז ער געווען אַ שונא פון אפרים זעמעל, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט מאַשינען און פאַרקויפט ראָווערן צו קאָנקורענץ־פּרייזן. דערצו איז אפרים זעמעל געווען גבאי אין דער „מויער", ווו „שמוי־פוי" האָט געדאַוונט און ליב געהאַט דאָס „ברעטל", צו ווייזן זיינע קענטעניש ביים דאַווענען פאַרן עמוד. דאָס האָט אפרים זעמעל דווקא נישט פאַרטראָגן, און היינטיקן שבת געשטעלט אַן אַנדערן בעל־תפילה פאַרן עמוד. דאָס האָט „שמוי־פוי" שטאַרק פאַרדראָסן און נאָך דעם פאַרענדיקן דאָס דאַווענען האָט ער אַ שאָט געטאָן מיט זידל־ווערטער קעגן אפרים זעמעל.

איצט, ווען דן „שמוי־פוי" איז אַריינגעקומען אין לאָקאַל פון „יד־חרוצים" צו הערן ראַדיאָ, האָבן די מעליצער לצים אָנגעהויבן אים אָנציִען קעגן אפרים זעמעל, אַז נישט געגוג, וואָס ער שטערט אים אין האַנדל, לאָזט ער אים אויך נישט צו צום עמוד. דערביי האָבן זיי אים געוואָלט איינ־שמועסן, אַז דאָס האָט אפרים זעמעל געטאָן מצד ר' מענדעלע דעם מעליצער רב דערפאַר, ווייל ער האַלט מיט ר' לאָזערל דעם באָרווער רב.

„שמוי־פוי" האָט דן אויסגעהערט און אַ בייזן ברום געטאָן אויף הסכמה, איז דאָס אָבער ווייניק געווען פאַר די מעליצער לצים און זיי האָבן ממשיך געווען מיט שאַרפערע „שפּילקעס" ביז „שמוי־פוי" איז אַריין אין כעס און גענומען זידלען אויפן קול דעם מעליצער רב און אפרים זעמעל און אויסגערעדט אויף זיי אסור לדבר. די מענטשן אַרום האָבן זיך געשיט פון געלעכטער ביז עס האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל פון די ראַדיאָ־נייעס.

דערהערט דעם ראַדיאָ־סיגנאַל האָבן די פאַרזאַמלטע נייגעריק אונ־טערגעשטעלט די אויערן, כדי צו הערן וועגן דער מפּלה פון היטלערן, דעם שונא־ישראל. אָבער צווישן אַנדערע נייעסן האָט זיך פון ראַדיאָ דערהערט: דער רייכסטאַג אין בערלין שטייט אין פלאַמען.

אַלע אַרום זענען געוואָרן ערנסט. מען האָט דערפילט, אַז קיין גוטס פאַר ייִדן וועט דאָס נישט ברענגען.

# ערב דעם מלחמה־אויסבּרוך

נאָכן סיורפּריז מיטן ראַדיאָ־אַפּאַראַט אין לאָקאַל פונעם האַנטווערקער־פאַראיין „יד־חרוצים" האָט אויך לייבעלע שטרויס געקויפט אַ ראַדיאָ און אים אַוועקגעשטעלט אין זיין בודקע אין מיטן פון מאַרק, ווו ער האָט געהאַט צו פאַרקויפן פּאַפּיראָסן און אויך צייטונגען — און פול איז געוואָרן אַרום פון מענטשן, נייגעריקע צו הערן מוזיק און די נייעסן פון לאַנד און אויסלאַנד.

אָוונטצייט נאָך מנחה־מעריב זענען זיך אַהין צונויפגעקומען בעלי־בתים פון שטעטל, געקויפט פּאַפּיראָסן און אויסגעהערט די פּאָליטישע נייעס פון דער וועלט, וואָס זענען געוואָרן אַלץ מער געשפּאַנט צוליב דער פאַשיסטישער דיקטאַטור אין איטאַליע און דער נאַצישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. אויסגעהערט די נייעסן, האָבן זיי זיך געשטעלט אין רעדלעך איבערשמועסן דעם אינהאַלט, אויסטייטשן און דיסקוטירן צווישן זיך וועגן דעם ביז אין די שפּעטע אָוונטן.

שפּעטער אָבער האָבן מעליצער ייִדן ווייניקער צייט געהאַט צו שמועסן וועגן פּאָליטיק און דיסקוטירן אין די רעדלעך פון מאַרק, ווייל וואָס שאַרפער ס'איז געוואָרן די לאַגע, אַלץ מער האָט די פּוילישע רעגירונג צוגעאיילט דאָס בויען די פאַבריקן פון „צ.אָ.פּ." אין דער אַרומיקער געגנט און אויך די שלאָסער־וואַרשטאַטן הינטערן שטעטל אויסצואַרבעטן טיילן צו קריגס־אַוויאָנען און מאָנטירן זיי פאַר דער פּוילישער־אַרמיי. אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן זענען געווען באַשעפטיקט אַ סך אַרבעטער פון דער פרעמד און פון די דערפער אַרום, וועלכע האָבן פאַרן פאַרדינטן געלט אָנגעהויבן אַלץ מער צו קויפן אין די ייִדישע געשעפטן. דאָס לייזונג אין די ייִדישע געשעפטן און די אַרבעט ביי די בעלי־מלאכות איז שטאַרקער געוואָרן און די מעליצער יידן האָבן נישט געהאַט קיין צייט אַרומצוקוקן זיך וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. זיי האָבן נישט געפילט ווי אַלץ רוקט זיך צום שלעכטן.

אָבער אַז עס האָבן אָנגעהויבן קומען די ידיעות וועגן די רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד, האָבן מעליצער יידןווידער זיך גענומען זאַמלען אַרום דער בודקע אין מאַרק, כדי צו הערן די טרויעריקע נייעס, ווידער געשטעלט זיך אין רעדלעך איבערצושמועסן דאָס אַלץ און דיסקוטירן. אָבער צוגע־ווינט צו צרות, האָבן זיי ווידער פאַרנומען זיך מיטן האַנדל, און מיט דעם איבריקן — פאַרלאָזט זיך אויף גאָט — ער וועט שוין שיקן אַ הילף פאַר ייִדן. הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל!

די פאַרשאַרפונג פון דער פּאָליטישער לאַגע אין דער וועלט מיט דער פאָדערונג פון היטלערן אָנצושליסן דעם דאַנציקער פּאָרט צום דייטשן רייך צוזאַמען מיט אַ שטיק פון פּאָמערן האָט געשאַפן אַ מלחמה שטימונג, וואָס האָט אויפגעטרייסלט אויך די ייִדן אין מעליץ. זיי האָבן געהערט אין ראַדיאָ די גיפטיקע רעדעס פונעם נאַצישן פירער און זיי זענען געקומען צום אויספיר, אַז ס׳גלייכסטע וואָלט געווען איינפּאַקן די פּעקלעך און פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אָבער אין פאַרגלייך צו די אַנדערע שטעטלעך אין דער געגנט, ווי דזשיקעוו, ראַזוואַדאָוו, דעמביץ און ראַדאָמישלע, זענען פון מעליץ זייער ווייניק ייִדן געפאָרן קיין ארץ־ישראל. אין מעליץ איז געווען אַ שטאַרקע ציוניסטישע באַוועגונג מיט אַקציעס פאַר „קרן קיימת", „קרן היסוד" און אַנדערע ציוניסטישע פאָנדן; געווען ציוניסטישע פאַראיינען מיט אַ לעב־האַפטן אָנטייל פון דער יוגנט, וואָס איז געקומען אַהין הערן רעפעראַטן, פאָרלעזונגען און שמועסן וועגן דעם נאַציאָנאַלן אויפבוי פון אַ יידישער מדינה. געווען אפילו חלוצים, וועלכע זענען געפאָרן אויף הכשרה און עטלעכע פון זיי זענען אַוועק קיין ארץ־ישראל, באַגלייט ביי דער באַן־סטאַציע מיט ציוניסטישע לידער און מיט אַ האָרא־טאַנץ, אָבער געווען איז דאָס פון די זעלטענע זאַכן. די מערהייט פון דער מעליצער יוגנט האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט צו עמיגרירן אין די לענדער פון מאַטעריעלן וווּיל־שטאַנד, ווו זיי האָבן געהאַט קרובים אָדער באַקאַנטע, וועלכע האָבן זיך דאָרט אויפגעאַרבעט און געשיקט אַהער שטיצע פאַר זייערע נאָענטע און אָפט אויך שיפסקאַרטן. אַחוץ דעם האָבן אַ סך פון דער מעליצער יוגנט גענומען אַ ביישפּיל פון די ציוניסטישע פירער אין שטעטל, וועלכע האָבן

געהאַלטן שיינע רעדעס וועגן דער אויפריכטונג פון אַ נאַציאָנאַלער ייִדישער היים אין ארץ־ישראל, וועגן דער נויטיקייט צו פאָרן בויען דאָס לאַנד, אָבער אַליין האָבן זיי געזוכט אַ מעגלעכקייט דאָ זיך איינצואָרדענען. אויסער דעם איז מעליק פון תמיד אָן געווען אַ פרום שטעטל. די רבנים און גוטע־ייִדן האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער ציוניסטישער באַוועגונג און אַלץ געטאָן צו שטערן דאָס פאָרן קיין ארץ־ישראל, און הגם דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט אין מעליץ איז שוין געווען ווייט אַוועק פון דער פרום־חסידישער וועלט, אָבער די השפעה פון זייערע עלטערן נישט צו דערלאָזן פאָרן זייערע קינדער קיין ארץ־ישראל איז נאָך אַלץ געווען גענוג שטאַרק.

ווען ס׳האָט זיך פאַרשאַרפט די פּאָליטישע לאַגע, האָבן די ייִדן אין מעליץ זיך דערמאָנט אין ארץ־ישראל. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט, ווייל אויף באַקומען אַ „סערטיפיקאַט" האָט מען געדאַרפט האָבן גרויס פּראָטעקציע און צו פאָרן זעלבשטענדיק זענען די מעליצער פאַרמעגלעכע ייִדן נישט געווען פּסיכאָלאָגיש צוגעגרייט. זיי האָבן נאָך געהאָפט אַז אַלץ וועט, מיט השם יתברכס הילף אַדורך בשלום, און צו קיין מלחמה וועט נישט קומען. די רבניים, צו וועלכע ייִדן זענען געפאָרן מיט קוויטלעך, האָבן באַרויִקט: צו קיין מלחמה וועט נישט קומען, סיידן די מלחמה פון גוג־ומגוג פאַרן קומען פונעם הייליקן מלך המשיח. דער סטיטשינער רב האָט אַפילו אויסגערעכנט לויטן הייליקן ספר דניאל, אַז אין שנת תש״א, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף דער צווייטער העלפט ניינצן ניין און דרייסיק וועט קומען דער מלך המשיח. נאָך אַ באַווייז, אַז משיח וועט קומען אין דעם יאָר, איז דער פּסוק אין דער הייליקער תורה „כי תשא את ראש בני ישראל", און „תשא" איז דאָך דאָס יאָר תש״א.

דערווייל איז אַלץ געגאַנגען צום ערגערן. עס האָבן זיך געשטאַרקט די מלחמה־שטימונג און אויך דער אַנטיסעמיטיזם; די גויים אין שטעטל האָבן נישט אויפגעהערט רעדן, אַז די ייִדן פירן צו דער מלחמה, אַז די אינטער־נאַציאָנאַלע זשידאָ־קאָמונע ברענגט דערצו. מען דאַרף טוען מיט די ייִדן אין פּוילן אַזוי ווי היטלער טוט מיט זיי אין דייטשלאַנד. זיי האָבן אַלץ מער געשריגן: „זשידזיע, היטלער נאַ וואַס אידזיע"! — ווי די גאַנצע שווערע לאַגע וואָלט גאָר נישט געהאַט קיין שייכות מיט דער פּוילישער מדינה

נאָר בלויז מיט די ייִדן. אין שטעטל האָט זיך געשטאַרקט פּאָגראָם־שטימונג. די פּויערים פון דער געגנט האָבן שוין אַפילו געגרייט זעק און כלים אַריינ־צונעמען דאָס יידישע האָב־און־גוטס בעת דעם קומענדיקן פּאָגראָם. די שקצים האָבן אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אויף ייִדן און עטלעכע טעג פאַר דער מלחמה איז פון אַזאַ שטיין אומגעקומען יאָסל קאַרנס זון, וועלכער האָט געאַרבעט אין באַנק האַנדלאָווי. דער טויט פון דעם יידישן ייִנגל האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אין שטעטל און עס זענען געווען יידן, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז שוין גלייכער אַ מלחמה מיט די דייטשן איידער אַ פּוילישער פּאָגראָם אויף ייִדן.

אָבער טראָץ דעם אַלעם האָבן מעליצער ייִדן ווייטער זיך פאַרנומען מיט מסחר, וואָס האָט זיך געשטאַרקט מיט דער מורא פאַר דער קומענדיקער מלחמה. די פּויערים האָבן איצט פאַר זייערע פּראָדוקטן באַקומען גרעסערע פּרייזן און דאָס געלט האָבן זיי אויסגעגעבן אין די ייִדישע געשעפטן און קראָמען, זיך באַזאָרגט מיט די נייטיקע זאַכן אין פאַל פון אַ מלחמה. די מעליצער ייִדן זענען פאַרנומען געווען מיטן לייזונג אין די געשעפטן און קראָמען און נישט געזען ווי די צייט ברענט מיט מלחמה־צוגרייטונגען: די פּלאַקאַטן, וואָס ווערן געקלעפּט איבער די הייזער, ווי אַזוי צו שיצן זיך קעגן די גיפטגאַזן, ווי אַזוי צו קלעפּן פּאַפּירענע שטרייפן איבער די שויבן, זיי זאָלן נישט פּלאַצן בעת אַ באָמבאַרדירונג. ייִדן האָבן ווייטער געהאָפט, אַז ס'וועט צו קיין מלחמה נישט קומען, אַ באַווייז, אַז זומערצייט, אַפילו שוין גאָר שפּעט, זענען רבנים און גוטע־ייִדן נאָך געפאָרן קיין קריניץ, געזעסן דאָרט אויף דער פרישער לופט און באַרויִקט זייערע חסידים, אַז קיין מלחמה וועט נישט זיין.

ביז עס איז געקומען דער פרייטיק פון ערשטן סעפּטעמבער ניינצן ניין און דרייסיק. פאַר מיטאָג האָט פּלוצלונג זיך דערהערט אַ גערויש פון פליִענדיקע אַוויאָנען. אַ טייל מענטשן אין מאַרק האָבן זיך דערשראָקן און גענומען לויפן, אָבער אַנדערע האָבן געלאַכט פון זיי מיט חוזק: „וואָס איז די שרעק? דאָס זענען דאָך בלויז „מאַנעווורעס" פון די פּוילישע פליִער אויסצופּרוּוון די אַוויאָנען, וואָס ווערן דאָ מאָנטירט אין די וואַרשטאַטן פון „צ. אָ. פּ."! ווי נאָר ס'איז פאַרשוווּנדן דאָס גערויש פון די אַדורכפליִענדיקע

אַוויאָנען האָבן אַלע זיך באַרויִקט. די סוחרים און קרעמער האָבן ווידער זיך פאַרנומען מיט זייערע קליִענטן, די בעלי־מלאכות — מיט זייער אַרבעט און די ווייבער — מיטן צוגרייטן די מאכלים לכבוד שבת, ווי גאָרנישט וואָלט געטראָפן.

מיטאָגצייט האָט, ווי יעדן פרייטיק זיך דערהערט אַ צעצויגענער פייף איבערן דאַך פון דער באָד — אַ סימן, אַז די שוויץ איז פאַרטיק. ייִדן האָבן גענומען אָנקומען פון אַלע זייטן מיט די בעזעמלעך אין די הענט, מיט אַ ריין העמד אונטערן אָרעם ביז די באָד איז פול געוואָרן מיט געטומל, ווי יעדן פרייטיק אין דער צייט.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער יאָמער פון די סירענעס איבערן דאַך פון מאַגיסטראַט און פון דער הויכער גימנאַזיע־געביידע, און באַלד דערנאָך אַ שטאַרק גערויש פון פליִענדיקע אַוויאָנען און אַ שיסערייַ פון זעניט־האַרמאַטן. אין באָד איז געוואָרן אַ פּאַניק. מיט שרעק האָבן ייִדן געכאַפּט אויף זיך די מלבושים און מיט נאַסע באָרד־און־פּיאות געלאָפן איבער די געסלעך אַהיים.

אויך אין מאַרק איז דער טומל געוואָרן גרויס מיט שרעק. סוחרים און קרעמער האָבן פאַרקלאַפּט טיר־און־לאָדנס פון זייערע געשעפטן און קראָמען, די מאַרקשטייערס האָבן מיט בהלה געכאַפּט די סחורה פון די לאָווקעס און טישלעך און אײדער וואָס־ווען, איז דער מאַרק ליידיק געוואָרן פון מענטשן. ווי נאָר עס איז פאַרשווונדן דאָס גערויש פון די אַוויאָנען און דאָס פייפן פון די סירענעס, האָט זיך דערהערט אַ פויקן פונעם פּאָליציאַנט, וואָס איז געקומען פון מאַגיסטראַט צום מאַרק מיט שרייענדיקע אויסרופן: „וויכטיקע נייעס! וויכטיקע נייעס״! מענטשן זענען זיך צונויפגעלאָפן הערן און געשטעלט זיך אַרום אין אַ גרויסן רעדל.

פאַרענדיקט דאָס קלאַפּן אין פויק האָט דער פּאָליציאַנט אַרויסגענומען אַ געשריבן פּאַפּיר און אָנגעהויבן לייענען, קודם־כל — וועגן אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע. אַלע מיליטער־פליכטיקע זאָלן באַלד זיך שטעלן אין זייערע מיליטערישע איינהייטן. דאַן האָט ער גענומען לייענען וועגן דעם אויסנאַם־צושטאַנד פון מלחמה־צייט: נישט אָנצינדן אָוונטצייט קיין ליכט אין די שטובן, פאַרקלעפּן די שויבן מיט פּאַפּירענע פּאַסן, האָבן גרייט

זעק אָדער שמאַטעס צום באַנעצן און אַרומלייגן די שפּאַרונעס פון טיר און פענצטער קעגן די גיפט־גאַזן, און נאָך אַנדערע זאַכן, פאַרבונדן מיט דער מלחמה. פּלוצלונג האָט זיך ווידער דערהערט אַן אַלאַרם פון די סירענעס און גלייכצייטיק אַ שטאַרקער רויש פון אַנפליִענדיקע אַוויאָנען, און דאָס מאָל — מיט עטלעכע שטאַרקע אויפרייסן פון באָמבעס אַזש די ערד האָט געציטערט.

פון די געפאַלענע באָמבעס אויף דער באַן־סטאַציע איז אויסגעבראָכן אַ שריפה אינעם מאַגאַזין, ווו עס האָבן זיך געפונען זאַפּאַסן נאַפט, בענזין, סמאָלע און אַנדערע ברענשטאָפן. אַ געדיכטער שוואַרצער רויך האָט זיך געטראָגן מיטן ווינט אין דער זייט פון שטעטל.

דערזען דעם רויך, זענען אַ סך מענטשן געווען זיכער, אַז אָט קומען אָן די גיפטיקע גאַזן. מיט ציטערנדיקע הענט האָט מען געלייגט די נאַסע שמאַטעס און זעק אַרום די שפּאַרונעס פון טירן און פענצטער און אויף גיך געכאַפּט די וואַטע צום מויל, כדי נישט אַריינצואָטעמען, חלילה, דעם גיפט פון די גאַזן.

אין צווישן איז צוגעפאַלן די שקיעה פון פרייטיק פאַר נאַכט מיטן זמן פון צינדן די ליכט לכבוד שבת און נאָך שווערער איז געוואָרן דאָס געמיט פון די ייִדן אין שטעטל, און גרויס איז געוואָרן די פאַרלעגנהייט מיטן צינדן ליכט. דער דייטשער שונא קאָן זיי דערזען און וואַרפן באָמבעס. האָבן ייִדן פאַרשטעלט די פענצטער און טירן מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט, אַז קיין שטראַל האָט זיך נישט געזען פון קיין פענצטער און טונקל איז געוואָרן אַרום. טונקל איז אויך געווען אין דער שול און אין די בתי־מדרשים, וואָס זענען געשטאַנען ווי פאַריתומט. קיין ייִד האָט נישט געוואַגט אַרויסגיין פון שטוב צום דאַווענען און אויך נישט צו די רבנישע שבתדיקע טישן.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון פליִענדיקע אַוויאָנען און באַלד דערנאָך שטאַרקע אויפרייסן. דאָס מאָל איבער די שלאָסער־וואַרשטאַטן פון „צ.אָ.פּ.״ די הייזער אין שטעטל האָבן געציטערט. ווידער האָבן ייִדן נישט געקאָנט גיין צום דאַווענען און דער שבת איז געוואָרן צעשטערט.

# געקומען די מלחמה

נאָך די באָמבאַרדירונגען פרייטיק און שבת אין דער פרי זענען מער קיין באָמבאַרדירונגען אין מעליץ נישט פאָרגעקומען. בלויז אַ גערויש פון אַוויאָנען האָט זיך געהערט פון צייט צו צייט. שפּעטער האָט דאָס אויך אויפגעהערט.

אַז דער זונטיק איז אַריבער שטיל, האָבן ייִדן מאָנטיק אין דער פרי זיך געפּעדערט צו דאַווענען מיט מנין אין דער „מויער". שפּעטער זענען זיי אַרויס צום מאַרק הערן פון ראַדיאָ נייעס וועגן דער אויסגעבראָכענער מלחמה. אָבער פון ראַדיאָ האָט מען געהערט בלויז פאַרשידענע סיגנאַלן פון מיליטערישן כאַראַקטער און דערפון האָט מ׳ען גאָרנישט געקאָנט וויסן.

פאַרשידענע קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפּרייט אין שטעטל וועגן דער מלחמה. ערשטנס, אַז באַלד ווי די דייטשן האָבן אָנגעהויבן די מלחמה קעגן פּוילן, האָט פראַנקרייך אָנגעגריפן דייטשלאַנד פון איר מאַזשינאָ־ליניע. אַ באַווייז דערצו — עס האָבן אויפגעהערט די באָמבאַרדירונגען פון די דייטשע אַוויאָנען. זיי זענען איצט פאַרנומען אין קאַמף מיט פראַנקרייך. די צווייטע שמועה איז געווען: דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד, וואָס האָט נאָר געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו געבן אַ טויטקלאַפּ איר גרעסטן שונא, היטלער־דייטשלאַנד, האָט אויסגענוצט די סיטואַציע און אָנגעהויבן די מלחמה קעגן דייטשן שונא. דעריבער איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. איינס־צוויי — און אויס מלחמה!

שמועסנדיק אַזוי צווישן זיך וועגן די פאַרשידענע ווערסיעס, האָבן די ייִדן אין מאַרק דערזען עטלעכע אויטאָס אָנקומען פון דער הויווישער גאַס. זיי זענען גיך דורכגעפאָרן דעם וועג פון מאַרק צו דער באַנגאַס און געפּרעגט זיך, ווו מ׳קאָן קויפן בענזין פאַר די אויטאָס. לויט די מעדאַלן אויף די מיליטערישע מונדירן האָט מען געקאָנט זען, אַז דאָס זענען וויכטיקע שישקעס. ייִדן האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס אַזעלכע לייט האָבן צו טאָן אין מעליץ בעת אַ מלחמה ביי דער דייטשער גרענעץ. נישט

אַנדערש, נאָר זיי פאָרן אַקעגן דער רויטער אַרמיי, וועלכע דערנענטערט זיך אַהער.

צו מאָרגנס זענען דורכן מעליצער מאַרק דורכגעפאָרן אַ גרעסערע צאָל אויטאָס, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען מיליטערלייט צוזאַמען מיט ציווילע מענטשן, אויך פרויען און קינדער. דאָס איז פאַר די מעליצער ייִדן שוין גאָר נישט געווען צו פאַרשטיין: ווי קומען דאָס אין מיטן דרינען ווייבער מיט קינדער?

ערשט אָוונטצייט, ווען ווידער זענען דורכגעפאָרן עטלעכע אויטאָס מיט מענטשן דורכן מאַרק און איינער פון זיי האָט זיך פאַרהאַלטן צו פרעגן ווו מען קאָן קויפן בענזין, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די דייטשע אַרמיי האָט דורכגעבראָכן די גרענעץ און פאַרנעמט שטאָט נאָך שטאָט פון אויבערשלעזיע.

אַריבער איז נאָך אַ טאָג, און דער וועג איבערן מאַרק איז פול געוואָרן שוין מיט אויטאָס, געפּאַקטע מיט מענטשן, וועלכע זענען געלאָפן צו דער זייט פון מזרח, כדי וואָס נענטער צו זיין צו דער רוסישער גרענעץ.

געזען די „שלאָגנזאַקעס" אַנטלויפן, האָבן מעליצער ייִדן לכתחילה געהאַט אַ שטיקל נקמה אין די אַנטיסעמיטן: זאָלן זיי אויך וויסן דעם ייִדישן טעם פון וואַנדערן און שלעפּן זיך איבער פרעמדע וועגן, ווי מיר אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער מיט יעדן טאָג האָבן זיך באַוויזן אַלץ מער לויפנדיקע ייִדן, צו ערשט פון דער שטאָט קאַטאָוויץ אין שלעזיע מיט די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, דאַן פון ביליץ און ביאַלע און שפּעטער — ייִדן פון דער גאַליצישער געגנט פון יענער זייט קראָקע.

דאָך האָבן נאָך מעליצער ייִדן געקלערט, אַז דאָס מיינט מען נישט זיי, ווייל ווען דער דייטש וועט קומען צו דער קראָקעווער געגנט לעבן דער ווייסל, וועט די פּוילישע אַרמיי צונויפנעמען די כוחות און שטעלן אַ ווי־דערשטאַנד, ביז די רויטע אַרמיי וועט אָנקומען זיי העלפן און צוזאַמען מיט די רוסישע כוחות פאַרטרייבן די היטלעריסטישע דייטשן. אין צווישן וועט פראַנקרייך צוזאַמען מיט אירע פאַרבינדעטע אין אייראָפּע שלאָגן די דייטשן אין דער צווייטער זייט, אויפן מערבדיקן פראָנט.

אָבער ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אין מעליץ ייִדן פון דער

שטאָט קראָקע און פון נאָך נענטערע שטעט אין גאַליציע, האָבן מעליצער יידן זיך איינגעבראָכן, געזען, אַז די מפּלה פון פוילן איז נאָענט און אויך גענומען קלערן וועגן אַנטלויפן.

קודם האָבן דאָס געטאָן די יונגע־לייט, וועלכע זענען אָנגעזאָפּט געווען מיט קאָמוניסטישן גייסט און געגאַרט וואָס גיכער צו קומען אין סאָוויעטישן גן־עדן. זיי זענען געווען זיכער, אַז מען וועט זיי דאָרט אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס און גרויס כבוד. דאַן זענען אַנטלאָפן אַ טייל יידן, וועלכע האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע אַ לאַסטאויטאָ אָדער אייגענע פערד־און־וואָגן. די איבעריקע יידן אין מעליץ האָבן זיך נאָך אַלץ געקווענקלט וואָס צו טאָן און נישט געקאָנט באַשליסן. אין צווישן האָט זיך געשטאַרקט די כוואַליע פון די אַנטלויפנדיקע איבערן שטעטל. שוין נישט מיט לאַסט־אויטאָס און אויטאָבוסן פון דער שטאָטישער קאָמוניקאַציע, נאָר מיט וועגענער געשפּאַנט מיט פערד. אַ סך זענען געלאָפן צו פוס מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס און קינדער אין די וועגעלעך, וועלכע האָבן געבעטן אַ ביסל וואַסער צום טרינקען. די זון האָט געברענט צום סוף זומער ווי אין די הייסע טעג פון תמוז, געמאַכט די לויפנדיקע מיד און דורשטיק, און אין די ברונעמס אויפן וועג האָט שוין אויסגעפעלט וואַסער. מעליצער יידן האָבן זיך געשטעלט אין גאַס מיט עמערס וואַסער פאַר די דורשטיקע און אויך ברויט פאַר די הונגעריקע, אָבער קליין איז געווען די מעגלעכקייט פון די מעליצער יידן צו באַשפּייזן אַזאַ גרויסע מאַסע הונגעריקע און דורשטיקע.

אַ טייל פון די לויפנדיקע, מיט אָפּגעריבענע ווונדן אויף די פיס, זענען נישט אין שטאַנד געווען ווייטער צו גיין, האָבן מעליצער יידן גע־האָלפן זיי מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט. ס׳ערשטע האָט מען געעפנט די באָד, כדי די פּליטים זאָלן האָבן וואַרעם וואַסער פאַר די ווונדן פון די פיס און אויך, אַ שטענדיקן פּלאַץ צום אָפּרוען זיך. אַז די באָד איז שוין פול געווען מיט די דאָזיקע מידע פּליטים און אויך דאָס הויז פון הכנסת אורחים, האָט מען געעפנט די בתי־מדרשים אַרום דעם שולפּלאַץ און די פרעמדע יידן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען ליגנדיק אויף די בענק און טישן.

אַ סך מעליצער האָבן אויך גענומען צום נעכטיקן די לויפּנדיקע ייִדן אין די אייגענע שטובן. פון די דאָזיקע מענטשן האָבן זיי געהערט, וואָס עס קומט פאָר אויף די וועגן, ווי אַזוי אַ סך פון זיי זענען אַרויסגעפּאָרן פון זייערע שטעט און שטעטלעך מיט לאַסטאויטאָס, אויפן וועג אָבער זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך פּוילישע אָפיצירן און זעלנער, וועלכע האָבן די לאָקאָמאַציע־מיטלען צוגענומען פאַר זיך און זיי אַליין האָבן געמוזט זיך שלעפּן צו פוס. אַז אָך און ווי איז צו אַזאַ אַרמיי, וואָס אַנטלויפט פון די פראָנטן אין אומאָרדענונג און דערצו באַפאַלן זיי מענטשן און נעמען פון זיי אַוועק דאָס לעצטע, וואָס זיי פאַרמאָגן!

אויב אַזוי — האָבן מעליצער ייִדן געקלערט — צו וואָס זשע פאַר־לאָזן די אייגענע שטוב און שלעפּן זיך אין אַזעלכע ביטערע באַדינגונגען אויף פרעמדע פעגן? דערצו נאָך, ווייסט מען נישט, וואָס עס וועט ווייטער זיין מיט די אַנטלויפנדיקע ייִדן אין דער געגנט פון אוקראַיִנע לעבן דער רוסישער גרענעץ. יענע דאָרט זענען גרויסע שונאי־ישראל, פּאָגראָמשטשי־קעס נאָך פון כמיעלניצקיס צייטן. וואָס קאָן מען שוין פון זיי דערוואַרטן? איז גלייכער בלייבן אין שטוב, ווו מ׳האָט לכל הפּחות, ווו דעם קאָפּ אַוועק־צולייגן. אַיי, וואָס וועט ווייטער זיין? — האָבן מיר דאָך אַ גרויסן גאָט!

דערווייל האָט אַלץ מער זיך געשטאַרקט די כוואַליע פון דער מענטשן־מאַסע און אויסגעמישט זיך מיט די אַנטלויפנדיקע זעלנער, וועלכע האָבן ערגעץ־ווו אַוועקגעוואָרפן זייער געווער און אויך די מיליטערישע היטלעך, כדי נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן צווישן די ציווילע מענטשן.

צווישן דער פליסיקער מענטשן־מאַסע האָט אַלץ מער זיך אָנגעזען דער מיליטערישער שטראָם ביז דאָס אַנטלויפנדיקע פּוילישע מיליטער האָט פאַרנומען דעם הויפּטוועג איבערן מאַרק מיט זיינע לאַסטאויטאָס, האַרמאַטן, אָבאָזן און צעשאָטענע מיליטערישע איינהייטן, וועלכע האָבן מיד און מאַט זיך געשלעפּט צו פוס צווישן די רייטנדיקע אולאַנער אויף פערד — צו מזרח, וואָס נענטער צו דער רוסישער גרענעץ, ווו זיי האָבן געהאָפט צו באַקומען שוץ קעגן דער אָנגרייפנדיקער דייטשער אַרמיי.

די מעליצער ייִדן האָבן זיך געוווּנדערט: אַזאַ מיליטערישער כוח זאָל זיך נישט קעגנשטעלן די דייטשן? ס׳איז נישט צו פאַרשטיין מיטן שכל.

ערשט פאַרנאַכט האָבן די ייִדן געזען די גבורה פון די פּוילישע אָפיצירן מיט זייערע זעלנער. אַ באַנדע אָרטיקע שקצים האָבן אָנגעוויזן וועלכע שענקען אין מאַרק עס געהערן צו די זשידעס. די זעלנער האָבן זיי אויפ־געריסן, אָנגעטרונקען זיך מיט בראָנפן ביז שכרות און דאַן געוואָרפן זיך אויף עטלעכע ייִדישע שפּייזגעשעפטן, אויפגעריסן זיי און געכאַפּט פון דער סחורה וואָס נאָר עס איז זיי געקומען אונטער די רויבערישע לאַפּעס. ווי ווילדע חיות, וואָס שפּירן בלוט פון דער ווייטנס, אַזוי האָבן די כולי־גאַנעס פון שטעטל דערשפּירט דעם רויב, צונויפגעלאָפן זיך פון אַלע זייטן און פאַרענדיקט דאָס, וואָס זייערע גיבורים האָבן אָנגעהויבן — נישט איבערגעלאָזט קיין ברעקל פונעם ייִדישן פאַרמעגן אין די צעראַבירטע געשעפטן. מי יודע, וועלכע נאָך גרויסע גבורות די פּוילישע אָפיצירן וואָלטן געוויזן אין ייִדישן שטעטל, ווען נישט דער עכאָ פון עטלעכע האַרמאַטן־שאָסן פון דער דייטשע ראַרמיי, וואָס האָט אַלץ מער זיך דער־נענטערט אַהער. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ פּחד און זיי זענען אַנטלאָפן ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט.

צו מאָרגנס פריִיטיק פאַר נאַכט האָט זיך ווידער געהערט אַ קאַנאָנאַדע פון דייטשע האַרמאַטן איבערן שטעטל, נאָך אַ שאַרפערע ווי די נעכטיקע — אַ סימן, אַז די דייטשע אַרמיי געפינט זיך שוין נישט ווייט פון שטעטל. באַלד נאָך דעם איז די מענטשן־כוואַליע איבערן מעליצער מאַרק מיט אַ מאָל איבערגעריסן געוואָרן, אַ פּנים, אַז די דייטשן האָבן שוין פאַרשטעלט אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט קיין מעליץ.

שטיל איז געוואָרן אַרום. מען האָט מער נישט געהערט דאָס גערויש און געפּילדער פון דער אַנטלויפנדיקער מאַסע. גערוישט האָבן נאָר אין די ייִדישע אויערן די קלאַנגען וועגן אַ פּאָגראָם, וואָס עס גרייטן צו אַנטיסעמיטן אויף די מעליצער ייִדן איידער עס קומען אָן די דייטשן.

די מעליצער ייִדן האָבן איצט זיך געפונען צווישן צוויי פייערן: פון איין זייט דערנענטערט זיך די היטלעריסטישע אַרמיי און פון דער צווייטער זייט רוקט אָן די געפאַר פון אַ פּאָגראָם אויף ייִדן. די כוליגאַנישע שקצים האָבן אָנגעזאַמלט איבער די וועגן געווער און אַמוניציע, וואָס די פּוילישע זעלנער האָבן איבערגעלאָזט אויף הפקר.

די דערשראָקענע מעליצער ייִדן האָבן נישט געוווּסט וואָסער פּייער ס'איז ערגער: פון דייטשן היטלעריזם אָדער פון די פּוילישע כוליגאַנעס. הפקר איז געווען דאָס שטעטל, ס'איז נישט געווען קיין שום רעגירונגס־מאַכט, צו וועמען צו ווענדן זיך נאָך הילף און שוץ. דער סטאַראָסטע פון שטעטל איז אַוועק צוזאַמען מיט זיינע פּאַרטרעטער; די זשאַנדאַרמעריע איז פאַרשווּנדן באַלד נאָך די ערשטע שאָסן פון נעכטיקן אָוונט און אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר.

פינצטער איז צוגעפאַלן דער שבתדיקער אָוונט, ווי דאָס געמיט פון די מעליצער ייִדן. טונקעלע וואָלקנס האָבן פאַרדעקט דעם הימל. פייער־דיקע בליצן האָבן פון צייט צו צייט דורכגעשניטן דעם פינצטערן הימל און אַ דונערן האָט זיך געהערט, ווי אַ שיסעריי פון שווערע האַרמאַטן. און געוואַרט האָבן די ייִדן אין שטעטל, געקוקט מיט אימה צום פינצטערן חלל, וואָס איז געוואָרן הפקר פאַר אַלע שדים, שלעכטע רוחות און פאַר די אַנטיסעמיטישע פוילישע כוליגאַנעס.

אַ נאַכטיקער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן, צעיאָגט די פינצטערע וואָלקנס, זיי שיטער געמאַכט און אַ קיילעכיקע לבנה מיט אַ טרויעריק־מאַטן שיין האָט זיך באַוויזן. זי האָט געוואָרפן טונקעלע שאָטנס אַרום די הייזער פון מאַרק און די געסלעך. פון דער קריכע מיט איר הויכן שאַרפן באַצלמטן טורעם, האָט אַ שאָטן זיך געשפרייט ביז אין צענטער פון מאַרק, ווי אַ שוואַרצע לאַפע פון אַ חיה, וואָס בייסט זיך איין מיט אירע שאַרפע נעגל אינעם לייב פון יידישן שטעטל. דער נאַכטיקער ווינט האָט ווידער צונויפ־געטריבן שוואַרצע וואָלקנס איבער דער לבנה און פינצטער איז געוואָרן, ווי פריִער, דער חלל פון שטעטל.

דער ווינט האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט צווישן די געסלעך און הייזער, געהוידעט מיט די בוידעמער און דעכער און מיט אַ פייף אַריינ־געבלאָזן אין די אָפענע פענצטערלעך און לופטשיקעס אַרום די טורעמס פון דער שול, פון וואַנען עס האָט זיך מיט אַ ווידערקול ווי געהערט אַ וויינענדיק קרעכצן: „ווי צו מיר פאַר אייך, מיינע טייערע מעליצער ייִדן"!

אַ בליץ האָט אַדורכגעשניטן דעם פאַרוואָלקנטן הימל און באַלויכטן אויף אַ ווײַלע די שול, די בתי־מדרשים, די ייִדישע הייזער, וואָס זענען

געשטאַנען ווי איינגעשרומפּן פון פּחד. טראָפּנס רעגן האָבן גענומען פאַלן, ווי טרערן, וואָס באַוויינען דעם ביטערן גורל פון די דערשראָקענע ייִדן.

פאַר טאָג, ווען דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט, האָט איבערן וועג צום מאַרק זיך דערהערט אַ געוויש פון פאָרנדיקע מאָטאָציקלען און גלייכ־צייטיק פון פערדישע פאָדקאָוועס איבערן ברוק פון די געסלעך. אַ שאַרפע שיסעריי פון ביקסן און מאַשין־געווער האָט אויפגעטרייסלט די לופט און נאָך אַ קורצער ווײַלע שטיל געבליבן.

געווען איז דאָס דער איינציקער ווידערשטאַנד פון אַ רייטער־אָפּטיילונג פון דער פוילישער אַרמיי, וועלכע האָט זיך באַהאַלטן אין די געמויערטע און באַשיצטע ליקן פון די ייִדישע הייזער. זי האָט געעפנט אַ פייער אויף די דייטשע מאָטאָריזירטע פאַרפּאָסטנס און באַלד דערנאָך אַנטלאָפן. מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז די דייטשע אַרמיי אַרייַנגעקומען אין שטעטל. אירע שווערע טאַנקען, האַרמאַטן און געפּאַנצערטע לאַסטאויטאָס האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די ייִדן אין מעליץ.

# ערב ראש השנה

ווען די דייטשן האָבן אָנהייב מלחמה פון יאָר 1939 פאַרנומען מעליץ, האָבן זיי די ערשטע טעג קיינעם נישט געטשעפּעט — ס׳איז פאַרהעלט־נישמעסיק געווען רויִק אין שטעטל.

ביסלעכווייז זענען די ייִדן אַרויס פון זייערע הייזער און אָנגעהויבן צו באַווייזן זיך אין גאַס. ווען ס׳איז אָנגעקומען ערב ראש־השנה, האָט דער פרומער עולם באַשלאָסן צו זאָגן די סליחות בציבור און צו דאַווענען מיט אַ מנין, וואָס מען האָט נישט געטאָן זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, ווען ס׳זענען געפאַלן די ערשטע דייטשע באָמבעס.

צו די סליחות איז מען דאָס מאָל געגאַנגען ווען ס׳איז שוין געווען טאָג, און נישט ווי יעדעס יאָר, ווען ס׳איז נאָך פינצטער אין דרויסן. אין חסידישן בית־מדרש האָט מען געזאָגט די סליחות מיט גרויס צוריק־געהאַלטנקהייט, בכדי דאָס געוויש זאָל נישט אַרויסקומען ווייט אין גאַס אַרויס, וווּ עס דרייען זיך די דייטשע וואַכן.

ווען ר׳ מענדעלע, דער מעליצער רב, האָט אָנגעהויבן זאָגן פאַרן עמוד דעם פּיזמון: „זכור ברית אברהם ועקדת יצחק״, זענען אַריינגעקומען עט־לעכע דייטשע אָפיצירן. זיי האָבן מיט חשד זיך אומגעקוקט אויפן פאַר־זאַמלטן עולם און געפרעגט: וואָס אַזוינס קומט דאָ פאָר? דער עולם האָט זיך דערשראָקן און געבליבן שטיל אין מיטן זאָגן. אָבער נאָך דעם, ווי מען האָט זיי דערקלערט, אַז דאָס איז אַ „גאָטעס־דינסט״ פאַרן אָנקומענדיקן נייעאָר, האָבן זיי זיך אַנטשולדיקט און אַוועק פון בית־מדרש.

— זעט איר — האָבן די ייִדן צווישן זיך געשמועסט נאָכן פאַרענדיקן די סליחות — דער טייוול איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט אים!

— אַבי מ׳האָט זיך אַזוי דערשראָקן, געמיינט מי יודע וואָס! אָבער נישט געפערלעך, גאָט איז אַ פאָטער, איר זעט דאָך: הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל...

— אויב אַזוי, האָט ר׳ מענדעלע, דער מעליצער רב, געזאָגט צו

ר׳ ניסעלע נוסבּוים, זיין בּעל־יועץ און אויך דער פּאַרטרעטער פון ראש־הקהל, וואָס איז נאָכן קריגאויסבּרוך אַוועק פון שטעטל — אויב די דייטשן פירן זיך אויף מיט חסד, פאַר וואָס זאָל מען דאָס ייִדישקייט לאָזן הפקר? ס׳איז דאָך עפּעס היינט ערב־ראש־השנה אויף דער וועלט, דאַרף מען מאַכן אַ הייסע מקווה און זאָלן ייִדן זיך טובלען. אין דעם זכות וועט הקדוש ברוך הוא העלפן, אַז ס׳וועט זיין שלום על ישראל און די רשעים וועלן נישט האָבן קיין שליטה אונדז שלעכטס צו טאָן.

— אַוודאי אַזוי — איז ר׳ ניסעלע מסכים — מ׳דאַרף ווייטער האַלטן דאָס ייִדישקייט, וואָס איז געוואָרן בשפל המצב.

— פאַר וואָס בּלויז אַ מקווה? — האָט זיך אָנגערופן איטשע נתן, דער גבאי פון בית־מדרש — און אַ שטיקל פלייש דאַרף מען דען נישט האָבן לכבוד יום־טוב?

— אַוודאי אַזוי — האָט געפּסקנט דער רויטער דיין, וועלכער האָט גראָד עוסק געווען אין אַ סוגיא מיטן אַלטן ר׳ יוסף צינעס און מיט שלום וואָלף שבחס.

האָט דער רב געלאָזט רופן די שוחטים ר׳ יאָשע בּער און ר׳ חיימל קורץ און זיי באַפוילן היינט צו קוילען די עופות פאַרן שטעטל. דעם האַל־צערנעם שמש האָט מען געשיקט צום בּעדער זאָגן, ער זאָל למען השם מאַכן אַ הייסע מקווה. דערנאָך האָט דער גבאי אַ קלאַפּ געגעבן אין שולחן און מכריז און מודיע געווען פאַרן עולם, אַז ס׳וועט זיין אַ הייסע מקווה און אַז מ׳זאָל ברענגען די עופות צום קוילענען. דאַן האָט ר׳ ניסעלע צוזאַמען מיטן רב גערופן די גבאים און די שיינע־ייִדן פון בית־המדרש צו אַן אַסיפה, כדי צו באַטראַכטן, ווי אַזוי צו דערהאַלטן דאָס ייִדישקייט אין דער צייט פון מלחמה און ווי אַזוי צו באַזאָרגן די אַלע ייִדישע פּליטים, וועלכע זענען דאָ געבּליבן שטעקן, — מיט אַ ייִדישן טיש לכבוד יום־טוב.

אויך דעם אַלטן ר׳ נפתלי מלך וואַסערשטרום פון יאַשטשאָמבּקע, וועלכער איז מיט זיין ספר־תורה אויף דער האַנט געקומען צו לויפן, האָט מען געלאָזט רופן און אים מכבד געווען מיטן ראש־השנהדיקן דאַווענען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט שוין אַ געדיכטער רויך זיך געטראָגן פון

קוימען איבערן באָד און אַ געריש פון ווייבער מיט עופות האָט זיך גע־הערט פון שעכטהויז דערנעבן.



אין דער געביידע פון דער סטאַראָסטע איז היינט געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג. די פאָלקסדייטשן פון דער אַרומיקער געגנט, צוזאַמען מיט די פויזנער אינזשענירן פון די וואַרשטאַטן צו מאָנטירן אַוויאָנען, האָבן אויפ־גענומען די אָנגעקומענע דייטשע אָפיצירן, וועלכע האָבן דאָ סטאַציאָנירט און געוואָרן די בעלי־בתים פון שטעטל. זיי האָבן צוזאַמען געפרעסן, גע־טרונקען און געקלאַפּט זיך מיט די גלעזער משקה: דייטשלאַנד איבער אַלעס! הייל היטלער!...

דורך איינעם פון די פענצטער האָט דער פאָלקסדייטש צימערמאַן — וועלכן די פרישע בעלי־בתים האָבן געמאַכט פאַר אַ קאָמיסאַר איבער דער גאַנצער געגנט — מיט אַ מאָל דערזען דעם רויך, וואָס טראָגט זיך פון קוימען איבער דער באָד. האָט ער אַ בייזן רוף געטאָן דעם פאָלקסדייטש יעק, זיין פאַרטרעטער, און אָנגעוויזן צום פענצטער:

— זע נאָר וואָס עס מאַכן די ייִדן!

יעק, וועלכער האָט געהאַלטן אין טרינקען מיט די אָפיצירן, האָט זיך אָנגעצונדן:

— צום טייוול! דאָס איז דאָך די מקווה!

און צוזאַמען האָבן זיי אָנגעוויזן דעם רויך פאַר די פויזנער אינזשע־נירן. — נו, יאָ! — האָבן זיי באַשלאָסן — מען דאַרף עפּעס מאַכן מיט די שמוציקע ייִדן. זאָלן זיי וויסן, אַז איצט הערשן די דייטשן!

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי די טישן מיט די דייטשע אָפיצירן, געשושקעט זיך און אויסגעבראָכן מיט אַ טייוולאָניש געלעכטער.

נאָך מיטאָגצייט, ווען אַרום דער באָד איז געוואָרן אַ באַוועגונג פון ייִדן, וועלכע זענען געקומען זיך טובלען, און ווען די שוחטים האָבן שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן זייער אַרבעט אין שעכטהויז דערנעבן, זענען

מיט אַ מאָל אַ באַנדע דייטשע זעלנער אָנגעלאָפן, באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער און מיט ביקסן, אַרומגעשטעלט דעם גאַנצן פּלאַץ אַרום און מער פון דאָרט קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. זיי זענען אַריין אין באָד, האָבן אַלעמען אַרויסגעטריבן און אויסגעשטעלט זיי אויפן פּלאַץ אין רייען, אַרויס־גערופן די מענטשן פון שעכטהויז בראש מיט די שוחטים און געשטעלט זיי אין דער ערשטער ריי.

אויך דעם אַלטן ר׳ נפתלי מלך פון יאַשטשאַמבקע, וועלכער איז גראָד אָנגעקומען מיט זיין ספר אויף דער האַנט, אַריינצושטעלן עס אין „הכנסת אורחים״ דערנעבן, ווו ער האָט געזאָלט מאָרגן דאַווענען פאַרן פרעמדן עולם — האָבן זיי פאַרהאַלטן און געשטעלט אים דעם ערשטן פאַר די רייען, ווי ער וואָלט מיט זיין ספר־תורה אויף די הענט געוואָרן איצט דער מנהיג פון די פאַרהאַלטענע יידן.

— וואָס פאַר אַ שפּיל מאַכן דאָס די דייטשן מיט אונדז? האָבן די יידן זיך געוווּנדערט און זיך אָנגעהויבן צו דענערווירן. מיט אַמאָל איז אָנגע־קומען אַ גרופּע דייטשע אָפיצירן מיט האַקנקרייצן אויף די אָרעמס און רעוואָלווערן אין די הענט און געגעבן אַ שאַרפן באַפעל: „הענדע האָך״!

די יידן אין די אויסגעשטעלטע רייען האָבן זיך דערשראָקן, אַ הייב געטאָן די הענט אין דער הויך. בלויז דער אַלטער ר׳ נפתלי, וואָס איז געשטאַנען דער ערשטער פאַר די רייען, האָט די הענט נישט אויפגעהויבן.

אַלע דייטשע בליקן האָבן זיך איצט געווענדט צום אַלטן מיט דער גרויער באָרד און פּיאות, וואָס האָט זייער באַפעל נישט אויסגעפירט. אָבער דער אַלטער ר׳ נפתלי מלך האָט זיך נישט פאַרלוירן און נאָך שטאַרקער צוגעדריקט זיין ספר־תורה צום האַרצן.

אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז אַלע יידן האָבן אויפגעהויבן זייערע הענט, האָט ער נישט געוואָלט זיין אַ יוצא מן הכלל און אפשר שטעלן דערמיט אין סכנה די אַנדערע יידן, האָט ער אויף גיך אַרויסגעכאַפּט זיין גאַרטל פון קעשענע, אַ וויקל געטאָן אַרום זיך און איבער דער תורה, זי פאַרצויגן און פאַרבונדן, און אַזוי אַרום האָט ער באַפרייט זיך די הענט און זיי אויפגעהויבן.

אַ גיפטיקער שמייכל איז דורכגעלאָפן איבער די פּנימער פון די דייטשן ווען זיי האָבן דערזען דעם אויפטו פונעם אַלטן.

און פון דער ווייטנס אַרום דעם פּלאַץ, האָבן געזאַמלט זיך פּאָליאַקן צו זען די בייזע שפּיל, וואָס די דייטשן מאַכן מיט די ייִדן. זיי האָבן געלאַכט און זיך געשושקעט: גוט אַזוי אויף די זשידעס!

ווען ר׳ ניסעלע נוסבוים איז אַרויס פון זיין היים און זיך געלאָזט גיין צו דער מקווה טובלען, איז נאָך שטיל געווען אַרום. ייִדן זענען געגאַנגען צו דער באָד און פון דאָרט אַרויס געטובלטע. האָט ער זיך געטראַכט: לאַ אַלמן ישראל! דער רבונו של עולם פאַרלאָזט דאָך נישט זיינע ייִדן. אָט פירט זיך ווייטער דאָס ייִדישקייט, כאָטש די דייטשן געפינען זיך אין שטעטל. ער האָט נאָר באַדויערט, וואָס עטלעכע וואָכן איז קיין וואַרעמע מקווה נישט געווען און צוליב דעם איז דאָס שטעטל, רחמנא לצלן, נכשל געוואָרן אין טהרת המשפחה. אָבער געלויבט השם־יתברך, אַז דאָס איז שוין פאַרביי, איז אים שוין לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט גענומען שטעלן שנעלערע טריט, ביז ער איז צוגעקומען אויפן פּלאַץ צווישן די בתי־מדרשים. דאָ האָט ער דערהערט עפּעס אַ פאַרדעכטיק גערויש, וואָס קומט פון הינטער דער שול, לויפנדיקע טריט און אויסרופן: „ידוע! יודע״! ער איז געבליבן שטיין און אַ טראַכט געטאָן: עס שטייט דאָך געשריבן: „אשרי האדם מפחד תמיד״, אַ מענטש דאַרף זיך היטן. איז ער אַריין אין פּאָליש פון דער שול, ווו ס׳איז געווען דאָס משניות־שטיבל, כדי דאָ אַ ביסל איבערצווואַרטן.

צווישן די דיקע מויערן פון פּאָליש און די קליינע פענצטער מיט די דאָפּלטע קוואַטירן איז געווען שטיל. אַ געלע בין איז געפלויגן אַהין און צוריק אַרום דעם מעשענעם הענגלייכטער און אומעטיק געזוימט. ווען ער האָט הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר איז זי ערגעץ פאַרשוווּנדן. ער האָט איצט דערהערט אַ זשומען פון אַ פליג, וואָס איז געווען פאַרפּלאָנטערט אין אַ שפּינוועבס אין אויבערשטן ווינקל פון פענצטער. זי האָט געצאַפּלט, געריסן זיך צו אַנטלויפן, נאָר אַ דיקבייכיקער שפּין האָט זי יעדעס מאָל נאָך מער פאַרפּלאָנטערט, נישט געלאָזט זי פון דאַנען זיך אַוועקרייסן.

האָט אים אַן עקל אַרומגענומען צו דער אַכזריותדיקער שפּין, וואָס פּאָרעט זיך אַרום דער צאַפּלדיקער פליג, וואָס זשומעט און וויינט, ווי זי וואָלט זיך געבעטן רחמים. ער האָט זיך דערמאָנט וואָס דער מדרש דער־ציילט, אַז ווען טיטוס הרשע האָט חרוב געמאַכט דאָס בית־המקדש, האָבן די שפּינען צוגעטראָגן פייער.

פון דרויסן האָבן זיך געהערט לויפנדיקע טריט, וואָס האָבן זיך אָנ־געשלאָגן מיט אַן עכאָ אין דער הוילער שול. האָט אים אַ טיאָכע געטאָן אין האַרצן: עפּעס נישט קיין גוטס קומט פאָר אין דרויסן! דורך די קני איז אים דורכגעלאָפן אַ ציטער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, ווו ס׳איז געלעגן אַ משניות. ער האָט עס געעפנט און אַ בלעטער געטאָן. צו לערנען איז אים נישט מעגלעך געווען. די אותיות האָבן אָנגעהויבן טאַנצן פאַר זיינע אויגן און די שורות צו באַוועגן זיך. האָט ער פאַרמאַכט דעם ספר און געווענדט זיין בליק איבערן אָרון־קודש, ווו אויף דער וואַנט זענען געווען אויסגעמאָלט צוויי לייבן מיט די לוחות אין זייערע לאַפּעס. עס האָט זיך אים איצט געדאַכט, אַז זיי קוקן אויף אים מיט חיהשע אויגן אַזוי, ווי זיי וואָלטן דאָ געשטאַנען פאַר אים לעבעדיקע. ער האָט זיך פאַר זיי געשראָקן. שווערע מחשבות האָבן אָנגעהויבן קומען אין זיין קאָפּ: ווילדע חיות רינגלען אונדז אַרום פון אַלע זייטן, רשעים וטמאים, וואָס ווילן אונדז פאַרצוקן. הקדוש ברוך הוא זאָל זיין אונדזער שומר ומציל!

אין הויז פון ר׳ יאָשע שוחט, וועלכער האָט זיך אויך געפונען צווישן די פאַהאַלטענע ייִדן, האָט מען נאָך נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאָר אויפן פּלאַץ פאַר דער באָד.

ר׳ שמעון דיין, זיין שווער, וועלכער האָט זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה זיך געפונען ביי אים אין הויז, איז געזעסן פאַרטיפט אין לערנען זוהר, האָט אַריינגעקלערט אין די עולמות העליונים. און ווי אַ פרומער ייִד געמאַכט זיין חשבון הנפש פון אַ גאַנץ יאָר. נאָך דערצו, אַז אַזאַ מלחמה איז געקומען אויף דער וועלט, איז זיכער דאָ וואָס צו טראַכטן. אַ נייער המן האָט זיך אָנגעזעצט אויף די ייִדן — אַ היטלער, ימח שמו, איז דאָך דאָס נישט אַזוי פּשוט צו פאַרשטיין.

אין די הייליקע ספרים איז געשריבן, אַז אַלץ וואָס הקדוש ברוך הוא האָט באַשאַפן, איז לטובת די מענטשן, די קרוין פון זיין בריאה; און פון אַלע שבעים אומות אויף דער וועלט האָט דער אייבערשטער אויסדערוויילט די ייִדן פאַר אַ ממלכת כהנים וגוי קדיש. זיי זענען די קינדער פון די הייליקע אבות, און זיין תורה האָט דער באַשעפער נאָר זיי געגעבן. קיין שום אַנדער אומה ולשון האָט דערצו נישט זוכה געווען.

— וואָס פאַר אַ גוטס קאָן שוין פאַר זיי, מ׳שטיינס געזאָגט, אַזאַ מלחמה ברענגען? און אפשר איז דאָס מעשי־שטן? נישט געדאַכט זאָל דאָס ווערן!

אין צווייטן צימער איז געזעסן אהרן וויינריב, ר׳ יאָשעס אײדעם. ער איז געקומען צו לויפן מיט זיין בני־בית פון טאַרנאָוו. ער האָט איינגעשטילט די קינדער פון רוישן, זיי זאָלן נישט שטערן דעם זיידן אין זיין לערנען.

אין קיך האָט ר׳ יאָשעס ווייב זיך געפּאָרעט צוזאַמען מיט די טעכטער ביים צוגרייטן דעם יום־טוב. זיי האָבן זיך שוין אָנגעהויבן וווּנדערן: פאַר וואָס זעט מען נישט דעם טאַטן צוריק פון שעכטהויז? נאָר זיי האָבן זיך דאָס פאַרענטפערט: די ווייבער האָבן מסתמא געבראַכט אַ סך עופות צום שעכטן, פאַרזוימט ער דאָרט אַ ביסל לענגער.

נאָר אַהרן האָט נישט געקאָנט רויִק איינזיצן און יעדעס מאָל געקוקט מיט אומגעדולד אויפן זייגער. פאַר וואָס זעט מען נאָך נישט דעם שווער קומען? ס׳איז דאָך עפּעס ערב יום־טוב. ער האָט זיך געלאָזט גיין צום שעכטהויז. אָבער ווי נאָר ער איז אָנגעקומען צום פּלאַץ פאַר דער באָד, האָבן אים די דייטשן פאַרהאַלטן און אים אויך געשטעלט מיט אַלע ייִדן אין דער ריי מיט אויפגעהויבענע הענט.

נאָך דעם ווי די פאַרהאַלטענע יידן זענען אַ היפּשע ווײַלע אַזוי גע־שטאַנען, האָט אַ דייטש מיט אַ חיהשן פּרצוף — אַ פּנים דער עלטסטער פון דער באַנדע — זיך אַרויסגערוקט פון דער גרופּע אָפיצירן, זיך דערנענטערט מיט אַן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער צו די אויסגעשטעלטע רייען און באַפוילן:

— אַלץ אַרויסלייגן פון די טאַשן!

מיט ציטערנדיקע הענט האָבן אַלע פאַרהאַלטענע ייִדן, אָנגעהויבן

אַרויסצולייגן נאָז־טיכלעך, ציגאַרעטן־האַלטערס, טאַבאַק־פּושקעלעך, גאַר־טלען און נאָך אַנדערע קלייניקייטן.

ווען דער אַלטער ר׳ נפתלי מלך האָט געהאַלטן אין מיטן אַרויסלייגן פון זיינע טאַשן און דאָרט דערטאַפּט זיין שופר, וועלכן ער האָט געהאַלטן אויף ראש־השנה צו בלאָזן די תקיעות, האָבן אים די הענט אַ ציטער געגעבן. ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן און אַ טראַכט געטאָן: זאָל ער אויך דעם שופר אַרויסלייגן? פאַר גויִישע אויגן אים צו פאַרשוועכן? ניין! ער וועט דאָס נישט טאָן! דעם שופר דאַרף מען האַלטן ביי זיך. ער וועט אים נאָך זיכער נוצן — און ער האָט אים געלאָזט דאָרט ווייטער שטעקן...

אָבער ווען ר׳ היימל שוחט האָט געהאַלטן ביים אויסליידיקן זיינע טאַשן און אָנגעטראָפן דאָרט אויף זיין חלף, איז ער אין גאַנצן געוואָרן דער־שראָקן, אַ ווײַלע איז ער געבליבן שטיין צעמישט און אַ טראַכט געגעבן: זאָל ער דעם חלף אויך אַרויסלייגן? אַ ווײַלע האָט ער געלאָזט זיינע פאַרגליווערטע הענט ביים בוזעם, אָבער אַז ער האָט דערשפּירט אויף זיך דעם שטעכעדיקן בליק פון אָפיציר, וואָס האָט געהאַלטן דעם רעוואָלווער אויסגעשטרעקט אין זיין ריכטונג, האָבן זיינע הענט שטאַרקער אַ ציטער געטאָן און ער האָט נישט ווילנדיק אַרויסגעצויגן דעם חלף. דאָס הילצערנע שייטל האָט זיך פלוצלונג צעעפנט און אַ גלאַנציקע שאַרפקייט האָט פאַלנדיק צו דער ערד אַ שטאָליקן קלונג געטאָן און געבליבן ליגן.

ווי אַ ווילד געוואָרענע חיה האָט זיך דער דייטשער אָפיציר אַ וואָרף געטאָן אויף דער דאָזיקער מציאה, געכאַפּט דעם חלף פון דער ערד, אַ פאָכע געטאָן מיט אים שאַרף אין דער לופטן און מיט אַ ווילדן כעס אויסגעשריגן: „ווי די קעלבער וועל איך אייך אויסשעכטן! ווי די הינט דערשיסן! שמו־ציקעס יודען־געזינדל״! און צו די באַוואָפנטע זעלנער אַרום האָט ער גלייך אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: „גרייט דאָס געווער״!

אַ געבראַזג פון שטאָל און אייזן האָט אַ הילך געטאָן אין דער לופטן. צענדליקער מאַשין־געווער און ביקסן האָבן זיך אַ הייב געטאָן און געבליבן אויסגעשטרעקט צו די אויסגעשטעלטע ייִדן. אַ ציטער איז דורכגעלאָפן די ייִדישע רייען. בערד און פּאות האָבן זיך צעשויבערט פון שרעק, ווי מיטן

ווינט צעבלאָזן, און אויגן האָבן מיט פּחד געקוקט אויף די לופעס פון די ביקסן.

די גויִים וואָס האָבן זיך דאָ אַרום אַלץ געדיכטער געזאַמלט פון דער ווייטנס, האָבן פאַר פרייד זיך געריבן די הענט און געמורמלט: שמיערטש זשידאָם!... אַלע דערשיסן!

אַ דערשראָקענער, אַ בלאַסער, מיט די הענט געהויבן, איז אַהרן ווייַנריב אַרויסגעטרעטן פון דער ריי. ער האָט זיך דערנענטערט צום עלטסטן פון דער באַנדע און אים געבעטן: „הער הויפּטמאַן, די מענטשן זענען דאָך אומשולדיק! זיי האָבן קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן”! ער האָט געוואָלט זאָגן נאָך אַ פּאָר ווערטער, אָבער דער עלטסטער האָט מיט כעס אים איבערגעריסן די רייד: „יאַוואָל, יאַוואָל! מיר קענען אייך, שמוציקע יודען”! און באַפוילן: „דריי טריט פאָרויסטרעטן”!

אַהרן איז נאָך מער בלייך געוואָרן און ער האָט צעטומלט געשטעלט עטלעכע טריט פאַר זיך. מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער. אהרן איז אַ פאַרגאָסענער מיט בלוט געפאַלן אויף דער ערד און געבליבן ליגן אַ טויטער.

אַ שוידער איז דורכגעלאָפן צווישן די שורות אויפגעציטערטע ייִדן. אַ קאַלטער שווייס האָט יעדערן פון זיי באַגאָסן און אַ ציטער איז זיי אַדורך די ביינער. אַ שעפּטשען פון ווידוי האָט זיך געטראָגן צווישן די שורות און אַ ברומען, וואָס האָט מיט אַ שטילן ווייטיק גערופן: „מן המצר קראתי יה”!

נאָך שטאַרקער האָבן די זעלנער אַרום אויסגעשטרעקט זייערע ביקסן צו די דערשראָקענע ייִדן און מיט די רעוואָלווערן האָבן זיך דערנענטערט די אָפּיצירן. מיט נאָך מער ווילדקייט האָט דער עלטסטער רוצח זיך צעשריגן און אָנגעוויזן מיט זיין רעוואָלווער צו די געעפנטע טירן פון שעכהויז: „מאַרש הערייַן! גלייך צו לויפן! יודען — וואַגאַבונדען”!

אַ געדיכטער האָגל פון שמיץ מיט אייזערנע שפּיצרוטן איז די הענט פון די דייטשע אָפיצירן, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די קעפּ פון די צום טויט דערשראָקענע ייִדן. די צעשלאָגענע ייִדן האָבן אָנגעהויבן לויפן צו די צעעפנטע טירן פון שעכטהויז, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון די שווערע

קלעפּ און פון די אויסגעשטרעקטע ביקסן — אפשר וועט דאָרט גאָט העלפן, באַווייזן אַ נס און זיי מציל זיין פון די ווילד געוואָרענע דייטשן. אַ גאַליק געלעכטער האָט זיי באַגלייט אין שעכט־הויז אַריין. וואָס האָט זיך אַ שאָט געטאָן מיטן שפּאָט פון די גויִים, וואָס זענען געשטאַנען אַרום און אָנגעקוואָלן.

אָפּגעליידיקט איז געוואָרן דער פּלאַץ פון די ייִדן, וואָס זייערע חפצים האָבן זיך נאָך געוואַלגערט דאָרט צעטרעטענע. די זעלנער אַרום האָבן זיך גיך דערנענטערט צום שעכטהויז מיט זייערע אויסגעשטרעקטע ביקסן, גרייטע צו שיסן אין די אָפענע פענצטער און טירן.

ווען דער אַלטער ר׳ נפתלי מלך איז אַריינגעקומען אין שעכטהויז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ייִדן, האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין שופר וואָס איז ביי אים געבליבן אין דער בוזעם־קעשענע. ער האָט אים פון דאָרט אַרויסגעצויגן און דערשפּירט ווי אַ פריש חיות האָט אים אָנגעגאָסן. ער האָט זיין ספר־תורה צוריק גענומען אויף דער האַנט און אויסגערופן: „ייִדן! לאָמיר נישט שווייגן! לאָמיר צו גאָט בעטן! לאָמיר תהילים זאָגן! ער וועט אונדז זיכער העלפן״! אַלע ייִדן האָבן אָנגעהויבן זאָגן מיט אַ פרומען ציטער: „אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים״... די ערשטע פסוקים פון תהילים. אָבער איידער זיי האָבן נאָך געענדיקט זאָגן דאָס ערשטע קאַפּיטל פון תהילים, האָט זיך פון דער גרופּע אָפיצירן דערהערט אַ ווילדער, טייוולאָנישער געשריי: „פייער״! — און אַ שיסעריי פון מאַשין־געווער און ביקסן האָט געשפּאַלטן די לופט...

די ערשטע רייען ייִדן אין שעכטהויז, וואָס זענען געשטאַנען ביי די אָפענע פענצטער און טירן, האָבן ווי אונטערגעהאַקטע זאַנגען זיך אַ בייג געטאָן צו דער ערד און בלוט האָט זיך אָנגעהויבן גיסן.

אַ שרעקלעך געשריי „שמע ישראל״ האָט זיך פון דאָרט אַ ריס געטאָן. הענט האָבן זיך געהויבן פון אַלע זייטן צום הימל און געבעטן: „שמע קולנו! גאָט, האָב רחמנות״ — און אַ תקיעה פון אַ שופר האָט זיך פון צווישן די אַלע קולות געהערט. דאָס האָט דער אַלטער ר׳ נפתלי געבלאָזן כדי דעם הימל צו שפּאַלטן...

אויף אַ ווײַלע האָט אויפגעהערט דאָס שיסן, אַזוי ווי די זעלנער וואָלטן זיך דערשראָקן פאַרן שופר־בלאָזן אָדער פאַר די שרעקלעכע געוואַלדן און

„שמע ישראל" רופן... און אפשר האָבן זיי איצט דאָס ערשטע מאָל געשאָסן צו אומשולדיקע מענטשן, זייער געוויסן האָט אויפגעציטערט פאַר דער שרעקלעכער רציחה און זיי זענען געבליבן פאַרגליווערט שטיין מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן?

קרעכצן האָבן זיך געטראָגן פון גוססדיקע מענטשן. אַ ביטער יאָמערן פון קינדער האָט זיך געהערט: „מאַמע! אוי, מאַמע"! דאָס האָבן אַזוי געשריגען אליעזר גראָס אייניקלעך, וועלכע האָבן ביים אויסהויכן זייערע קינדערישע נשמות גערופן זייער מוטער מיטן לעצטן אָטעם.

דורכן פענצטער האָט מען געקאָנט זען דעם אַלטן ר' נפתלי, ווי ער איז געבליבן שטיין צווישן די געפאַלענע יידן. איבער זיין בלייך פּנים און ווייסער באָרד זענען געפלאָסן ריטשקעלעך בלוט און געטריפט איבערן ספר, וואָס ער האָט פעסט געהאַלטן אין האַנט. זיינע פאַרגלייזטע אויגן זענען געווען געווענדט צום הימל ווי ער וואָלט געבעטן צו גאָט. דעם שופר האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן ביים צעבלוטיקטן מויל, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געבלאָזן...

ווידער אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ באַפעל פון די דייטשע אָפיצירן: „פייער"! ווידער האָט אַ שיסעריי די לופט געשפּאַלטן, ווידער אַ מאָל האָבן קולות גערופן „שמע ישראל" און ווידער האָבן די לעבן־פאַרבליבענע יידן גערופן צו גאָט: העלף! האָב רחמנות!

און די זעלנער האָבן אַלץ געשאָסן — ביז די לעצטע קולות האָבן זיך געלאָשן — און אַ טויטע שטילקייט איז אַרום געוואָרן...



נאָך דער שרעקלעכער שחיטה זענען נאָך פאַרבליבן אין שעכטהויז לעבעדיקע מענטשן, וועלכע די קוילן האָבן געטראָפן, זיי שווער פאַרוווּנדעט, מיט בלוט פאַרגאָסן, אָבער זיי זענען נאָך לעבן געבליבן. האָבן זיי זיך איצט — ווען די רוצחים זענען אויף אַ ווײַלע פאַרשוווּנדן — אָנגעהויבן זיך צו באַוועגן, צו קרעכצן, צו רופן הילף, בעטן אַ ביסל וואַסער דאָס חיות צו דערהאַלטן. אַנדערע ווידער האָבן אָנגעהויבן קריכן איבער די קערפּערס

צום פענצטער און זיך געריסן צו כאַפּן אַ ביסל לופט, אָפּצופרישן דעם אָטעם אָדער אפשר גאָר פון דאַנען צו אַנטלויפן...

ברוך־אברהם שוואַלבס זון, יאַנקעלען, האָבן די קוילן נישט געטראָפן. ער איז בעת דעם שיסן געפאַלן, פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט, אָבער געבליבן ביים לעבן, און געלעגן אין גאַנצן צעמישט. מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט אין זיך אַ קול רופן: „שוין זאָלסטו פון דאַנען אַנטלויפן!" האָט ער אויפגעריסן זיינע אויגן, וואָס זענען פון אַנדערע ייִדנס בלוט פאַרגאָסן געוואָרן, מיט כוח זיך אַ ריס געטאָן פון צווישן די טויטע און געבליבן שטיין אַ צעטומלטער.

ווען ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און דערזען לעבן זיך דעם אַלטן ר׳ נפתלי מלך, ווי ער האָט אין זיינע פאַרשטייפטע הענט געהאַלטן דאָס פאַרבלוטיקטע ספר און געקוקט אויף אים מיט זיינע פאַרגלייזטע אויגן, ווי ער וואָלט אים געבעטן: „נעם דאָס ספר, זיי מציל די תורה"! — האָט יאַנקעלע אַ כאַפּ געטאָן דעם ספר און געוואָלט אַנטלויפן. אָבער זיינע פיס האָבן זיך פון אָרט נישט געקאָנט רירן, זיי זענען פאַרקלעמט געוואָרן צווישן די טויטע, ווי דער מלאך־המוות אַליין וואָלט אים דאָ געהאַלטן. האָט ער זיך אַ בייג געטאָן צום פענצטער דערנעבן, אַ כאַפּ געטאָן זיך מיט אַ האַנט ביים הילצערנעם ביישטידל, מיט כוח אַרויסגעשלעפּט אַ פוס און שוין געשטעלט דעם ערשטן טריט צום אַנטלויפן.

אין דעם מאָמענט אָבער האָט אַ פּליסיקייט אים אַ שפּריץ געגעבן אין פּנים. אַ ריח פון בענזין האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם און אַ פייערדיקער בליץ האָט פאַרבלענדט די אויגן.

ווי אַ לעבעדיקער פאַקל האָט ער זיך איצט אַ וואָרף געטאָן צום אָפענעם פענצטער. געפּרווט נאָך אַנטלויפן, אָבער אַ קויל האָט פאַרענדיקט זיין לעבן.

אַ פלאַקער האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין אַלע זייטן, געריסן זיך דורך די פענצטער און טירן און פאַרברענט אַלץ אין איינעם...



נישט אַלע ייִדן אין שטעטל האָבן זיך מיט אַ מאָל דערוווּסט וועגן שרעקלעכן אומגליק וואָס האָט געטראָפן אין שעכטהויז. ווען זיי האָבן

דערהערט דאָס שיסן, האָבן זיי זיך פאַרשלאָסן אין די שטובן און געטראַכט: אפשר האָבן ווידער זיך באַוויזן פוילישע זעלנער, ווי דאָס האָט שוין געטראָפן מיט עטלעכע טעג צוריק ביים אָנקומען פון די דייטשן? אָדער אפשר זענען שוין די פראַנצויזן געקומען צו הילף? און אפשר גאָר האָבן די רוסן זיך געשטעלט אַקעגן? וואָס דען, מען וועט לאָזן היטלערן פאַר־נעמען פוילן? די וועלט איז נאָך נישט הפקר! אָבער ווען דאָס שיסן האָט זיך דערהערט אין ר׳ יאָשע שוחטס דירה, איז דאָרט באַלד געוואָרן אַ מהומה.

ר׳ שמעון דיין, ס׳איז געווען פאַרטיפט אין זיינע מחשבות, האָט איבערגעריסן דאָס קלערן; ער איז בלייך געוואָרן און דערשראָקן געבליבן זיצן. די ווייבער זענען אַריינגעקומען פון קיך דערציטערטע: וואָס האָט געטראָפן? ווו האָט מען געשאָסן? און צוגעלאָפן צום פענצטער זען, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן.

אַן איבערקערעניש איז שוין געווען אַרום אין די געסלעך. דערשראָקענע זענען די ייִדן אַרומגעלאָפן, פאַרקלאַפּט די לאָדנס פון די פענצטער, גיך געשלאָסן די טירן. ס׳איז שנעל געוואָרן ליידיק פון ייִדן, און נישט געווען מער ביי וועמען צו פרעגן, וואָס עס האָט געטראָפן. שקצים האָבן גענומען אַרומלויפן און איינער צום צווייטן האָט געשריגן: „זשידאָוו וויבילי״!*

— גאָט אין הימל! — זענען די ווייבער אָפּגעשפּרונגען פון די פענצטער — מיט די ייִדן האָט עפּעס געטראָפן — און זיי האָבן זיך גענומען ברעכן די הענט — אוי, ווו איז דער טאַטע? און ווו איז אַהרן? לאָמיר לויפן צום שעכטהויז!

זיי האָבן זיך שוין געלאָזט גיין צו די טירן, נאָר ר׳ שמעון, דער אַלטער דיין, האָט זיי דעם וועג פאַרשטעלט:

— קינדער, ווו לאָזט איר זיך לויפן? ס׳איז דאָך אין גאַס אַ סכנה, מען טאָר נישט איינשטעלן דאָס לעבן. זיי וועלן שוין אַליין מיט גאָטס הילף אַהיימקומען בשלום!

אין דרויסן האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט די אימה. אַ שרעק האָט זיך

* זשידאָוו וויבילי — די יידן אויסגעהרגעט.

געטראָגן פון אַלע זייטן. דייטשע זעלנער האָבן שוין אָנגעהויבן לויפן מיט די ביקסן און די שקצים האָבן אַלץ געשריגן: „זשידאָוו וויבילי״, אין שעכט־הויז האָט מען אַלע אויסגעשאָסן! די ווייבער האָבן שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און אָנגעהויבן וויינען.

— אוי, אַן אומגליק האָט געטראָפן, אַן אומגליק!

די שכנים פון הויז זענען דערשראָקן אַריינגעלאָפן. אויך הערשעלע רובין האָט פון זיין דירה געעפנט די טירן אַהער און גענומען זיי באַרויקן:

— ווייבער, וואָס איז דאָס פאַר אַ וויינען? ס׳האָט דאָך גאָרנישט געטראָפן, גאָט זאָל באַהיטן. דאָס האָבן זיכער די דייטשן אויסגעפּרוווט זייערע ביקסן! און אפשר גאָר האָט אַ פּוילישער פּאַטראָל ערגעץ ווידער זיך באַוויזן און מ׳האָט געשאָסן. איי, וואָס די שקצים שרייען? דאָס ווילן זיי סתם אַזוי דערשרעקן די ייִדן. איר קענט דאָך זיי, די רשעים, ימח שמם זאָלן זיי ווערן!

אָבער ווען עס האָט זיך מיט אַ מאָל אַ געדיכטער רויך באַוויזן אין פענצטער, אַ פלאַם־פייער האָט אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן, און ווידער האָבן די שקצים גענומען שרייען: אין שעכטהויז ברענען די ייִדן! — זענען אַלע מיט אַ מאָל ווי פאַרגליווערט געוואָרן. מען האָט בולט געזען פון אַלע זייטן דאָס שרעקלעכע אומגליק וואָס האָט געטראָפן. איצט האָבן שוין אַלע צוזאַמען אָנגעהויבן צו וויינען און צו קלאָגן.

הערשעלע רובין האָט אָבער נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלויבן דעם אמת „ווי קאָן גאָר זיין מעגלעך? אומשולדיקע מענטשן! פאַר וואָס, פאַר ווען״? — האָט ער נישט אויפגעהערט צו זיך שעפּטשען. אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז ר׳ שמעון דיין האָט זיין קאָפּ אַראָפּגעלאָזט איבערן ספר, ביי וועלכן ער איז געזעסן און געגאָסן ביטערע טרערן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס האָבן טאַקע געטראָפן די שרעקלעכע זאַכן. ער איז אין גאַנצן צעמישט געוואָרן, צעוויינט זיך ווי אַ קינד און געגאָסן מיט טרערן: „ייִדן, הייליקע ייִדן״! מיט אַ מאָל האָט ער אָנגעהויבן פאַרצווייפלט צו רופן:

— ר׳ שמעון, מעליצער דייִן, אַ שאלה וויל איך אייך פרעגן: פאַר וואָס האָט גאָט דערלאָזט אומברענגען די מענטשן? פאַר וואָס האָט ער דערלאָזט צו אַזאַ רציחה איבער כשרע ייִדן, פאַר וואָס?...

איז אויפגעשטאַנען ר׳ שמעון, דער אַלטער דיין, און מיט אַ ציטערדיקן געבראָכענעם קול זיך אָנגערופן:

— אויף הקדוש ברוך הוא טאָר מען נישט פרעגן קיין שאלות. צו אים דאַרף מען נישט האָבן קיין טענות. אַזוי איז דער רצון הבורא, אַזוי איז מסתמא נגזר געוואָרן מן השמים!

פון צער און ווייטיק האָט זיין מויל געציטערט. פון גרויס מיטלייד אויף זיינע קינדער און די איבריקע מענטשן, וואָס האָבן זיך צעגאָסן אין טרערן, האָט ער זיך גענומען בעטן: זאָל שוין זיין גענוג דאָס וויינען, הערט שוין אויף צו קלאָגן, גאָט ברוך הוא וועט אויף אייך שוין רחמנות האָבן!

אַ ווײַלע האָט אויפגעהערט דאָס וויינען, נאָר טיפע קרעכצן האָבן זיך געריסן פון פאַרקלעמטע הערצער, וואָס זענען באַלד ווידער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יאָמערדיק געוויין.



צערייצט פונעם פייער, פאַרשיכורט פונעם פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט, האָבן צוויי ייִדישע שונאים זיך פאַראייניקט: די פוילישע כוליגאַנעס אין איינעם מיט די דייטשע רוצחים האָבן זיך איצט געלאָזט הוליען איבערן שטעטל. ווו נאָר די שקצים האָבן דערזען אַ ייִד, וואָס איז דערשראָקן געלאָפן זיך באַהאַלטן, האָבן זיי מיט די פינגער אָנגעוויזן: „יודע, יודע״! און די דייטשע מערדער האָבן גלייך געשאָסן...

פול מיט פוילישן פעבל איז געוואָרן אַרום דעם ייִדישן שטעטל. זיי האָבן ווי הונגעריקע חיות געלעכצט צו רויבן ייִדיש פאַרמעגן און צו פאַרגיסן ייִדיש בלוט.

די ייִדן זענען געזעסן מיט פחד פאַרשלאָסן אין זייערע הייזער, נישט געוועזן צו וועמען זיך צו ווענדן נאָך הילף, ביי וועמען צו בעטן שוץ.

נישט ווייט פון שעכטהויז, וואָס איז געשטאַנען אין פלאַמען, איז דער שייטלמאַכער געווען באַהאַלטן אין אַ ווינקל צווישן די הייזער; ווען ער איז געגאַנגען אין באָד, געוואָלט זיך טובלען און דערזען לויפן די באַנדע דייטשן, האָט ער זיך דאָ פאַררויקט אין אַ ווינקל און געוואַרט ביז די סכנה וועט

אַריבער. ער איז געבליבן שטיין, האָט געהערט מיט האַרץ־ווייטיק וואָס ס׳איז געשען מיט די ייִדן און געציטערט ווי אַ בלאַט פון מורא.

איצט, ווען די פוילישע שקצים האָבן אָנגעהויבן אַרומצולויפן, האָבן זיי אים דאָ געטראָפן. זיי האָבן אים געשלאָגן און געחוזקט: „זשידזיע, וואָס האָסטו זיך עפּעס באַהאַלטן״? זיי האָבן אים געריסן ביי דער באָרד און געשלעפּט ביי די פּיאות צו די דייטשן, וועלכע זענען געשטאַנען לעבן שעכטהויז און געקוקט ווי עס ברענען דאָרט די מענטשן...

— אָט איז אַ יודע! האָבן די שקצים געשריגן צו די דייטשן — אַ יודע, וואָס האָט זיך באַהאַלטן.

דער שייטלמאַכער איז געפאַלן אויף די קני, זיך געבעטן: „האָט רחמנות, איך בין אַ טאַטע פון קליינע קינדער. שענקט דאָס לעבן״!

אָבער פון אַ שטאַרקן קאָפּע אין בויך מיט אַ עזלנערישן שטיוול, איז ער געפאַלן אויף דער ערד און פון יסורים קוים געכאַפּט דעם אָטעם. די דייטשע זעלנער האָבן אים געבונדן מיט די ייִדישע זיידענע גאַרטלען, וואָס האָבן דאָרט זיך געוואַלגערט. ער איז אַזוי געבליבן ליגן, נישט קיין ריר זיך צו געבן, נאָר געציטערט און געבעטן: „האָט רחמנות, שענקט דאָס לעבן״! עטלעכע פּאָר הענט האָבן אים אַ כאַפּ געגעבן און אַ שליידער געטאָן אין ברענענדיקן פענצטער פון שעכטהויז.

— שמע ישראל! — האָט זיך נאָך געהערט זיין דערשטיקט קול פון פייער אַרויס.



ווען די דייטשן האָבן געמאַכט דעם איבערפאַל אין באָד און אַרויסגע־טריבן פון דאָרט די מענטשן, האָבן עטלעכע ייִדן, נאַקעטע, זיך באַהאַלטן הינטער די הילצערנע שוויץ־שטיגן, כדי דאָ איבערצוואַרטן ביז די סכנה וועט אַריבער. ווען זיי האָבן געהערט וואָס עס טוט זיך, האָבן זיי זיך נאָך מער פאַררוקט אין די ווינקלען. זיי האָבן געציטערט פאַר קעלט און פאַר פחד און געוואַרט, עס זאָל שוין צופאַלן דער אָוונט, ס׳זאָל טונקל ווערן אין דרויסן, וועלן זיי פון דאַנען אַנטלויפן. אָבער ווען ס׳איז שוין ענדלעך צוגעפאַלן דער

אָוונט, ס'האָט שוין אָנגעהויבן צו טונקלען אין דרויסן, האָבן זיי מיט אַ מאָל דערשפּירט אַ שטאַרקן רויך, וואָס האָט אָנגעהויבן אַלץ מער צו שטיקן דעם אָטעם. זענען זיי אַרויס פון דאָרט און געוואָלט אַנטלויפן דורך די הינטערשטע טירן. דאָ האָבן שוין אָבער געברענט די הילצערנע ווענטלעך פון די קאַבינעס, ווו עס זענען געווען וואַנעס צום באָדן. האָבן זיי געוואָלט לויפן דורך דער פאָדערשטער שטוב, האָבן שוין אָבער דאָ געברענט די בענק און די שענק־לעך, וואָס האָבן געדינט צום האַלטן די קליידער. אַלע טירן זענען געווען אין פלאַמען.

צום אַנטלויפן איז נאָר געבליבן דאָס פענצטער, אָבער ווי נאָר זיי האָבן זיך דאָ צווישן געדיכטן רויך באַוויזן, האָבן די דייטשע רוצחים, וועלכע זענען די גאַנצע צייט דאָ געשטאַנען אַרום, אָנגעהויבן צו שיסן, ביז אַלע זענען געבליבן ליגן טויט.

אויך אין הויז פון „הכנסת אורחים" האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן ייִדן בעת דעם אָנפאַל פון די דייטשן. זיי זענען אַרויף אויפן בוידעם און געוואַרט אויף אַ נס צו קאָנען אַנטלויפן. זיי זענען דאָ געלעגן איינגעשרומפּן אין די ווינקעלעך און קוים געצויגן דעם אָטעם עס זאָלן זיי חלילה נישט דער־הערן די דייטשן.

אָבער ווען די באָד דערנעבן האָט אָנגעהויבן ברענען, האָט זיך דער דאַך איבער זיי אַזוי צעהיצט פון פייער, וואָס דער ווינט האָט אַהערגעבלאָזן, אַז ס'איז שוין מער נישט געווען צום אויסהאַלטן. זיי האָבן געזען, אַז אָט־אָט וועלן די הילצערנע ברעטער פון בוידעם זיך אָנצינדן פון די פייערדיקע פונקען, וואָס קומען צו פליִען פון באָד. האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן מיט די שטיגן צום קאָרידאָר, ווו די סכנה האָט אויסגעזען צו זיין קלענער און געהאָפט, אַז אפשר וועט גאָט העלפן און ס'וועט זיי דאָך גע־לונגען צו אַנטלויפן פון פייער.

האָבן אָבער די דייטשן פאַרלייגט די טירן און נישט אַרויסגעלאָזט פון דאַנען קיינעם, און דורך די פענצטער האָבן זיי אָנגעהויבן צו גיסן נאַפט און אונטערגעצונדן, ביז אַלע דאָ זענען געבליבן דערשטיקט אין פייער.



אין פינצטער־געוואָרענעם פּאָליש פון דער שול איז ר׳ ניסעלע נוסבוים געלעגן אין חלשות.

ווען דאָס פייער פון דער גרויסער שריפה האָט באַלויכטן דאָס פענצטער פון פּאָליש, האָט ער געעפנט די אויגן און דערזען זיך ליגן אונטערן טיש לעבן פענצטער און אין זיינע הענט זענען שטיקער פון דער באָרד פאַר־קלעמט צווישן די פאַרשטייפטע פינגער. ער האָט נאָך אַלץ נישט געוווּסט, ווו ער געפינט זיך, פון וואַנען האָט ער זיך דאָ גענומען.

אַ לענגערע צייט איז ער געלעגן אין חלשות. ווען ער איז דאָ אַריינ־געקומען האָט ער נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאָר דערלעבן. ער איז געווען פאַרנומען אין זיינע דערשראָקענע געדאַנקען און פון די טריט וואָס ער האָט געהערט אַרומלויפן.

אָבער ווען עס האָבן זיך אין דער הוילער שול דערהערט די ערשטע צוויי שאָסן און אָפּגעקלונגען מיט אַן עכאָ, האָט ער זיך נאָך מער דער־שראָקן. ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און פאָרזיכטיק געעפנט די ערשטע קוואַטירן מיט די פאַרהאָנגענע שויבן, כדי צו זען וואָס אַזוינס עס קומט פאָר אין דרויסן.

ער איז אין גאַנצן אויפגעציטערט געוואָרן, ווען ער האָט דערזען פאַר דער באָד די ייִדן, אַרומגעשטעלט מיט ביקסן, און ווי מען הייבט זיי אָן צו שלאָגן פון אַלע זייטן. ער איז צוגעלאָפן צום אָרון־קודש, אָנגעהויבן וויינען מיט ביטערע טרערן און בעטן גאָט פאַר זיי, וואָס שטייען להרוג ולאבד, למכה ולחרפה...

ווען ער האָט פאַרענדיקט דאָס בעטן, איז ער ווידער צוגעלאָפן צום פענצטער. אין דעם מאָמענט אָבער האָט די שיסעריי אויפגעציטערט די שויבן און די שרעקלעכע קולות פון שעכטהויז זענען געגאַנגען עד לב השמים. ס׳איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט אָנגעהויבן רייסן זיך די האָר פון דער באָרד און געפאַלן אין חלשות.

איצט, ווען ער איז אַ ביסל געקומען צו זיך און דערזען אין דרויסן די שׂריפה, האָט ער זיך אויפגעהויבן אַ צעטומלטער, צוגעגאַנגען צום אָרון־קודש, אַרויסגענומען אַ ספר און זיך אָנגעהויבן צו דרייען אַרום דעם שולחן. ער האָט געבעטן: „רחמנא אדכּר לן זכותא ואברהם רחימא... רחמנא

אדכר לן זכותא דיצחק עקידה״... ווי ער וואָלט די הקפות געמאַכט ביים זאָגן די הושענות. ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביי דער לעצטער הקפה, „רחמנא אידכר לן זכותא דדוד מלכא משיחא״ איז דער איבערגעברענטער דאַך פון דער באָד מיט אַ טראַסק אַראָפּגעפאַלן איבער די ווענט און אַ בליאַסק פון פייער האָט נאָך שטאַרקער אַ שלאָג געטאָן אין פענצטער. ר׳ ניסעלע איז אַרויס פון פּאָליש און אַריינגעלאָפן דורכן הינטערשטן הויף אין רבס הויז דערנעבן.

פינצטער איז דאָ געווען אין די צימערן. נאָר דורך די פענצטער האָט די שׂריפה געוואָרפן שאָטנס. אין די ווינקלען האָבן דערשראָקענע מענטש־לעכע געשטאַלטן זיך געשאָקלט און געבעטן צו גאָט. אויך ר׳ מענדעלע, דער מעליצער רב, איז אַ ציטערנדיקער געשטאַנען אין אַ ווינקל, איינ־געהילט אין טלית און געהאַלטן אין זאָגן „אל רחום וחנון״, אין זכות פון די הייליקע אבות, אין זכות פון אַלע צדיקים, און געגאָסן מיט ביטערע טרערן.

ר׳ ניסעלע איז אַריינגעקומען, ווי קיינער וואָלט נישט געהערט, ווי ער וואָלט געווען אַ רואה ואינו נראה. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, רופן, שרייען, אָבער דאָס איז נישט מעגלעך געווען. זיין האַלדז איז פאַרשטיקט געוואָרן און די צונג איז צוגעטריקנט געוואָרן צום גומען.



אין ברעטערסקלאַד פון הערשעלע גערסטן בשכנות, איז געוואָרן אַ שרעקלעכע בהלה צווישן די פרעמדע ייִדן, וועלכע האָבן זיך דאָ באַהאַלטן.

פּלוצלונג האָט אַ פייער אַלץ דאָ אַרומגעכאַפּט — די רוצחים האָבן אונטערגעצונדן דעם סקלאַד פון אַלע זייטן און נישט איבערגעלאָזט קיין אָרט פאַר זיי צו אַנטלויפן. די מענטשן זענען געלאָפן פאַרצווייפלט, גע־שפּרונגען פון איין שטויס ברעטער צום צווייטן, פון איין סטאָק האָלץ צום אַנדערן. זיי האָבן געוואָלט אַנטלויפן פונעם פייער. אָבער דאָס אויסגע־טריקנטע האָלץ מיט די ברעטער אין איינעם האָט געפלאַקערט און דאָס פייער האָט זיך פאַרשפּרייט מיטן ווינט אין אַלע זייטן.

אַ געראַנגל צווישן מענטש און פייער אויף טויט און לעבן. איינער וויל דעם צווייטן באַזיגן. די מענטשן וואַרפן זיך מיט אַלע כוחות צו ראַ־טעווען זייער לעבן פון דער שׂריפה, צו אַנטלויפן. דאָס פייער ווידער ברענט מיט פלאַקער צווישן רויכיקע וואָלקנס, וואַרפט מיט פלאַמען ווי ריזיקע שלאַנגען אַלץ צו פאַרשלינגען.

און געזיגט האָט דאָס פייער, וואָס דער טייוול האָט צעבלאָזן איבער די שוצלאָזע ייִדן. און געצונדן האָבן זיך די ייִדישע הייזער אַרום, אין דער גאַנצער סביבה, וואָס איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פלאַמען.



שטייט איצט דאָס ייִדישע שטעטל ווי איינגעשרומפּן פאַר מורא, באַ־לויכטן דורך דער שׂריפה און די ייִדישע הייזער אין די געסלעך אַרום, ווי זיי וואָלטן די קעפּ געבויגן פאַר פּחד אַ יעדע מינוט צו ווערן אונטער־געצונדן. אין יעדער שטוב שרעקט מיט אימה, אַ יעדער ייִד ציטערט פאַר מורא און אין יעדן האַרץ ברענט אַ ווייטיק.

די שׂריפה פאַרשטאַרקט זיך וואָס אַ מאָל מער און די ייִדן פון דער אַרומיקער געגנט שטייען שוין מיט די פּעקלעך אויף דער פּלייצע און מיט די קינדערלעך אויף די הענט, גרייט צו אַנטלויפן פון זייערע היימען. „אָבער וווהין לויפן״? — פרעגן זיי פאַרצווייפלט און קוקן מיט טויטשרעק צום הימל, וואָס איז רויט פון פייער און שפרייט זיך איבערן שטעטל — אַז אַ יעדער טריט אין דרויסן איז פול מיט סכנה און דער טויט לויערט פון אַלע זייטן...



אין בוידעם־פענצטערל פון בית־מדרש, אַקעגן איבער דער באָד, וואָס איז געשטאַנען אין פלאַמען, האָט זיך יעדעס מאָל באַוויזן אַ ייִד, אַ קוק געגעבן צום פייער און איז פאַרשוווּנדן. ער איז ווידער געלאָפן איבערן בוידעם, איבער די אַלטע שמות, וואָס זענען דאָ געווען אָנגעוואָרפן. ער האָט

געשלאָגן זיך מיט די פויסטן איבערן קאָפּ און פּנים, וואָס איז שוין געווען אָנגעלאָפן מיט בלוט, געריסן זיך די האָר פון זיין גרויער באָרד און פּיאות און פאַרצווייפלט גערופן: „גאָט! ווו ביסטו, גאָט? פאַר וואָס הערסטו נישט די קולות פון שעכטהויז, די געוואַלדן, דאָס שרייען און רופן? פאַר וואָס זעסטו נישט וואָס מען טוט מיט דיינע ייִדן?! אַ דין תורה וויל איך מיט דיר האַלטן, גאָט! — האָט ער געהאַלטן אין איין שרייען — פאַר וואָס האָסטו אומגעבראַכט די מענטשן? וואָס האָסטו געוואָלט פון מיינע קינדער"?

ער האָט זיך ווייטער געשלאָגן איבערן קאָפּ און פּנים און געריסן זיך שטיקער באָרד.

דאָס איז געווען אַ ייִד פון דעם שטעטל באָכניע. מיט זיינע צוויי זין איז ער אַנטלאָפן פאַר די דייטשן און געבליבן דאָ שטעקן. היינט, לכבוד ראש־השנה, איז ער צוזאַמען מיט זיי געקומען אין מקווה זיך טובלען. צום יום־הדין געוואָלט זיין כשרע ייִדן... נאָר היות ווי ער האָט נאָך געוואָלט לערנען אַ שטיקל משניות פאַרן אָנקומען פון הייליקן ראש־השנה, איז ער איילים אַרויס פון באָד און געלאָפן צום בית־מדרש דערנעבן.

אָבער ווען ער האָט זיך אַ ביסל דערווייטערט פון דער באָד, און ער האָט דערזען די דייטשן אָנלויפן פון אַלע זייטן, איז ער פאַר שרעק אַרויף אויפן בוידעם און זיך באַהאַלטן. ער האָט געקוקט דורכן פענצטער צו דער באָד אַקעגנאיבער, ווו זיינע זין זענען נאָך פאַרבליבן. ווען ער האָט דערזען, וואָס עס טוט זיך דאָרט מיט די פאַרהאַלטענע ייִדן און מיט זיינע צוויי זין צווישן זיי, האָט ער אָנגעהויבן פאַר זיי שטאַרק צו בעטן גאָט, צו וויינען און קלאָגן. אָבער פאַרמאַכט זענען געווען די טויערן פון הימל און גאָט האָט נישט געהאָלפן. איז ער פון צער און ווייטיק אַראָפּ פון זינען, געוואָרן משוגע, געריסן פון זיך די מלבושים, געבראָכן די הענט, געביסן די פינגער און פאַרצווייפלט גערופן: „גאָט! ווו ביסטו גאָט? וואָס האָסטו זיך באַהאַלטן? אַ דין־תורה וויל איך מיט דיר האָבן, פאַר מיינע קינדער און פאַר אַלע ייִדן. יאָ, אַ דין־תורה וויל איך מיט דיר האַלטן, גאָט, אַ דין־תורה" !...

נאָך פייערדיקער איז געוואָרן דער הימל און רויט זיך געשפּרייט

איבערן שטעטל, בעת די דייטשע רוצחים צוזאַמען מיט די פּוילישע כולי־גאַנעס האָבן זיך געוואָרפן אויף דער שול און זי אונטערגעצונדן. זי איז באַלד אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון פלאַמען און באַלויכטן דעם מאַרק און די אַרומיקע גאַסן, ווו עס האָט זיך אין דער זעלבער צייט געצויגן אַ לאַנגע ריי פון דייטשע פּאַנצער־וואָגנס מיט מאַשין־געווער, קאַנאָנען און טאַנקען. פון דער הויפּישער גאַס האָבן זיי זיך גערוקט אויף שווערע קייטן, ווי אַ ריזיק־לאַנגע שטאָלענע שלאַנג וואָלט דאָס שטעטל אין קלעם אַריינגענומען.

דער פייערדיקער אָפּשיין פון דער ברענעדיקער שול, אָפּגעשלאָגן אויפן גלאַנציקן שטאָל פון דער לאַנגער, ריזיקער שלאַנג, האָט ביי איר ווי טויזנטער אויגן אָנגעצונדן, וועלכע האָבן מיט גיפטיקן פייער געקוקט אין די אַרומיקע הושכדיקע פענצטער, כדי אַלץ דאָרט צו דערשטיקן.

אויך צו דער גוייִשער קירכע הינטער דער צווייטער זייט מאַרק האָט דערגרייכט דער אָפּשיין פון דער שול־שׂריפה און זי באַלויכטן. דער צלם, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען אין דער פינצטערניש אויפן שפּיץ קירכע־טורעם, האָט זיך מיט אַ מאָל גאָלדיק באַוויזן, צעגלאַנצט זיך און ווי מיט שטאָלץ געשטראַלט קעגן דער שׂריפה, ווי ער וואָלט מיט צופרידנקייט געקוקט אויפן פאַרפייניקטן, צעבלוטיקטן, ייִדישן שטעטל.

די שול, האָט זיך ווי מיט מער ביטערקייט צעפלאַקערט אין אַ רױשיק פייער, מיט ברענעדיקע שמות פון אַלטע ספרים אַרום איר בוידעם גע־וואָרפן און אין דער הויך פלאַמיק געשמיסן. פון די שולטורעמס האָבן די פלאַמען נאָך שטאַרקער צעשטורעמט און געריסן זיך דורך זייערע שמאָלע פענצטערלעך, ווי זיי וואָלטן מיט פייערדיקע פינגער פון דאָרט צו דעם גוייִשן צלם אָנגעוויזן: אָט איז דיין קריסטלעכער יושר, דיין רחמנות !...

פון די ברענענדיקע הייזער און זייער נאָענטער סביבה זענען די מענטשן קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. אַ סך פון די מענער האָבן די דייטשן פאַרהאַלטן, כדי אַרויסצוטראָגן די זעק מיט תבואה פון סקלאַד אין הויז פון בערל מאָשטשיסקער, לעבן דער שׂריפה. די תבואה האָבן זיי געלאָדן אויף מיליטערישע לאַסטמאַשינען, וואָס די דייטשן האָבן ערגעץ־ווו אַוועק־געפירט.

נאָך דעם פאַרענדיקן די אַרבעט האָבן זיי אויסגעשטעלט די ייִדן ביי דער ברענעדיקער שול, מיט די הענט אין דער הויך, און געדראָט אַלע אויסצושיסן אויב עס וועט זיך ווער פון זיי דערוועגן צו אַנטלויפן.

די איבעריקע מענטשן פון דער ברענעדיקער סביבה האָבן זיך אַ טייל פאַרשפרייט אין די פעלדער הינטערן שטעטל, אַנדערע זענען אַריין אין די ייִדישע הייזער, וועלכע האָבן זיך געפונען ווייטער פון דער שׂריפה — און די איבעריקע האָבן זיך דורך הינטערגעסלעך אַריינגעכאַפּט אין בית־מדרשל פון ר׳ לאָזערל דעם באָרוּוער רבּ, לעבן דער ברייטער גאַס. דאָ זענען זיי שטיל געזעסן און דערשראָקענע איינגעהערט זיך אין דעם שרעקלעכן דרויסן. אַפילו די קינדערלעך זענען געזעסן שטיל און קיין פּיפּס נישט געגעבן.

אין דער שטילקייט האָט זיך בלויז געהערט דאָס געשטיקטע קרעכצן פון באָרוּוער רבּ: „אבינו שבשמים״! מער האָט ער נישט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסרעדן.

ער איז אויך געווען היינט אין באָד זיך טובלען, נאָר ער איז אַוועק עטלעכע מינוט פריִער, איידער דאָס אומגליק איז געקומען. ער האָט דאָרט געזען די אַלע ייִדן וועלכע מען האָט אַ ביסל שפּעטער פאַרהאַלטן. און איצט שטעלט ער זיך פאָר, ווי אַזוי זיי זענען אַכזריותדיק דערמאָרדעט און אונטערגעצונדן געוואָרן אין פייער. ער קאָן זיך נישט באַפרייען פון דעם שרעקלעכן בילד, וואָס ער זעט איצט מיט זיינע פאַרמאַכטע אויגן...

אויך די רביצין איז געווען שטאַרק איבערגעשראָקן, אָבער זי האָט זיך געהאַלטן, אַרומגעשלייכט זיך אין די פינצטערע ווינקלען, דערלאַנגט ווּעמען אַ בענקל צום זיצן, גענומען אַ קינד אויף די הענט, אָדער דער־לאַנגט אַ גלאָז וואַסער ווּעמען ס׳איז באַפאַלן אַ חלשות. נאָר ווען אין פנעצטער האָט זיך מיט אַ מאָל באַוויזן דאָס פייער פון דער שול, איז זי אויך, ווי אַלע, פאַרגליווערט געוואָרן. אויך דעם רבס קרעכצן איז פאַר־שטילט געוואָרן — ס׳האָט אים שוין אין גאַנצן פאַרשטיקט דער אָטעם.

אַזוי האָט עס געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, ביז דאָס פייער האָט איבער־געביסן די הילצערנע קראָקוועס פונעם שולדאַך און ער איז, צוזאַמען מיטן סופיט, אַראָפּגעפאַלן מיט אַ שטאַרקן קראַך פון די הויכע מויערן. דאָס

פייער האָט נאָך שטאַרקער אַ פלאַקער געטאָן אין פענצטער מיט אַ בליאַסק. אַלע זענען אויפגעשפּרונגען און אַ געשריי געטאָן: „שמע ישראל״! אַ געוויין און אַ ביטער קלאָגן איז אויסגעבראָכן, ווי דאָס בית המקדש וואָלט איצט פאַר זייערע אויגן חרוב געוואָרן...

עס ברענט דאָס פייער אין מעליצער יידישן שטעטל. אין פלאַמען שטייט די גאַנצע געגנט. שוואַרצע, געדיכטע רויכן טראָגן זיך אין דער הויך. עס ברענען דערמאָרדעטע צוזאַמען מיט לעבעדיקע, געוואָרפענע אין פייער.

דאָס פייער קנאַקט פון אַלע זייטן, און זוכט אַלץ צו פאַרניכטן. ווילד רייסן זיך די פלאַמען, וואָס טראָגן זיך הויך אין אַ ווינטיקן געווירבל. זיי בייגן זיך מיט ריזיקן פלאַטער אין אַלע זייטן, הוידען זיך, בוקן זיך און דרייען זיך, ווי אַשמדאי און אַלע זיינע טייוולאָנים וואָלטן מיט אַ מאָל אַרויס פון שאול התחתית און דאָ ווילד געטאַנצט אין אַ פייערדיקן קאַראַהאָד, צו דער שׂמחה פון זייער היינטיקן נצחון.

נאָך האַלבער נאַכט, ווען די רוצחים זענען שוין זאַט געוואָרן פון פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, ווען צערונען זענען שוין געוואָרן די שוואַרצע וואָלקנס רויך און ס׳האָט זעך שוין געלאָשן די שׂריפה, נאָך חצות, ווען עס זענען שוין פאַרקוילט געוואָרן אין פייער די יידישע קרבנות און די נאַכטיקע פינצטערניש האָט שוין צוגעדעקט די גאַנצע סביבה — האָבן נאָך פייערדיקע פונקען זיך באַוויזן צווישן די אָפּגעברענטע ווענט פון שעכטהויז. זיי האָבן זיך געהויבן אין פייערדיקע זיגזאַגן, צוריקגעפאַלן אין פינקלדיקע בויגנס אויף די פאַרקוילטע קערפּערס פון די אומגעקומענע יידן. זיי זענען פאַרשוווּנדן און ווידער זיך באַוויזן מיט אַ גלאַנץ ווי שנירלעך פייערדיקע פּערל וואָלטן זיך אַראָפּגעלאָזט און ווידער געפלויגן, ווי דאָס וואָלטן געווען די נשמות פון די יידישע קדושים.

אין אַן אויסגעברענט פענצטערל פון דער שולס אָנגעסמאַליעטן טורעם האָט זיך נאָך באַוויזן אַ פלעמל, אַ פלאַטער געטאָן, ווי אַ ליכטל צו קאָפּנס ביי אַ נפטר, אַ בייג געטאָן זיך אין אַלע זייטן, פאַרזונקען און ווידער זיך

מיט אַ ציטערדיקן פלאַטערל באַוויזן, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען די נשמה פון דער אָפּגעברענטער שול.

צווישן די ייִדישע הייזער אין דער פינצטערער נאַכטשטילקייט האָט זיך נאָך לאַנג געהערט אַ וויינענדיק, געשטיקט קרעכצן: „אוי, מיין מאַן! אוי, מיין טאַטע! אוי, מיין טייער קינד"!... און פון צווישן די אָפּגעברענטע, פאַרחושכטע שולמויערן האָט זיך ווי געהערט אַ שטיל קלאָגן: „אוי איז מיר, מיין ייִדיש שטעטל! ווי צו מיר פאַר אייך, טייערע מעליצער ייִדן"!...



אַ טייל פון דער אָפּגעבּרענטער שול

ווי אַן אייביקייט האָט געדויערט די נאַכט פון ערב ראש־השנה נאָך דער שחיטה אויף יידן און דער שׂריפה אין שטעטל. די געבליבענע זענען געווען באַהאַלטן אין זייערע פינצטערע שטובן, מיט צעבראָכענע הערצער און ביטערן טרויער נאָך די פאַרפייניקטע און אויסגעקוילעטע יידן און מיט פחד און מורא פאַר זייער אייגענעם לעבן, וואָס איז געוואָרן הפקר פאַר די רוצחים.

פון דעם פינצטערן דרויסן האָט זיך כסדר געהערט דער אָפּקלאַנג פון די שטראַמע טריט און געלויף פון די מיליטערישע דייטשע רוצחים און געשראָקן די פאַרבאַהאַלטענע יידן אין זייערע שטובן, אַז אָט־אָט ברעכן־אויף די דייטשע ווילדע חיות זייערע טירן, כדי צו כאַפּן זיי און נאָך מער פאַרגרעסערן די צאָל יידישע קרבנות אין שטעטל. אַ נאַכטיקער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן איבערן שטעטל מיט אַ רויכיקן ריח פון דער שׂריפה, מיט אָנגעסמאַליעטן טשאַד פון די פאַרברענטע יידישע קרבנות, וואָס האָט זיך געלייגט ווי אַ בריענדיקער זשאַווער אויף די צעריסענע געמיטער, פאַרשטעלט דעם אָטעם, און פאַרקלעמט דעם האַלדז.

ווי נאָר עס האָט גענומען העלן דער גרויער טאָג, האָט דער גלאָק פון דער גויישער קירכע אָנגעהויבן קלינגען, ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט אין שטעטל. דאָס קלינגען פון דער קירכע האָט אויסגעזען ווי ספּעציעל צו רייצן די יידן פון שטעטל נאָך זייער אומגליק, צו ווייזן די העכערקייט פון זייער אמונה. און דעמאָלט האָט פּלוצלונג אַ רויטקייט פון פייערדיקע פלאַמען אַ שלאָג געטאָן אין די פענצטער פון די יידישע שטובן און ווידער אַ מאָל זיי דערציטערט.

דאָס פייער האָבן אָנגעצונדן די פרומע קריסטלעכע פּאָליאַקן, כדי צו פאַרענדיקן די טייוולאָנישע מעשׂים פון די דייטשע רוצחים; זיי האָבן אונטערגעצונדן דאָס חסידישע בית־מדרש לעבן דער שול צוזאַמען מיט דער „מויער" קעגנאיבער. פייערדיקע פלאַמען האָבן זיך געטראָגן איבער די דעכער פון די בתי־מדרשים וואָס זענען פול געווען מיט הייליקע ספרים, מיט אַלע ספרי תורה אין אָרון־קודש. די פלאַמען האָבן זיך געשטאַרקט און אין געדיכטן רויך געטראָגן די פליענדיקע שמות פון אַלטע ספרים, וואָס האָבן יאָרן לאַנג זיך געזאַמלט אין די ביידעמער. זיי האָבן איצט

געברענט אין די הויכקייטן, ווי זיי וואָלטן פייערדיק געפלויגן צום הימל.

באַלד האָט אויך אָנגעהויבן ברענען די תלמוד־תורה, וואָס איז געווען געבויט צו דער וואַנט פון דער מויער לענג־אויס דעם שולפלאַץ. דאָס פייער האָט זיך געכאַפּט ווייטער, צום הויז פונעם מעליצער רב, וואָס האָט געשלאָסן זיך מיט דער תלמוד־תורה צו דער גאַס.

# אין קלעם פון צער און צאָרן

ר׳ מענדעלע, דער מעליצער רב האָט זיך באַצויגן גלייכגילטיק צו די שמועסן וועגן דער קומענדיקער מלחמה, און ווען ס׳איז אָנגעקומען יענער היסטאָרישער פריַיטיק און די באָמבעס האָבן גענומען פאַלן אויפן שטעטל, האָט ער געהאַט גרויס צער וואָס דער רבונו של עולם האָט אָנגעשיקט אַזאַ צרה אויף דער וועלט.

ער האָט געגלויבט באמונה שלמה אין די רייד פון בעלזער רבין וואָס האָט געזאָגט אַז ס׳וועט קיין מלחמה ניט זיין, סיידן... די מלחמה פון גוג ומגוג, נאָך וועלכער עס וועט קומען דער מלך המשיח און די גאולה פאַר כלל ישראל. פּלוצעם — אַ מלחמה, מיט באָמבעס, סכנות נפשות, פונקט ערב שבת. צוליב דעם אויסנאַם־צושטאַנד האָט מען אין אַ סך שטיבער ניט געצונדן קיין שבת ליכט, די בתי מדרשים זיינען ניט געוואָרן באַלויכטן, און מער פון אַלץ האָט אים געערגערט דאָס וואָס די מקווה איז זינט די דייטשן האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל ניט געוואַרעמט געוואָרן צום טובלען און פון דעם האָט געליטן די טהרת המשפחה.

דעריבער ווען ערב ראש השנה נאָך סליחות, האָט קהל אין חסידישן בית המדרש באַשלאָסן צו מאַכן אַ וואַרעמע מקווה, איז אים לייכטער געוואָרן אויפן האַרץ. גלייך ווי דער בעדער האָט צוגעגרייט די מקווה צום טובלען לכבוד יום־טוב, האָט ר׳ מענדעלע, דער מעליצער רב, זיך מקדים געווען צו דער דאָזיקער מצווה און ווי נאָר פאַרטיק געוואָרן — געאיילט זיך אַהיים צו מאַכן וויטערדיקע הכנות צום הייליקן יום־טוב. אויף אַזאַ אופן האָט ער אויסגעמיטן די גרויזאַמע שחיטה איבער די ייִדן אין שעכטהויז.

זיצנדיק אין זיין חדר־מיוחד איבער דער גמרא ביים פאַרענדיקן די מסכתא לכבוד דעם נייעם יאָר, האָט ער פּלוצלונג דערהערט אַ שיסעריי מיט די געוואַלדן „שמע ישראל" פון שעכטהויז, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַ ווידערקול פון דער שול. ער האָט פאַרשטאַנען דאָס גרויסע אומ־

גליק וואָס האָט געטראָפן, איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און האָט גענומען לויפן איבער דער שטוב הין און צוריק, ברעכן זיך די הענט פון צער און ווייטיק און בעטן צו גאָט אל רחום וחנון.

דערהערט פון די ייִדן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון אָרום שעכטהויז דעם גאַנצן אמת, איז אים באַפאַלן אַ ציטערנישט. ער האָט זיך גענומען רייסן די האָר פון קאָפּ: „רבונו דעלמא כולא, פאַר וואָס? פאַר וועלכע זינד? לשם מצווה זענען דאָך די אַלע פרומסטע געקומען זיך טובלען אין מקווה, פאַר דיר און דיין ליבן נאָמען, גאָט אין הימל! פאַר וואָס דער שרעקלעכער עונש? פאַר וואָס"?

אַז ער האָט דערהערט זיינע אייגענע רייד, וואָס האָבן אַרויסגעריסן זיך, נישט ווילנדיק, מיט טענות קעגן דעם רבון כל העולמים, האָט ער זיך צוריקגעצויגן און גענומען שרייען: גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט! ער האָט מיט ציטערדיקע הענט געכאַפּט דאָס תהילימל און אָנגעהויבן מיט דביקותדיקער פרומקייט זאָגן מיט ציטער און פלאַטער די הייליקע ווערטער וואָס האָבן געשווינדלט ווי שוואַרץ פייער פאַר זיינע אויגן.

אָוונטצייט, ווען ער האָט דורכן פענצטער דערזען דעם פייערדיקן גלאַנץ פון דער שׂריפה, האָט ער זיך מער נישט געקאָנט דערהאַלטן אויף זיינע פיס. ער איז געפאַלן צו דער ערד און צעטומלט פון צער און ווייטיק האָט ער נישט געקאָנט מער אַ וואָרט אַרויסברענגען פון זיין פאַרקלעמטן האַלדז...

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן אייַנברעכן דער טאָג, האָט ר׳ מענדעלע מיט זיינע אויסגעווייַנטע נישט אויסגעשלאָפענע אויגן דערזען זיין ווייסן קיטל וואָס איז צוגעגרייט געווען צום דאַווענען צו מאָרגנס פאַרן עמוד אין חסידישן בית־מדרש. ער האָט אים אַרויפגעצויגן אויף זיך, פאַרהילט זיך מיטן טלית און אָנגעהויבן מיט אַ צעבראָכן האַרץ זאָגן תהילים. ער האָט נישט פאַרענדיקט זאָגן אַפילו דאָס ערשטע קאַפּיטל ווען אַ פלאַמפייער האָט פון דער ברענענדיקער „מויער" דערנעבן אַ שלאָג געטאָן פאַרן פענצטער פון זיין חדר־מיוחד. ער איז געבליבן אַזוי אַ ווילע שטיין פאַר־

גלי־וועדט, ביז ער האָט דערהערט אַ קול פון זיין רביצין, וועלכע האָט מיט אירע קינדער געוואַכט אין אַ ווייטערדיקן צימער:

— ווידער אַ שׂריפה, מעליצער רב! אַנטלויפן! וואָס גיכער!

ער האָט זיך פון דעם קול אַזוי ווי אויפגעוועקט. איז אַריינגעלאָפן אין דער צווייטער שטוב, וואָס האָט געדינט אַלס בית־מדרשל צום דאַווענען און לערנען און שרייענדיק: „לישועתך קיוויתי השם", אויפגעפּראַלט דעם אָרון־קודש און האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ ספר־תורה מיט זיינע ציטערנדיקע הענט. מורא האָבנדיק אַרויסצולויפן צו דער גאַס, וווּ עס האָבן זיך געדרייט באַוואָפנטע דייטשע וואַכן, איז ער אַרויס מיט דער הינטערשטער טיר פון קאָרידאָר צום הויף, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער ברענענדיקער „מויער", מיט דער כוונה צו לויפן פון דאַנען צום חסידישן בית־מדרש דערנעבן. דערזען, אַז אויך פון דאָרט טראָגט זיך אַ פייער, איז ער געבליבן שטיין נאָך מער צעטומלט און אָנגעהויבן זאָגן מיט אַ ציטערנדיק קול: „מי בחרב, מי בשׂריפה" און אַלע ווייטערדיקע ווערטער פון דעם ימים־נוראימדיקן „ונתנה תוקף"...



אין הויז פון ברוך אַברהם שוואַלב דעם פעדערן־סוחר, ווען זון יאַנקעלע איז ערב ראש־השנה נאָך מיטאָג אַוועק צו דער באָד טובלען זיך אין דער מקווה לכבוד יום־טוב און זיך נאָך נישט אומגעקערט אַהיים, האָט מען נאָך אַלץ געהאָפט, אַז אַזוי ווי ס'וועט אַוועק די נאַכט, ווען עס ענדיקט זיך דער אויסנאַם־צושטאַנד פון מלחמה־צייט וואָס די דייטשן האָבן איינגעפירט — וועט זיך יאַנקעלע מיט השם יתברכס הילף אומקערן אהיים.

יעדעס מאָל פרייטיק נאָך מיטאָג, ווען יאַנקעלע איז אַוועק זיך טובלען אין דער מקווה לכבוד שבת, פלעגט ער צוריקגייענדיק דורכן חסידישן בית־מדרש נישט ווייט פון באָד אַריינגיין אַהין אויף אַ ווילע מעיין זיין אין אַ חסידישן ספר וועגן דער פרשה פון דער וואָך און שפּעטער ערשט קומען אַהיים. מען האָט דעריבער געקלערט, אַז מסתמא האָט ער דאָס זעלבע געטאָן היינט, און ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ווילדע געיעג

פון די דייטשן אין גאַס, האָט ער מורא געהאַט צו פאַרלאָזן דאָס בית־מדרש און געבליבן דאָרט זיצן. שפּעטער האָט ער ווידער נישט געקענט אַרויסגיין צוליבן אויסנאַם־צושטאַנד, אָבער אַזוי ווי ס׳וועט ווערן טאָג וועט ער זיך אומקערן אַהיים. אַחוץ דעם איז דאָס הויז פון ברוך אַברהם שוואַלב געווען אין אַ געסל נישט ווייט צו דער גויִישער בלאָניע, דער־ווייטערט פון צענטער, ווו ס׳איז פאָרגעקומען דאָס שרעקלעכע אומגליק מיט די ייִדן. די ייִדישע שכנים אַרום, וועלכע האָבן יאָ געוווּסט דעם גאַנצן אמת און פאַרשטאַנען אַז אויך יאַנקעלע זייער זון האָט געטיילט דעם גורל מיט די אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין באָד, האָבן אויסגעמיטן וועגן דעם אַלעם צו רעדן — געזוג, אַז זיי וועלן שפּעטער געוואָר ווערן פון זייער גרויסער בראָך.

אין משך פון דער גאַנצער נאַכט האָט ברוך אַברהם זיך געדרייט הין און צוריק איבער דער שטוב, געקרעכצט און געבראָכן זיך די הענט און מיט טיפער זאָרג געטראַכט וועגן גורל פון זיין זון. השם יתברך זאָל זיך נאָר מרחם זיין! יעדעס מאָל האָט ער מיט ציטערנדיקע פיס זיך דערנענ־טערט צום פענצטער, געקוקט אין דער דרויסנדיקער טונקלקייט און דער־וואַרט מיט אומגעדולד דעם קומענדיקן טאָג.

אין ווינקל פון שטוב איז אויף זיין בעטל געלעגן זיין עלטסטער זון מנשה, וועלכער איז לעצטנס קראַנק געוואָרן. געווען האַלב פאַראַליזירט, מיט ציטערנדיקע הענט און פיס. זיין פאָטערס נערוועז שפּרייזן איבער דער שטוב און זיינע טיפע קרעכצן האָבן אים שטאַרק גערירט און אויך ער האָט אָנגעהויבן קרעכצן און שטיל צו וויינען, אָבער די טרערן האָט ער נישט געקאָנט אָפּווישן פון פּנים מיט די אייגענע הענט. צו זיין ייִנגערן ברודער יאַנקעלע איז ער געווען צוגעבונדן בלב ונפש, ווייל ער האָט גענומען אויף זיך די מצווה צו העלפן אים מיט אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. געוואָרן זיין רעכטע האַנט און באַדינט אים מיט גרויס איבער־געגעבנקייט זינט ער איז קראַנק געוואָרן. אויך ער האָט געוואָלט גלייבן, אַז זיין ברודער וועט זיך אומקערן ווי נאָר ס׳וועט ווערן טאָג. ער האָט אָבער געהאַט אַ שלעכטן פאָרגעפיל וועגן דעם און אַלץ מער זיך דענער־ווירט. דאָס קלינגען פון דער קירכע אויף טאָג איז געווען אַ סימן, אַז

עס ענדיקט זיך דער אויסנאַם־צושטאַנד פון ביי נאַכט, אָבער זיין ברודער האָט זיך נאָך אַלץ נישט אומגעקערט.

זיין מוטער, הינדעלע רוחמעס, איז די גאַנצע נאַכט געלעגן איינגע־קורטשעט אין אַ ווינקל פון איר בעט אין צווייטן צימער און שטיל געוויינט אין קישן אַריין. דערהערנדיק איר קראַנקן זונס ספּאַזמאַטיש געוויין, האָט זי מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, געכאַפּט אַ טיכל איבערן קאָפּ און אַרויס צום גרויען דרויסן אויפצוזוכן איר יאַנקעלע.

פון גרויס צעטומלטקייט איז זי מיטן געסל געלאָפן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג ביז זי איז געקומען צו דער גויִישער בלאָניע, וווּ ס'איז געווען אַ שטילקייט ווי גאַרנישט וואָלט געשען. איז זי געבליבן שטיין, אומגעקוקט זיך, ווו זי געפינט זיך, אַזוי ווי זי וואָלט דאָ קיין מאָל נישט געווען. נאָך אַ ווײַלע איז דער קלאָרער געדאַנק צוריקגעקומען און זי איז געלאָפן מיט אַ צווייט געסל וואָס פירט צום בית־מדרש, פאַרביי די באָד און דאָס שעכטהויז מיט דער אַרומיקער סביבה, וואָס זענען געווען שוין פאַר־ברענטע חורבות. זי איז געבליבן שטיין פאַרגליווערט און פלוצלונג האָט זי דערזען אַ פלאַם פון חסידישן בית־מדרש. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און איז געפאַלן אין חלשות.



אויפן גויִישן צמענטאַזש, צווישן הילצערנע און גיפּסענע צלמים איבער קריסטלעכע קברים, באַוואַקסענע מיט ווילדע גראָזן, איז אין דער נאַכט־פינצטערקייט אַ האַלב־פאַרחלשטער געלעגן אליעזר קלאַגסברון. ער איז געווען אויסגעשמירט מיט בלוט פון זיינע אייגענע ווונדן און מיטן בלוט פון די אומגעקומענע אין שעכטהויז, נאָך דער שחיטה איבער די ייִדן, צווישן וועלכע אויך ער האָט זיך געפונען.

געווען איז אליעזר קלאַגסברון דער איינציקער ייד צווישן אַלע פאַר־האַלטענע, וועלכער איז לעבעדיק אַרויס פון שעכטהויז נאָך דער שיסעריי פון די דייטשע רוצחים. ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שיסן דורך די פענצטער און אַ קויל האָט געטראָפן אין זיין אַקסל, האָט ער זיך גע־

וואָרפֿן צו דער ערד. איבער אים זענען געפֿאַלן אַנדערע ייִדן, צום טויט דערשאָסענע, און אַזוי איז ער צווישן זיי געבליבן ליגן.

דורכן פֿענצטער האָט ער געהערט דעם באַפֿעל פֿון דייטשן אָפֿיציר צו ברענגען בענזין און נאַפֿט אויף צו פֿאַרברענען די דערשאָסענע, האָט ער זיך מיט די לעצטע כּוחות אַרויסגעריסן פֿון צווישן זיי, געשאַרט זיך צום הינטערשטן פֿענצטער וואָס גייט אַרויס צום פּלאַץ הינטער דער באָד, און ווי נאָר ער האָט באַמערקט, אַז די דייטשן האָבן זיך אַ ביסל דער־ווייטערט פֿון דאַנען, איז ער אַרויס דורכן פֿענצטער, אַריין צווישן די הויכע ווילדע גראָזן, וואָס זענען דאָ געוואַקסן, און אויף אַלע פֿיר האָט ער זיך גערוקט צום הילצערנעם פּלויט הינטערן ברעטערסקלאַד דאָ דער־נעבן און אַזוי איז ער געבליבן דאָ ליגן.

ווען די שׂריפֿה האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַהער און ער האָט געזען די סכּנה לעבעדיקערהייט פֿאַרברענט צו ווערן, האָט ער זיך גערוקט ווייטער צווישן די ווילדע גראָזן ביז צום גאָרטן פֿון גוייִשן בעקער יעזש און ווידער געבליבן דאָ ליגן צווישן די ביימער.

אָוונטצייט, ווען דער שטח אַרום איז באַלויכטן געוואָרן פֿון דער שׂריפֿה, האָט דער גוייִשער בעקער אים באַמערקט און אַ געשריי געטאָן: זשידזיע; אַוועק פֿון דאַנען״! דערצו נאָך האָט ער אָנגערייצט זיין הונט אויף אים, און יענער האָט גלייך גענומען רייסן זיין פֿאַרבלוטיקט ייִדישן לבֿוש. לענגער בלייבן דאָ איז נישט מעגלעך געווען. די שקצים האָבן געהאָלפֿן כאַפּן ייִדן. איז ער מיט אַלע כּוחות אַנטלאָפֿן פֿון דאַנען און באַהאַלטן זיך צווישן די צלמים פֿון נישט ווייטן צמענטאַזש.

פֿון די אַלע איבערלעבענישן און פֿון בלוטאָפּפֿלוס האָט ער פֿאַרלוירן זיינע חושים און אַ צעטומלטער איז ער געבליבן ליגן צווישן די צלמים. ער האָט מער נישט געוווּסט ווו ער געפֿינט זיך און אויך שוין נישט געפֿילט די יסורים פֿון זיינע ווונדן. אין זיין פֿיבער האָבן די צעמישטע מחשבֿות גענומען זיך פּלאָנטערן אַרום זיין אַמאָליק לעבן, דעם פֿייער־פֿראָנט וואָס ער האָט מיטגעמאַכט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, די „אָקאָפּעס״, ווו ער איז פֿאַרווונדעט געוואָרן מיט אַ קויל אין האַנט, דער־נאָך ווי ער איז געלעגן אין שפּיטאָל. צום מערסטן אָבער האָבן זיינע

מחשבות געוויקלט זיך אַרום דעם סטיטשינער רב אין טאָרנע, וועמענס געטרייער חסיד ער איז געווען און געגלייבט אין אַלץ וואָס ער האָט פון אים געהערט ביי זיינע רבנישע טישן אין די שבתים אָדער ימים־טובים ווען ער איז געקומען צו אים צו פאָרן פון מעליץ.

פון די אַלע תורות, וואָס דער סטיטשינער רב האָט געזאָגט ביי זיין טיש האָט אליעזר קלאָגסברון ליב געהאַט צו הערן זיינע רייד וועגן נאָענטן קומען פון גואל צדק, לויט די חשבונות וואָס ער האָט געמאַכט לפי דעם הייליקן נביא דניאל און אַנדערע קבלה־ספרים. אַלע יאָרן, נאָך אין זיין געבוירן־שטעטל באָרווע לעבן מעליץ, ווו זיין פאָטער איז געווען אַ גוט־באַזיצער און געחלומט אין די עלטערע יאָרן צו פאָרן אין הייליקן לאַנד, האָט ער טיף אין האַרצן געטראָגן אַ ליבע צו ארץ־ישראל.

אין די צייטן פון גראַבסקיס שטייערן־רדיפות אויף יידן האָט זיין עלטערער ברודער יצחק געזאָלט פאָרן ווי אַ שליח פון דער גרופּע פאַר־מעגלעכע בעלי־בתים, וואָס האָבן געוואָלט שאַפן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל. אליעזר האָט מיט אים זיך צונויפגעשמועסט, אַז היות ווי ער אַליין פאַרמאָגט נישט די נייטיקע סומע איינצוצאָלן אויף אַ חלק אין דער קאָ־לאָניע און ער יצחק, וועט יאָ איינצאָלן, אָבער צוליב זיינע געשעפטן וועט ער נישט קאָנען באַלד פאָרן אַהין, על כן וועט ער פאַר אים פאָרן מיט זיין משפחה העלפן בויען די קאָלאָניע. פון דעם אַלעם איז גאָרנישט געוואָרן, אָבער ביי אליעזר אין האַרצן איז פאַרבליבן דער ווילן צו זיין אין הייליקן לאַנד, און טראָץ דעם, וואָס זיין רבי איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון די ציוניסטישע „אַפּיקורסים״, האָט אליעזר קלאָגסברון דאָך געהאַט אַן אייגענע מיינונג וועגן דעם ענין און געהאַלטן, אַז הקדוש ברוך הוא האָט פאַרשידענע וועגן פאַר דער גאולה, און ס׳קאָן זיין גאַנץ מעגלעך, אַז ווען יידן וועלן אויפבויען דאָס הייליקע לאַנד, וועט משיח קומען. און ווען זיין עלטסטע טאָכטער האָט אָנגעהויבן גיין אין ציוניסטישן פאַר־איין און אַהיימגעבראַכט אַ בלויווייסע פּושקע פונעם „קרן קיימת לישראל״, האָט ער זיך נישט אַקעגנגעשטעלט, ווי דאָס האָבן געטאָן אַנדערע חסידישע יידן אין שטעטל.

דאָס אַלץ אָבער האָט אים נישט געשטערט צו האַלטן פון סטיטשינער

רב און צו פאָרן צו אים קיין טאָרנע אויף אַ שבת אָדער אַ יום־טוב.

דעם לעצטן זומער פאַר דער מלחמה, ווען דער סטיטשינער רב איז געפאָרן קיין קריניץ אין די בערג צו כאַפּן פרישע לופט האָט אליעזר קלאָגסברון אויסגענוצט די געלעגנהייט און געפאָרן אַהין אויף שבת. זיצנדיק ביים טיש, צווישן זינגען די זמירות און זאָגן תורה, האָט דער רבי מגלה געווען פאַר אַלע אָרום, אַז לויט אַלע זיינע חשבונות וועט דער גואל־צדק קומען גאָר אין קורצן, מסתמא אין די הייליקע טעג פון דעם קומענדיקן ראש־השנה ווען עס הייבט זיך אָן שנת תש״א, וועמענס אותיות שטימען מיט די ווערטער פון דער הייליקער תורה „כי תשא את ראש בני ישראל״, און די חז״ל זאָגן, אַז דאָס מיינט מען ימות המשיח. און ער האָט צוגעגעבן:

— זאָרגט נישט, יידן, וועגן דער מלחמה וואָס די צייטונגען שרייבן, ווייל דאָס וועט זיין די מלחמה פון גוג־ומגוג און נאָך איר וועט קומען דער גואל־צדק, במהרה בימינו אמן!

ווען ער האָט געהערט די זיכערע ווערטער פון זיין רבין, איז אליעזר פול געוואָרן מיט התפעלות, און אַז די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט ער געטראַכט ביי זיך: אָט איז די מלחמה פון גוג־ומגוג, נאָך וועלכער משיח וועט קומען! ערב ראש־השנה ווען ער איז געגאַנגען צו דער באָד זיך טובלען לכבוד יום־טוב האָט זיך אים אויסגעדוכט — לויט זיין רבינס נביאות — אַז דאָס זענען טאַקע אויך הכנות צום גיין אַקעגן דעם גואל־צדק...

איצטער, ליגנדיק אויפן גויישן צמענטאַזש מיט צעמישטע חושים פון גרויס פיבער, איינגעקורטשעט פון דער נאַכטיקער קעלט, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ זומפּיקער קאַלוזשע, פון וועלכער ער קאָן זיך נישט אַרויסגראַמאַליען. אין זיין צעטומלטער פאַנ־טאַזיע האָט ער געזען פאַרבייגיין דעם סטיטשינער רב צוזאַמען מיט משיחן און ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען: „רבי, הייליקער רבי! ראַטעוועט מיך, ראַטעוועט״!

ראש־השנה גאַנץ פרי ווען די בתי־מדרשים און די תלמוד־תורה אַרום דעם שול־פּלאַץ האָבן נאָך געברענט, האָבן די יידישע שכנים פון אַרום מורא באַקומען, אַז ווידער וועט מען אָנהויבן כאַפּן יידן צו דער שחיטה

אַזוי ווי דעם נעכטיקן ערב ראש־השנה. האָבן אַ סך פון זיי אַרויפגעצויגן אויף זיך גויִישע מלבושים און אַוועק באַהאַלטן זיך ערגעץ־ווו הינטער דער סטראַזשניצע, אין דער קעמפּע צווישן די קזשאַקעס און ביימער לעבן דער וויסליק, און אַנדערע אויך צווישן די צלמים אויפן גויִישן צמענטאַזש. געקומען אַהער, האָבן זיי פּלוצלונג דערהערט ייִדישע קרעכצן, און דאַן האָבן זיי דערזען ליגן צווישן צלמים אליעזר קלאַגסברון, אויסגעשמירט אין בלוט, איינגעקורטשעט פון דער נאַכטיקער קעלט אַ האַלב פאַרחלשטן. זיי האָבן אים אָנגעהויבן מונטערן און ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט אליעזר ערשט דערפילט דעם ווייטיק אין אַקסל און ער האָט זיך דערמאָנט דאָס אַלץ וואָס מיט אים האָט נעכטן געטראָפן.

ווען דאָס פייער פון דער שׂריפה איבער די בתי־מדרשים איז קלענער געוואָרן און שטיל איז געוועזן אַרום, האָבן זיי אים געפירט אַהיים, אַראָפּ־געצויגן פון אים די פאַרבלוטיקטע מלבושים און געלייגט אויף זיין געלעגער.



ערב ראש־השנה, גאַנץ פרי, נאָכן זאָגן די סליחות און דאַוונען, האָבן די גבאים פון דער חברה „תומכי עניים‟ בראש מיט הערשעלע רוביִז, שלמה מוירער און שמואל ראָטמאַן, באַשלאָסן צו העלפן מיט עפּעס די פרעמדע ייִדן, וואָס זענען געבליבן דאָ שטעקן.

געוועזן זענען דאָס ייִדן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייערע היימען אין די שטעט און שטעטלעך פון מערב־גאַליציע צו מזרח, כדי צו זיין נאָענט צו דער רוסישער גרענעץ. זיי זענען זיכער געוועזן, אַז ביז דאָ אַהער וועלן די דייטשן נישט קומען, ווייל דער רוסישער בער וועט אין גיכן זיך אַ ריר טאָן און שיקן זיין שטאַרקע רויטע אַרמיי צו פאַרניכטן די היטלעריסטישע פאַשיסטן. צו דעם אָבער איז נישט געקומען. פאַר־קערט: די רוסן האָבן געמאַכט שלום מיטן נאַצישן שונא און צעטיילט צווישן זיך די פּוילישע מדינה. פּליטים, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו דערגרייכן צו דער טעריטאָריע, וואָס איז געוואָרן פאַרנומען דורך רוסלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן צוריק אין זייערע היימען, די פאַרנומענע דורך די דייטשן.

נאָך עטלעכע טעג וואַנדערן אויף צוריק, ווען זיי זענען געקומען קיין מעליץ, זענען פיל פון זיי געווען פאַרמאַטערט פון וועג, מיט געשוואָלענע, אָפּגעריבענע פיס, און נישט אומשטאַנד געווען ווייטער צו גיין. זיי זענען דאָ געבליבן מיד און אויסגעשעפּט, דערצו האָבן זיי נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קויפן עסן, ווייל אַלע געשעפטן אין מעליץ זענען געווען געשלאָסן און די בעקערייען האָבן נישט געבאַקן צום פאַרקויף. טייל פון זיי האָבן אַפילו נישט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן ווייל זיי זענען באַרויבט געוואָרן דורך די גויִים איבער די וועגן.

די גבאים פון „תומכי עניים" האָבן געקויפט מעל ביי בערל מאָש־טיסקער און שטילערהייט אַריינגעגעבן דאָס אין דער בעקעריי פון לאה נעכעס. איר מאַן, שיִע פלאַנטשער ,האָט זיך תיכף גענומען צום באַקן דאָס ברויט. שמואל ראָטמאַן האָט גענומען אויף זיך די מצווה צו פאַר־טיילן דאָס ברויט צווישן די פרעמדע יידן, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט מערסטנס אַרום דעם „הכנסת אורחים" לעבן דער באָד און אויך אין די בתי־מדרשים דערנעבן.

שמואל ראָטמאַן האָט געוואָלט זיי מודיע זיין צו קומען נאָכן ברויט, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהער. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט, האָט ער דערהערט אַ גערויש וואָס קומט פון דער באָד, און איידער וואָס־ווען — איז ער באַפאַלן געוואָרן דורך צוויי פוילישע כוליגאַנעס. זיי האָבן געריסן אים ביי באָרד און פיאות און געשלעפּט אים צו די דייטשע זעלנער, צום פּלאַץ אַרום באָד און שעכטהויז. צופעליק האָט אים דערזען דער גויִישער אַרבעטער, וועלכער האָט געאַרבעט ביי אים אין אַ נאַפט־מאַגאַזין. ער האָט געהערט צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין מעליץ און געווען אַ קעגנער פון די „ענדעקישע" שקצים מיט זייער שׂנאה צו ייִדן, האָט ער איצט געאיילט צו העלפן זיין אַרבעטס־געבער פון דער צרה. ער איז צו־געלאָפן גיך צו די כוליגאַנישע שקצים, ער האָט געמאַכט זיך ווי ער וואָלט געווען פון זייערע מענטשן און געזאָגט:

— כלאָפּטצי, לאָזט דעם דאָזיקן זשיד פאַר מיר. איך וועל זיך שוין מיט אים פאַרנעמען און איר לויפט כאַפּן אַנדערע זשידעס.

דער אַרבעטער האָט געוואָלט אים פירן אַהיים צו זיך, עס האָבן זיך דאָ אָבער געדרייט באַוואָפנטע דייטשע זעלנער, האָט ער אים מיט זייטיקע וועגן געפירט צו שמואל ראַטמאַנס טאָכטער אין דער זלאָטניקער גאַס. דאָ איז ער שוין געבליבן איבער דער צייט פון די אַלע קאַשמאַרן אין משך פון דער ערב ראש־השנהדיקער נאַכט.

צו מאָרגנס, נאָך דער פרישער שׂריפה פון די בתי־מדרשים, ווען ס׳איז געוואָרן שטיל אַרום, האָט שמואל ראַטמאַן נישט אויפגעהערט צו מאַכן זיך פאָרוווּרפן: וואָס זיץ איך דאָ באַהאַלטן? אפשר דאַרף מען לויפן און עמעצן מיט עפּעס העלפן? ער האָט געוואָלט אַרויסלויפן פון שטוב, אָבער זיין טאָכטער האָט אים צוריקגעהאַלטן. צעטומלט פון די אַלע צרות איז ער געבליבן אין שטוב, געקרעכצט און געבראָכן זיך די הענט: „אוי, אַן אומגליק! אוי, אַ שרעק"! און יעדעס מאָל צוגעגעבן: „אויף דעם בין איך גבאי אין דער „חברה קדישא" דאָ צו ליגן באַהאַלטן"?

נאָך די צוויי טעג ראש־השנה האָט ער באַשלאָסן: מען טאָר לענגער נישט וואַרטן, מען דאַרף די הייליקע קרבנות ברענגען צו קבר־ישׂראל. און גלייך ווי ס׳איז נאָר טאָג געוואָרן, האָט ער אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל זיין פּנים, כדי צו פאַרשטעלן די באָרד און פּיאות, אַרומגעשניטן זיין לאַנגן איבערציִער נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן פון די פּוילישע רשעים, וועלכע האָבן געהאָלפן די דייטשן אומברענגען ייִדן. ווען ער האָט שוין געוואָלט אַרויס אין גאַס, האָט זיין טאָכטער אים ווידער צוריק־געהאַלטן און געזאָגט:

— פּאַר פּרויען צו ווייזן זיך אין גאַס איז די סכנה נישט אַזוי גרויס. אָט האָבן די דייטשע רוצחים נישט פאַרהאַלטן די ווייבער, וואָס זענען בעת דעם אומגליק געווען אין שעכטהויז, נאָר זיי אַרויסגעטריבן פון דאָרט. וועל איך פריִער גיין זען אויב ס׳דרייען זיך נישט די רוצחים אין גאַס. איר פאָטער האָט מסכּים געווען און אויף אַזאַ אופן זענען זיי צוגעקומען ביז צו אידע לייב שניידער, וועלכער איז אויך געווען אַ גבאַי אין דער „חברה קדישא" און אויך געזאָרגט וועגן ברענגען די הייליקע קרבנות פון שעכטהויז צו קבר־ישׂראל.

אָבער ווי אַזוי הייבט מען אָן צו טאָן אַזאַ זאַך בעת די סכּנה איז אַזוי

גרויס? זיי האָבן באַשלאָסן צו העלפן זיך מיט דער טאָכטער פון שמואל ראַטמאַן, וועלכע האָט זיך דאָ געפונען. זאָל זי רופן אַהער דעם דאָקטאָר פראַנק מיט אַ תירוץ אַז אידע לייב איז קראַנק. מיטן דאָקטאָר פראַנק זענעןביידע געווען באַפריינדט, מחמת זייענדיק אויך גבאים פון דער חברה „ביקור חולים״ האָבן זיי אָפט געטראָפן זיך מיט אים ביי קראַנקע. איצטער, ווען די דייטשע בעהערדע האָט אים געמאַכט פאַר פאַרוואַלטער איבערן שטעטל ווייל ער איז געווען פון דייטשער אָפּשטאַמונג, וועט ער זיכער קאָנען העלפן צו ברענגען די קדושים צו קבר־ישראל. דאָס איז טאַקע אַזוי געווען. ווי נאָר ער איז געקומען אַהער און געהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז דער דאָקטאָר פראַנק אַריבער צו די מיליטערישע בעהערדע אין דער געביידע פון דער סטאַראָסטווע און באַקומען דאָרט אַ דערלויבעניש צו באַערדיקן די טויטע קערפּערס, נאָר מיט אַ באַדינג, אַז דאָס זאָל פאָר־קומען לעבן פּלאַץ, ווו זיי געפינען זיך, און נאָר מיט דער הילף פון עטלעכע מענטשן, כדי נישט צו מאַכן קיין טומל.

באַקומען דאָס געשריבן אויף אַ פּאַפּיר האָבן שמואל ראַטמאַן און אידע לייב שניידער געשיקט רופן די איבעריקע חברים פון דער „חברה קדישא״ — ס׳זאָל זיין אַ מנין יידן צו זאָגן קדיש נאָך דער קבורה. מ׳האָט אויסגע־שפּרייט טליתים און ליילעכער, צונויפגענומען דאָס אַש און די פאַרברענטע קערפּערס קובר צו זיין אין דעם בשותפותדיקן קבר, וואָס מ׳האָט אויס־געגראָבן אויפן ליידיקן פּלאַץ הינטערן שעכטהויז.

צווישן די חברים פון דער „חברה קדישא״, וועלכע מען האָט גערופן אַהער, האָט זיך אויך געפונען לאָזער מאַדיאַר. פּלוצלונג האָט ער אַ ביטערן געשריי געטאָן: „אוי! מיין זון, מיין זון״! דאָס האָט ער דערקענט זיין עלטסטן זון הערשל, וועלכער איז ערב ראש־השנה געגאַנגען אין מקווה און מיט אַלע דאָס פאַרברענט געוואָרן.

# יום־כּיפּור

אַ סך טעג נאָך דעם שרעקלעכן אומגליק פון ערב ראש־השנה זענען די ייִדן אין מעליץ געווען פאַרשלאָסן אין זייערע שטובן און באַוויינט די גרויסע צאָל קרבנות, וועלכע זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין שעכט־הויז. דערביי האָבן זיי געציטערט פאַרן גורל פון אייגענעם לעבן, וואָס איז מיט אַ מאָל געוואָרן הפקר און געלעגן אין די חיהשע לאַפּעס פון די דייטשע רוצחים מיט זייערע פּוילישע כוליגאַנישע העלפער.

באַרויִקט זיך אַ ביסל פונעם קאָשמאַר און דער שפּאַנונג אין שטעטל, האָבן ייִדן צו ביסלעך גענומען ווייזן זיך אין גאַס, און דאָס — נאָר די ייִדן אָן באָרד און פּיאות און די קורץ־געקליידטע. פאַר זיי איז די סכנה צו ווייזן זיך אין גאַס נישט געווען אַזוי גרויס, מחמת די דייטשן האָבן זיי געהאַלטן פאַר פּאָליאַקן און זיי נישט געטשעפּעט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ערב ראש־השנה, בעת די דייטשע רוצחים האָבן אָנגעהויבן כאַפּן ייִדן אַרום דער באָד און די בתי־מדרשים, איז צופעליק פאַרבייגעגאַנגען אַ מאָדערן געקליידטער ייִד און זיי האָבן אים נישט פאַרהאַלטן. אויף דעם סמך האָבן אַ סך ייִדן אין שטעטל אָפּגעשוירן זיך באָרד און פּיאות, אַרויפגעצויגן אויף זיך קורצע מלבושים און געווען זיכער אַז זיי האָבן אַ גויִישן אויסזען און זיי קאָנען אַרויסגיין אין גאַס דער־לייִדיקן זייערע ענינים. אָבער די שקצים האָבן זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן און דערזעענדיק זיי, געוויזן מיט די פינגער און געשריגן: „יודאַ! יודאַ"!

בדרך כלל איז שטיל געווען אין די געסלעך. די דייטשן זענען געווען אָנגעזעטיקט מיט ייִדיש בלוט און זיי האָבן נישט געזוכט דערווייל קיין פרישע קרבנות. זיי האָבן זיך בלויז געדרייט באַוואָפנטע אין די גאַסן, געקוקט מיט שפּיזיק־שאַרפע בליקן צווישן די הייזער, געשמעקט און גע־ניוכעט אויב ייִדן קומען זיך נישט ערגעץ ווו צונויף. דערזען ערגעץ־ווו צונויפקומען צוויי־דריי מענטשן, האָבן זיי זיך גלייך דערנענטערט און יענע זענען פאַרשוווּנדן יעדער אין אַן אַנדערער זייט.

אין משך פון די אַלע טעג ביז ערב יום־כּיפּור האָט מען אין דרויסן נישט געהערט קיין ייִדיש געוויין. צו פיל איז מען געווען דערשיטערט פון די אַלע צרות וואָס האָבן געטראָפן, צו פיל איז דאָס האַרץ געווען פאַרקלעמט אַז מען זאָל קאָנען וויינען. אָבער ערב יום־כּיפּור איידער ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט און די ווייבער האָבן אָנגעהויבן צינדן די ליכט צום הייליקן יום־הדין, האָבן זיי מיט אַ מאָל אויסגעבראָכן מיט אַ ביטער געוויין, אַזוי ווי דער קוואַל פון טרערן וואָלט זיך מיט אַ מאָל געעפנט און געגאָסן פון אַלעמענס אויגן מיט אַזאַ כּוח, אַז דאָס האָט אַזש מיטגעריסן אויך די מאַנסלייט, וועלכע האָבן ביז היינט נישט געוווּסט וואָס דאָס הייסט לאָזן אַ טרער. דאָס געוויין האָט זיך געטראָגן כּעמט פון אַלע ייִדישע הייזער.



צום דאַווענען „כּל־נדרי״ איז שוין קיין מקום־קדוש נישט געווען. די שול און די בתי־מדרשים דערלעבן זענען געלעגן אין פאַרברענטע חורבות. דער טשאָרטקאָווער קלויז לעבן דער „קישקעליצע״ אין דער צווייטער זייט מאַרק איז פינצטער געשטאַנען פאַרשלאָסן מחמת מורא ס׳זאָל, חלילה, ווידער נישט טרעפן אַן אומגליק מיט ייִדן ווען זיי וועלן קומען דאַווענען.

דאָס זעלבע איז געווען מיטן בית־מדרש פון „מלכּהלעס מנין״ און פון באָרווער רב לעבן דער ברייטער גאַס. אַ חוץ דעם איז גרויס געווען דער פּחד צו דערווייטערן זיך פון די היימען צו גיין ערגעץ ווו דאַווענען. זענען ייִדן באין־ברירה צונויפגעקומען זיך שטילערהייט צו שכנים, אַבי ס׳זאָל זיין אַ מנין צום דאַווענען. מען האָט פאַרהאַנגען די פענצטער, אַ שטראַל פון ליכט זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן אין גאַס, און געדאַוונט האָט מען מיט פּחד, אין דער שטיל, אַז די באַוואָפנטע דייטשן, וועלכע דרייען זיך אין גאַס, זאָלן, חלילה, נישט דערהערן. אויסגעזען האָט דאָס שטילע דאַווענען ווי אַ מאָל צווישן די אַנוסים אין דער צייט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע.

צו מאָרגנס, באַלד אין דער פרי, זענען די מעליצער ייִדן ווידער זיך צונויפגעקומען דאַווענען, אָבער גלייך געשטערט געוואָרן דורך אַ גערויש

פון אַ באַנדע באַוואָפנטע דייטשע זעלנער, אָנגעפירט דורך די פאָלקס־דייטשן יעק און צימערמאַן און אָרטיקע שקצים, וועלכע האָבן אָנגעוויזן ווו עס וווינען ייִדן. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין די שטובן, אַרויסגעיאָגט אַלע מאַנסלייט און זיי געטריבן צום מאַרק. צווישן זיי זענען געווען אויך די ייִדן, וועלכע זענען צונויפגעקומען זיך צום דאַווענען, פאַרהילטע אין ווייסע קיטלען און טליתים.

דער פחד און די מורא צווישן די ייִדן איז געווען זייער גרויס. מי יודע וואָס ס׳וועט ווידער געשען. פאַר אַלעמענס אויגן האָט זיך געשטעלט דאָס גרויזאַם־טראַגישע בילד פון ערב ראש־השנה.

ווען זיי האָבן שוין געהאַט צונויפגעטריבן אַ גרויסע צאָל ייִדן אין מאַרק, מיט בערד און פיאות און אָן דעם, לאַנג געקליידט און קורץ גע־קליידט, האָבן די דייטשן באַפוילן אויסצושטעלן זיך אין רייען. דאָס האָט נאָך מער אָנגעוואָרפן אַ פחד. ענדלעך איז פאַרפאָרן אַ מיליטערישער לאַסטאויטאָ מיט אַרבעטס־כלים: לאָפּעטעס, קילאָפּן און נאָך מכשירים, וואָס יעדער פון דער ריי האָט געדאַרפט נעמען. מען האָט איינגעטיילט די פאַרזאַמלטע ייִדן אויף קליינע גרופּעס און אַוועקגעפירט צו דער אַרבעט.

געבליבן אין מאַרק איז אַ גרופּע עלטערע ייִדן, טייל נאָך אָנגעטאָן אין די ווייסע קיטלען צום דאַווענען, אַנדערע אַפילו מיט שטריימלעך אויף די קעפּ, אַזוי ווי מ׳האָט געכאַפּט זיי אויפן וועג צו די שכנים צום דאַווענען. פאַר זיי האָבן די דייטשן נישט געגעבן קיין כלים צו דער אַרבעט — געהאַלטן זיי פאַר נישט פעיִק דערצו. אָבער די רשעים יעק און צימערמאַן האָבן מיט דער איניציאַטיוו פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן אין שטעטל, געברענגט אַהער בעזעמער און שאָפלעס פון מאַגיסטראַט צו רייניקן דעם מאַרק און די געסלעך אַרום פון דעם מיסט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון דער גאַנצער צייט.

די גויִים האָבן זיך געזאַמלט אַרום און מיט חוזק און שפּאָט געוואָרפן שטעכיקע ווערטער:

— גלייך אַזוי פאַר אייך צו אַרבעטן אין אייער הייליקן טאָג פון דעם „סאָנדני דזשען״. איר האָט זיך פאַרדינט! איר האָט געקרייצט יעזוסן, דעם זון פון גאָט!

די גרעסטע גרופּע ייִדן פון מאַרק מיט די לאַפּאַטעס און קילאָפּן האָבן די באַוואָפנטע דייטשע זעלנער געפירט צו דער אַרבעט אין די „צ. אָ. פּ.״־וואַרשטאַטן, וועלכע זענען באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די דייטשע אַוויאָנען אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, און איצטער, נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין פאַרנומען די פּוילישע מדינה, האָבן זיי געוואָלט אויסריכטן די „צ.אָ. פּ.״־וואַרשטאַטן, כדי צו מאָנטירן און פאַריכטן אַוויאָנען פאַר דער דייטשער אַרמיי. אַזוי ווי זיי האָבן געדאַרפט אָפּרייניקן דעם גרוז פון די באָמבאַרדירטע געביידעס און פאַרשיטן די גריבער און לעכער נאָך די געפאַלענע באָמבעס, האָבן זיי אַ גרויסן טייל פון די פאַרהאַלטענע ייִדן געפירט אַהער, דורך דער באַן־גאַס. אויף די טראָטואַרן פון ביידע זייטן האָבן גויִים זיך אָפּגעשטעלט און געלאַכט מיט שאָדנפרייד, די צעווייטיקטע ייִדן האָט דאָס נאָך מער דערשלאָגן און זיי האָבן געטראַכט ביי זיך: ווי נידעריק זענען געפאַלן די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן — אַנשטאָט העלפן די מיטבירגער וואָס ווערן געפייניקט דורך דעם בשותפותדיקן שׂונא, שיטן זיי נאָך זאַלץ אויף די ווונדן פון זייערע קרבנות!

די גרופּע דערנידעריקטע ייִדן זענען צוגעקומען צום אויפגעפּראַלטן טויער פונעם פאַרצוימטן שטח, וווּ עס געפינען זיך די צ. אָ. פּ.־וואַרשטאַטן, און דערזען ביים איינגאַנג אַ פּוילישע אויפשריפט: „איינטריט פאַר ייִדן שטרענג פאַרבאָטן״. אַלע זענען זיי ספּאָנטאַן געבליבן שטיין — נישט צו שטעלן אַ טריט ווייטער. הגם די אויפשריפט האָט שוין מער נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג, האָבן זיי דאָס געטאָן בכדי מיט עפּעס אויסצודריקן זייער פּראָטעסט קעגן דיליידן און צרות און קעגן די פּוילישע אַנטיסעמיטן. נאָר־וואָס זענען זיי באַזיגט געוואָרן דורך די דייטשן, זייערע אַרמייען זענען געוואָרן צעשמעטערט, זייער לאַנד איז אָקופּירט דורכן היטלעריסטישן שׂונא וואָס דראָט זיי אַליין צו ווערן פאַרשקלאַפט, אָבער ביי זיי איז דאָס אַלץ גאָרנישט — אַבי צו נעמען נקמה אין די זשידעס!

אַז דער דייטשער אָפיציר, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די באַוואָפנטע זעלנער האָט דאָס דערזען, האָט עס אים געוווּנדערט, ווייל די גאַנצע צייט ביז איצט זענען זיי געווען אונטערטעניק און געהאָרכזאַם, אויסגעפירט

אַלע באַפעלן און דאָ, פּלוצלונג, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט? ער האָט די ערשטע פון דער ריי געפרעגט, וואָס דאָס באַדייט. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף דער פּוילישער אויפשריפט און איבערזעצט אויף דייטש דעם באַדייט דערפון. דערהערט דאָס, האָט דער אָפיציר מיט כעס אַ ריס געטאָן די שילד מיט דער אויפשריפט און אויסגערופן: „פּוילישע שוויינען! אויך אויף אייך וועט קומען דאָס זעלבע״!

אויפן באָמבאַרדירטן שטח פון די צ. אָ. פּ.־וואַרשטאַטן זענען געלעגן די אויפגעריסענע געביידעס מיט דער צעריסענער מאַשינעריי, וואָס האָט צעקרימט און צעדרייט געשטאַרצט צום דרויסן און געמאַכט דעם איינדרוק פון אויפגעריסענע בייכער מיט אַרויסגעלאָזטע אינגעווײדן. אין זייער שווערער לאַגע האָט דאָס געגעבן די ייִדן אַ שטיקל נקמה־סאַטיספאַקציע קעגן די פּוילישע אַנטיסעמיטן, וואָס מיינען, אַז נאָר אויף די ייִדן איז געקומען די היטלעריסטישע צרה.

זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט אָפּצוריייניקן דעם שטח פונעם גרוז, פון די צעבראָכענע ציגל און די שטיקער מאַשינען. ביי אַ סך פון זיי האָט זיך דערהערט אַ שטיל ברומעריי, ווערטער פון די יום־כּיפּורדיקע תּפילות, און טרערן האָבן באַנעצט זייערע אויגן.

נאָכן פאַרענדיקן אַכט שעה אַרבעט האָבן די דייטשע באַוואָפנטע זעלנער באַפוילן אָנזאַמלען — אַוועקצולייגן די אַרבעטס־כּלים אויף איין פּלאַץ און זיי געלאָזט פריי גיין אַהיים. אָוונט־צו, ווען די פאַרהאַלטענע ייִדן האָבן זיך אומגעקערט אַהיים אָן אַ מכשול, פון די פאַרשידענע אַרבעטן — האָבן אַלע לייכטער אָפּגעעטעמט: אַבי, חלילה, נישט קיין אויסטערלישע זאַכן, ווי ערב ראש־השנה — איז דאָך פאָרט פאַראַן אַ האָפענונג צו גאָט, אַז מ׳וועט קאָנען ווייטער לעבן!

# נאָך יום־כּיפּור

נאָך יום־כיפור איז שטיל געוואָרן אין שטעטל. בלויז די באַוואָפנטע דייטשע וואַכן האָבן זיך געדרייט הין און צוריק איבערן מאַרק און די געסלעך, אָבער קיינעם נישט געטשעפּעט. מען האָט שוין אַפילו געזען פון צייט צו צייט אַ ייִד מיט באָרד און פּיאות. די יידן אין שטעטל האָבן געטראַכט: דער דייטשער טייוול האָט זיך שוין אָנגעזעטיקט מיט ייִדיש בלוט און צרות, אפשר וועלן זיי שוין איצט לאָזן די ייִדן לעבן במנוחה. דערצו האָבן זיך געשפּרייט שמועות פון דייטשע קוואַלן, בכן דער טראַגישער פאַל פון בלוטיקן ערב ראש־השנה האָט קיין שום שייכות נישט צו דער דייטשער מאַכט אין שטעטל, נאָר איז געקומען דורך אַ „שטראָף־באַטאַליאָן" פון דער פרעמד, צוליב דעם, וואָס פון אָנהייב, ווען די ערשטע דייטשע מיליטערישע פּאַטראָלן זענען געקומען אויפן מעליצער מאַרק, זענען זיי באַשאָסן געוואָרן פון די אַרומיקע הייזער און עטלעכע דייטשן זענען געפאַלן טויט.

דער פאַקט מיטן ערשטן דייטשן פּאַטראָל, וואָס איז באַשאָסן געוואָרן אין מאַרק, איז געווען ריכטיק, אָבער געטאָן האָט עס אַ קאַוואַלעריע־אָפּטיילונג פון פוילישן מיליטער. די פּוילישע זעלנער האָבן זיך געשטעלט מיט זייערע פערד אין די פינצטערע דורכגאַנג־ליקלעך פון די ייִדישע הייזער אין מאַרק, און ביי נאַכט, ווען ס'זענען אָנגעקומען די דייטשע פּאַטראָלן, געשאָסן אויף זיי און אַנטלאָפן אויף זייערע פערד מיטן קאָל־בושעווער וועג צו מזרח־זייט. אָבער פאַר וואָס האָט מען דווקא ייִדן באַשטראָפט? אויף דעם איז קיין תשובה נישט געקומען.

דאָס איז געגוג געווען פאַר די היגע ייִדן אַ ביסל זיך צו באַרויִקן און גלייבן, אַז פון היינט אָן וועט דאָס לעבן זיך רעגולירן ביז צום סוף פון דער מלחמה און אַז אַזאַ אומגליק ווי ערב ראש־השנה וועט זיך שוין מער נישט איבערחזרן.

מען האָט אויך געשמועסט, אַז די שטאַרקע אַרמיי פון קאָמוניסטישן

רוסלאַנד האָט זיך אַ ריר געטאָן און מאַרשירט מיט אַ גרויסן כוח איבער דער פּוילישער טעריטאָריע כדי אָפּצורייניקן זי פון די פאַשיסטישע דייטשן. די ייִדן האָבן געהאָפט, אַז גאָר אין גיכן וועט מען אויסגעלייזט ווערן פון די דייטשע רוצחים און ווען מען האָט געזען דורך די פענצטער אין מאַרק, אַז אַן אָפּטיילונג פון דייטשע טאַנקען און האַרמאַטן פאָרן פון דער באַנגאַס צו דער הויפּישער גאַס, צו דער בריק איבערן ווייסליק, זענען אַלע שוין געווען זיכער, אַז דאָס אַנטלויפן די היטלעריסטישע דייטשן פאַר דער אָנקומענדיקער קאָמוניסטישער אַרמיי.

גאָר אין גיכן אָבער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אמת איז טאַקע, די רוסישע אַרמיי האָט מאַרשירט אַהער איבער דער פּוילישער טעריטאָריע, אָבער זי איז געבליבן שטיין אויף יענער זייט פון סאַן — דעם שמאָלן טייך, וואָס איז געוואָרן די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד, נאָך דעם, ווי סטאַלין איז אַדורכגעקומען מיט היטלערן, איינצוטיילן זיך מיט דער באַזיגטער פּוילישער מדינה. אַוועק איז די גוטע האָפענונג און אַ שווערער שטיין פון פאַרצווייפלונג האָט זיך געלייגט אויף די צעווייטיקטע ייִדישע הערצער.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן די צרה פון דייטשע אָבלאַוועס איבער ייִדישע הייזער אויף כאַפּן מענטשן צו דער אַרבעט. טאָג־טעגלעך, גאַנץ פרי, האָבן באַוואָפנטע זעלנער, אָנגעפירט דורך די „פאָלקס־דייטשן" יעק און צימערמאַן, אַריינגעריסן זיך אין די ייִדישע שטובן, אַרויסגעטריבן די מענער און געפירט זיי הינטערן שטעטל צו פאַרשידענע אַרבעטן אַרום די מיליטערישע לאַגערן. קיינער איז שוין נישט געווען זיכער, וואָס מיט אים וועט מאָרגן טרעפן. עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט פון עטלעכע ייִדן, וועלכע האָבן זיך שפּעטער גערופן דער „יודענראַט" און פאָרגעלייגט דער אָרטיקער מיליטערישער מאַכט, אַז אַנשטאָט צו כאַפּן מענטשן פון זייערע שטובן צו דער אַרבעט, וועלן די זעלבע צאָל ייִדן קומען פרייוויליק. אַז די דייטשן האָבן מסכים געווען, האָט דער קאָמיטעט צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון אַלע אַרבעטספעיִקע ייִדן אין שטעטל און לויט דער ריי גערופן זיי צו דער אַרבעט, די לאַסט זאָל זיין גלייך פאַר אַלע. האָט עמעצער נישט געקאָנט קומען צו דער אַרבעט אָדער נישט געהאַט דעם

ווילן דערצו, האָט ער געהאַט אַ מעגלעכקייט איינצוצאָלן ביים קאָמיטעט פאַר אַ טאָג אַרבעט, און אַן אַנדער ייִד, וועלכער האָט געדאַרפט פאַרדינען, כדי צו באַשפּייזן זיין משפחה, האָט אים פאַרטראָטן.

אַזוי האָט זיך געפירט אַ שטיקל צייט, ביז עס האָבן אָנגעהויבן קומען ידיעות, בכן די דייטשן האָבן באַשלאָסן צו מאַכן „יודענריין״ "די גרענעץ־זאָנע לענג־אויס דעם טייך סאַן, צו וועלכער אויך מעליץ געהערט. וואָס אַזוינס „יודענריין״ באַדייט האָבן נאָך מעליצער ייִדן נישט געוווסט. אָבער ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע פון מאַכן „יודענריין״ די שטעטלעך פון ליזשענסק, לאַנצוט, דזשיקעוו און ראָזוואַדאָוו, ווו מ׳האָט אַרויסגעיאָגט די ייִדן פון זייערע שטובן אין בעירום ובחוסר כל געטריבן זיי אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, האָבן שוין די יידן אין מעליץ פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז „יודענריין״. אַ שרעק איז אַלעמען באַפאַלן: וואָס וועט זיין? ווו וועט מען זיך אַהינטאָן מיט די קליינע קינדער און אַלטע־לייט, ווינטער־צייט, אין דער פרעמד?

אַז דאָס אומגליק פון אויסזידלונג האָט זיך דערנענטערט צו מעליץ, האָט זיך צונויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון פרויען און אַוועק צום דאָקטאָר פראַנק, אַ קריסט, וועלכן די דייטשן האָבן באַשטימט פאַר שטאָטס־פאַרוואַלטער.

דער דאָקטאָר פראַנק איז געווען אַן ערלעכער מענטש און לאַנגע יאָרן געווען איינגעלעבט מיט די מעליצער ייִדן, וועלכע פלעגן אים רופן צו זייערע קראַנקע. ווי נאָר די פרויען־דעלעגאַציע איז געקומען און פאַר־געשטעלט פאַר אים די ביטערע לאַגע פון די מעליצער ייִדן, איז ער אַוועק צו דער אָרטיקער דייטשער מאַכט און אינטערוועניִרט ענערגיש וועגן דעם ענין. עס איז געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס, אַז אַנשטאָט אויסצוזידלען די ייִדן פון שטעטל, זאָלן זיי איינצאָלן אַ סומע געלט קאָנטריבוציע.

געהערט פון דאָקטאָר פראַנק וועגן דעם איז אַ ביסעלע לייכטער גע־וואָרן אויף די ייִדישע הערצער — אַבי מ׳קאָן זיך אויסלייזן פאַר געלט, וועט שוין גאָט ווייטער העלפן. עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ ליסטע דורך די פריִערדיקע קהילה־לייט, וועלכע האָבן געוווסט מער־ווייניקער וועלכע ייִדן עס זענען אומשטאַנד איינצוצאָלן פאַר דער דאָזיקער קאָנטרי־

בוציע. מען האָט צונויפגענומען די פאַרלאַנגטע סומע געלט פאַר די דייטשע הערשער און מעליצער ייִדן זענען געבליבן זיצן אין זייערע היימען.



אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן קומען אַהער ידיעות פון דער רוסישער זאָנע, איבערהויפּט פון לעמבערג, ווו עס זענען קאָנצענטרירט געווען די פּליטים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויך מעליצער ייִדן, בכן, אַז דאָרט דרייען זיך ייִדן אַרום פריי, האַנדלען און מאַכן געשעפטן. מעליצער ייִדישע יונגע־לייט האָבן באַשלאָסן צו גיין אַהין איבער דער גרענעץ. זיי האָבן זיך איבערגעטאָן אין גוייִשע קליידער און שטילערהייט געלאָזט זיך אין וועג.

פאַר נישט־פאַרהייראַטע יונגע־לייט איז דאָס אַוועקגיין פון זייערע היימען נישט געווען אַזוי טראַגיש, אָבער פאַר די מענטשן מיט פרויען און קינדער איז די לאַגע געווען שוין גאָר שווער און ביטער, ווייל ווי אַזוי לאָזט מען זיי איבער אַליין אין אַזאַ צייט, ווען מען ווייסט נישט, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג קאָן ברענגען? אָבער נאָך דער טרויעריקער דערפאַרונג פון ערב ראש־השנה, האָבן זיי געהאַלטן, אַז עס איז דאָך גלייכער, אַז איידער זייערע פרויען זאָלן ווערן אַלמנות און די קינדער — יתומים, איז שוין בעסער צו שיידן זיך מיט זיי אויף אַ געוויסער צייט, ביז גאָט וועט העלפן, און נאָך דער מלחמה וועט מען זיך ווידער צונויפקומען בשלום. טרערן האָבן זיך געגאָסן ביים געזעגענען, הערצער זענען געוואָרן פאַרקלעמט ביים פאַרלאָזן די היימען.

לכתחילה איז דאָס אַריבערגיין די גרענעץ צו דער רוסישער זייט נישט געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. ערשטנס, איז נאָך נישט געווען קיין פאַרבאָט פאַר ייִדן צו פאָרן מיט דער באַן, די מעליצער יונגע לייט האָבן אין די טונקעלע אָוונטן זיך צוגעכאַפּט צו דער באַן־סטאַציע פאַרן אָנקומען פון צוג, וואָס האָט געפירט אין דער ריכטונג פון דער גרענעץ. זיי זענען אַריין אין די טונקעלע וואַגאָנען וואָס זענען נישט געווען באַלויכטן צוליב דעם אויסנאַם־צושטאַנד מלחמה־צייט, און אָנקור־

מענדיק אין דאָרף, נישט ווייט פון דעם גרענעץ־טײַך, אַריבער אויף אַ זייטיִק בריקל איבערן וואַסער, אָדער אַראָפּגענומען די שטיוול פון די פיס און אַריבער דאָס פלאַכע וואַסער פאַר די רעגנס פון אָסיען־צייט. שפּעטער אָבער איז דאָס אַריבערגיין די גרענעץ געוואָרן אַלץ שווערער און פאַר־בונדן מיט לעבנס־געפאַר. קודם — צוליבן פאַרבאָט פאַר ייִדן צו פאָרן מיט דער באַן, און נאָך ערגער — די גרענעץ איז שטאַרקער געהיטן געוואָרן דורך דייטשע וואַכן. מען האָט געדאַרפט אָנקומען צו די גויִישע „פּראָוואָדניקעס״, וועלכע האָבן פאַר געלט, אין די פינצטערע נעכט, גע־פירט מיט פעלדוועגן צו אַ דאָרפיש בריקל, וואָס איז נישט געהיטן געוואָרן דורך די וואַכן.

נאָך שפּעטער איז די געפאַר שוין געוואָרן גרויס. די גויִישע „פּראָ־וואָדניקעס״ זענען געוואָרן פאַררעטעריש און פאַרן באַקומענעם געלט געפירט דווקא דאָ, ווו ס'געפינען זיך דייטשע וואַכן. ווען זיי האָבן געכאַפּט ייִדן ביים אַריבערגיין אויף דער רוסישער זייט, האָבן זיי געשלאָגן מכות רצח אָדער דערשאָסן אויפן אָרט.

די יונגע־לייט האָבן אויפגעהערט אַריבערגיין די גרענעץ. זיי זענען געבליבן אין שטעטל און געטראָגן אויף זיך די שווערע צרות פון דייטשן רעזשים, און אויך די לאַסט פון דער יודענראַט־ליסטע, לויט וועלכער זיי האָבן געדאַרפט גיין אַרבעטן פאַר די דייטשע רשעים. אין האַרץ האָבן זיי געטראָגן אַ געפיל פון חרטה, פאַר וואָס זיי האָבן פאַרשפּעטיקט די געלעגנהייט אַריבערצוגיין די גרענעץ און מקנא געווען די אַלע, וואָס גע־פינען זיך אויף דער רוסישער זייט, ווו זיי זענען פּטור פון אַלע היטלע־ריסטישע שיקאַנעס און גייען פריי אַרום מיט אַלע מענטשן גלייך.

נישט לאַנג אָבער האָט געדויערט דאָס מקנא זיין די יעניקע, וואָס זענען אַנטלאָפן אין רוסישן גן־עדן. די דייטשע מאַכט אין מעליץ האָט איינגעזען, אַז די מעליצער ייִדן קאָנען פאַר זיי זיין אַ גוטער קוואַל צו צאַפּן געלט, און צו דעם צוועק געגעבן זיי די מעגלעכקייט צו לעבן. זי האָט זיי דערלויבט צו עפענען די געשעפטן און קראָמען מיט די געבליבענע ביסלעך סחורה. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן ווידער אָנ־געהויבן ברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטעטל. די דייטשן האָבן לייכטער

געמאַכט אַ ביסל דעם רעזשים, נישט שיקאַנירט ווי ביז איצט די ייִדן, וואָס זענען פּרייוויליק געקומען צו דער אַרבעט לויט דער ליסטע פון יודענראַט. ייִדן האָבן אָנגעהויבן אַ ביסל פרייער זיך צו באַוועגן, טרעפן זיך איינער מיטן צווייטן אין גאַס און שבת צונויפקומען זיך אין פּריוואַטע שטובן דאַווענען מיט מנין.

דאַקעגן האָבן אָנגעהויבן קומען שלעכטע ידיעות פון דער רוסישער זייט, איבערהויפּט פון דער שטאָט לעמבערג, ווו ס׳איז קאָנצענטרירט געווען אַ גרויסע מאַסע פון פּליטים, פון די פּוילישע געביטן, וואָס די דייטשן האָבן פאַרנומען — צווישן זיי אויך די מעליצער ייִדן. די וואָס זענען אַנטלאָפן מיטן פּליטים־שטראָם אָנהייב מלחמה ,און סיי יענע, וואָס האָבן שפּעטער געשוואַרצט די גרענעץ איבערן סאַן.

נישט סתם „ידיעות״ זענען דאָס געווען. עטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן אומגעקערט זיך פון דאָרט קיין מעליץ, האָבן דערציילט, ווי אַזוי דאָס לעבן אונטער דער רוסישער הערשאַפט אויף די פאַרנומענע פּוילישע געביטן ווערט אַלץ ערגער און באַגרענעצט דורך דער „ענקאַוועדע״, וואָס נעמען אַלץ מער די פּליטים אויפן אויג און אויב זיי כאַפּן עמעצן ביים האַנדלען אָדער ביי רייד, וואָס קאָנען אויסגעטייטשט ווערן ווי „קאָנטער־רעוואָלוציע״, אַרעסטירן זיי, מאַכן אַ שווערע אויספאָרשונג, וואָס דויערט טעג און נעכט, ביז זייער קרבן ברעכט זיך איין, איז זיך מודה צו קאָמו־ניסטישע עבירות, וועלכע ער האָט קיין מאָל נישט געטאָן, און ער באַ־קומט אַ „סראָק״ אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע־אַרבעט אין די אַרבעטס־לאַגערן פון די סיבירער וועלדער. זיי האָבן אויך דערציילט די מעשה מיט יודל פרידמאַנס זון. ער איז אין לעמבערג געשטאַנען אין אַ לאַנגער ריי פון מענטשן צו קויפן אַ קילאָ צוקער אין אַ רעגירונג־געשעפט, און גאָרנישט אויסן צו זיין, אַרויסגעכאַפּט זיך פאַר די אַרומיקע, אַז אין פּוילן האָט יעדער איינער געקאָנט קויפן צוקער וויפל נאָר זיין האַרץ האָט באַ־גערט, עמעצער פון די צוהערער האָט דאָס איבערגעגעבן צו די מיליציאָ־נערן, וואָס האָבן געהיטן די אָרדענונג אין דער ריי. תיכף זענען געקומען „ענקאַוועדיסטן״, אַרעסטירט אים, געשטעלט פאַר אַ משפּט און ער האָט

באַקומען אַ „סראָק" אויף צען יאָר קאַטאָרגע־אַרבעט און פאַרשיקונג צו די „ווייסע בערן" אין קאַלטן סיביר.

לכתחילה האָבן מעליצער ייִדן נישט געוואָלט גלייבן אין די דאָזיקע מעשיות, ווייל ווי אַזוי קאָן דאָס מעגלעך זיין אין אַ לאַנד פון אַ קאָמוניס־טישן רעזשים, וואָס איז נאָר לטובת די מענטשן און זייער פרייהייט? מיט אַ קורצער צייט שפּעטער אָבער, האָבן זיך אומגעקערט קיין מעליץ ייִנגלעך, וועלכע זענען געוועזן די ערשטע צו לויפן אין קאָמוניסטישן גן־עדן. קומענדיק קיין לעמבערג האָבן זיי זיך געמאָלדן — צוליב זייער קאָמוניס־טישער איבערצייגונג — אויף אַרבעט אין דאָנבאַס. נאָך זייער געפינען זיך דאָרט אַ קורצע צייט האָבן זיי געזען דעם אמת פון דער קאָמוניסטישער הערשאַפט. זיי זענען אַנטלאָפן צו דער גרענעץ און מיט סכנות נפשות אומגעקערט זיך אַהיים קיין מעליץ. זיי האָבן באַשטעטיקט די אַלע גרויליקע מעשיות פון דער קאָמוניסטישער מדינה.

געהערט אַזוי, האָבן מעליצער ייִדן, וואָס זייערע נאָענטע האָבן זיך געפונען אויף דער רוסישער זייט, איבערהויפּט פרויען, וועמענס מענער עס זענען אַנטלאָפן צו דער רוסישער פרייהייט — אָנגעהויבן שיקן בריוולעך מיט די גויִשע „שליחים", וועלכע האָבן פאַר אַן אָפּצאָל געקאָנט פירן מענטשן אַהין און צוריק. עטלעכע האָבן דאָס אויסגענוצט און אומגעקערט זיך קיין מעליץ. די איבעריקע אָבער האָבן נישט געוואָלט ריזיקירן ביים שוואַרצן די גרענעץ, נאָר געשטעלט זיך בעסער אין די לאַנגע רייען פון טויזנטער מענטשן פאַר די טירן פון דער רוסיש־דייטשער געמישטער קאָמיסיע, וואָס האָט רעגיסטרירט פּליטים, וועלכע האָבן געוואָלט אומקערן זיך אַהיים, אין די געביטן, באַזעצטע דורך די דייטשן.

טעג און נעכט זענען זיי געשטאַנען אין דער ריי ביז זיי האָבן זיך פאַררעגיסטרירט. זיי זענען געווען פול מיט האָפענונג, אַז אין גיכן וועלן זיי זיך אומקערן צו זייערע נאָענטע און משפחות. אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די גאַנצע „רעגיסטראַציע" איז געווען נישט מער ווי אַ טייוולאָני־שער שפּיל, ווייל האָבנדיק שוין די אַדרעסן פון די אַלע פּליטים, איז די „ענקאַוועדע" מיט די ליסטעס אין דער האַנט, באַפאַלן די שטובן פון די פּליטים, האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן, אַריינגעזעצט אין פאַר־

מאַכטע לאַסטאויטאָס און געפירט זיי צו די צוגעגרייטע תפיסות.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונגען. יעדן פון זיי האָט מען אויסגעפרעגט אַלע איינצלהייטן: די נעמען פון עלטערן, באַשעפטיקונג און דער עיקר — זיין פאַרגאַנגענהייט און פּאָליטישע אָנשויונג. לויט דעם האָט מען געגעבן די אורטיילן: פאַר פּשוטע מענטשן פינף יאָר קאַטאָרגע, אָבער פאַר די יעניקע, וואָס האָבן געוואָלט זיך מאַכן וויכטיק און געגלייבט, אַז אויב מען וועט זיך פאָרשטעלן מיט אַ סאָציאַליסטיש־מאַרקסיסטישער פאַר־גאַנגענהייט, וועט מען גלייך באַפרייען — האָבן זיי דווקא געגעבן אַ „סראָק מיט אַ סטאַטיאַ": אויף גאַנצע צען יאָר קאַטאָרגע...

די אַרעסטירטע פאַרברעכער און פאַררעטער פון דער פרייער סאָציאַ־ליסטישער מדינה האָט מען עטלעכע וואָכן געהאַלטן אין די געפּאַקטע תפיסות, ביזן איינטיילן פאַר אַלע די לאַנגיעריקע אורטיילן. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס טראַנספּאָרטירן זיי אין פאַרמאַכטע לאַסטוואַגאָנעס, געהיטן פון אַלע זייטן דורך די באַוואָפנטע „ענקאַוועדע"־וועכטער צו די ווייטע אַרבעטס־לאַגערן אין די וועלדער פון סיביר, אוראַל, אין די טונדרעס און טייגעס, ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק.

לייכטער אַ ביסל איז געווען דער גורל פון די פּליטים, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער רוסישער זייט מיט זייערע משפּחות און אויך רעגיסטרירט זיך צו פאָרן צו זייערע היימען אויף די פּוילישע געביטן, אָקופּירטע דורך די דייטשן. פאַר זיי האָט די „ענקאַוועדע" נישט געטיילט קיין „סראָקן" פון יאָרן, ווי פאַר די איינצלנע פּערזאָנען, נאָר צונויפגענומען זיי צו די לאַסטוואַגאָנעס און ווי „פרייע מענטשן" זיי געפירט וואָכן לאַנג צו די אורוועלדער פון קאַלטן סיביר.

פון אַזאַ לאַסטצוג זענען אפרים זעמעלס צוויי זון אַנטלאָפן באַלד נאָך דעם ווי זיי זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לעמבערג. זיי האָבן זיך דערשלאָגן ביז צו דער גרענעץ ביים סאַן און זיי זענען אָנגעקומען צוריק קיין מעליץ.

געהערט פון זיי וואָס עס האָט געטראָפן מיט אַלע פּליטים אויף דער רוסישער זייט, האָבן די מעליצער ייִדן באַוויינט זייערע נאָענטע, וואָס זענען פאַרפאַלן געוואָרן ווי אַ שטיין אין וואַסער. געבליבן איז נאָר צו

האָפן, אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט מען זיך ווידער מיט זיי צונויפטרעפן.

די מלחמה האָט זיך אָבער נישט פאַרענדיקט, נאָר צעפלאַקערט זיך נאָך מער. די פרייע מדינות פון אייראָפּע זענען געפאַלן איינע נאָך דער צווייטער אונטער דער הערשאַפט פון די היטלעריסטן. פון די מעליצער ייִדן האָט אַלץ מער זיך דערווייטערט די האָפענונג אויסגעלייזט צו ווערן פון דער סאַדיסטישער מאַכט מיט אירע כסדרדיקע צרות און גזירות.

ביז גאָר שווער איז דאָס לעבן פון די ייִדן אין מעליץ געוואָרן ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן די מלחמה קעגן רוסלאַנד. זיי האָבן דאַן אָנגעהויבן בויען מיליטערישע באַזעס אין די וועלדער פון פאַסטקאָוו, אַ צוויי צענדליק קילאָמעטער פון מעליץ, איינגעאָרדנט דאָרט צוואַנגס אַרבעט־לאַגערן און אָנגעהויבן פירן אַהין די ייִדן פון דער גאַנצער געגנט און אויך פון מעליץ, און דאָס אַחוץ די ייִדן, וועלכע האָבן זיך טאָג־טעגלעך צוגעשטעלט לויט דער ליסטע פון יודענראַט.

די אַרבעטס־לאַגערן אין די פאַסטקאָווער וועלדער זענען געווען פאַרמאַכטע און די געכאַפּטע ייִדן האָבן פון דאַנען מער נישט געקאָנט אַרויס, זיי זענען געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכן צוים פון שטעכלדראָט און געהיטן פון באַוואָפנטע זעלנער. אויב עמעצער האָט געפּרוווט אַרויסגיין, האָט מען אים דערשאָסן אויפן אָרט. אַחוץ דעם זענען די דייטשע אַרבעטס־פירער און זייערע פוילישע מיטהעלפער געווען סאַדיסטן און זיי האָבן געפייניקט די ייִדן מיט די שווערסטע אַרבעטן, מיט הונגער און שלאָגן מכות רצח, און טייל מאָל — אויך פאַרפייניקט זיי ביז צום טויט.

ווען מען האָט זיך דערוווּסט אין מעליץ, וואָס עס קומט פאָר אין די לאַגערן אין פאַסטקאָוו, האָבן ייִדן מורא באַקומען צו באַווייזן זיך אין גאַס צוליב די אָפטע אָבלאַוועס. אויך דאָס זיצן פאַרמאַכט אין די שטובן איז געווען פול מיט פחד, ווייל נישט זעלטן האָט געטראָפן, אַז באַוואָפנטע עסעס־לייט האָבן זיך אַריינגעריסן, געשלאָגן, אַרויסגעפירט אַלע מענער און געפירט זיי צו די אַרבעטס־לאַגערן.

עס האָבן זיך געשאָטן שווערע גזירות איינע נאָך דער צווייטער. צו ערשט די פאַראָרדענונג איבערצוגעבן דער דייטשער מאַכט פרעמדע וואַלוטע, דאַן — אַ באַפעל אָפּצוגעבן דאָס גאַנצע צירונג און די זילבערנע כלים פון שטוב. נאָך שפּעטער איז אַרויס די גזירה אָפּצוגעבן דער דייטשער מאַכט אַלע פעלצן און פוטערס, וואָס ייִדן פאַרמאָגן. די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן זענען געוואָרן די הערשער איבער מעליצער ייִדן — דורכגעפירט רעוויזיעס מיט דער הילף פון זייערע מיטהעלפער פון דער פּוילישער פּאָליציי. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין ייִדישע שטובן, געזוכט אין אַלע ווינקלען און אויב זיי האָבן געטראָפן עפּעס אַ ווערטזאַך — מיטגענומען מיט זיך. האָט ווער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, האָט ער באַקומען מכות רצח און טייל מאָל אויך דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

דאַן איז געקומען די גזירה פאַר די מעליצער ייִדן צו טראָגן דעם „יודענצייכן" — אַ געלן אָרעמבאַנד מיט אַ „מגן־דוד". די לאַגע איז געוואָרן גאָר שלעכט. ביז איצט האָבן די ייִדן נאָך געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוגיין אין די אַרומיקע דערפער מיט זייערע שטובזאַכן, מלבושים, וועש, און צו טוישן דאָס ביי פּויערים אויף אַ ביסל שפּייזפּראָדוקטן. איצטער איז דאָס שוין נישט מעגלעך געווען.

אויב אַ ייִד האָט ריזיקירט אַראָפּצונעמען דעם „יודענצייכן" פון אָרעם און אַרויסכאַפּן זיך פון ייִדישן תחום, האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן מיט זייערע מיטהעלפער און מערדערלעך געשלאָגן, דערנאָך האָט מען געדאַרפט אויסקויפן זיך מיט געלט פון זייערע לאַפּעס, ווייל אויב נישט, האָבן זיי דערשאָסן אויפן אָרט אָדער איבערגעגעבן זיי צו דער אָרטיקער געסטאַפּאָ, וועלכע האָט זיי פאַרפּייניקט צום טויט.

איבערן שטעטל האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן קלאַנגען וועגן אַ טאָטאַלער ייִדישער אויסזידלונג. ביז איצט, ווי ביטער די צרות זענען נישט געווען, האָט מען זיך דאָך געפינען אין דער אייגענער שטוב, מיט אַ בעט, ווו דעם קאָפּ אָנצולייגן. אָבער אויב מען וועט, חס וחלילה, אויסגעזידלט ווערן

אין דער פרעמד, פאַרלירט מען דאָך דעם עיקר — אַ דאַך איבערן קאָפּ. דערצו איז איצט ווינטער, מיט שניי און פרעסט. אַחוץ דעם איז דער דאָקטאָר פראַנק, וואָס האָט געהאָלפן פון דער דאָזיקער גזירה ביים אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע, געוואָרן אויס פאַרוואַלטער פון שטעטל און האָט גאָרנישט געקאָנט העלפן ביי דער דייטשער מאַכט.

באין ברירה האָט אַ דעלעגאַציע פון יודענראַט זיך געשטעלט פאַר דער אָרטיקער דייטשער מאַכט צו אינטערווענירן וועגן דעם ענין — אפשר וועט אויך דאָס מאָל געלונגען אָפּצורופן די גזירה.

געקומען צו די דייטשע מיליטערישע פאָרשטייער אין שטעטל, האָבן יענע אויסגעשיט אויף דער ייִדישער דעלעגאַציע זייער גאַנצן גיפטיקן זידל־אַרסענאַל, און דאַן פאַרגעלייגט זיי אויסצוקויפן זיך מיט אַ געלט־קאָנטריבוציע אין צירונג, אין גאָלד און זילבער.

מעליצער ייִדן האָבן מיט ציטערנדיקע הענט אַרויסגעגראַבלט פון די באַהעלטענישן דאָס לעצטע וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט און געהאַלטן עס אויף אַ „שוואַרצער שעה", כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן ,און איבערגעגבן דאָס צום יודענראַט — אַבי ניצול צו ווערן פון דער ביטערער גזירה, וואָס איז געהאָנגען ווי אַ שווערער קאָשמאַר איבער אַלעמענס קעפּ.

# אויסזידלונג

עטלעכע טעג נאָכן אַריינטראָגן דורך דער דעלעגאַציע פון יודענראַט דאָס צונויפגעגומענע זילבער, גאָלד און צירונג — דאָס לעצטע וואָס די מעליצער ייִדן האָבן נאָך פאַרמאָגט — איז פּאַרהעלטנישמעסיק שטיל געווען אין ייִדישן תחום פון שטעטל. עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין אַבלאַוועס אויף ייִדן און אַוועקצופירן זיי אין די אַרבעטס־לאַגערן פון פּאַסטקאָוו, מען האָט נישט שיקאַנירט אַזוי שטאַרק די ייִדן, וועלכע האָבן „פּרייוויליק", לויט דער ליסטע פון יודענראַט, געשטעלט זיך צו דער אַרבעט אין פלוג־צויג־ווערק הינטערן שטעטל אָדער צו אַנדערע אַרבעטן פאַר די דייטשן. אויך די פאָלקסדייטשן האָבן אויפגעהערט פייניקן ייִדן ביי יעדער גע־לעגנהייט ווי ביז היינט. האָבן ייִדן אין מעליץ געגלויבט, אַז דאָס אַלץ איז דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך אויסגעקויפט מיט דער איינגעצאָלטער קאָנטריבוציע; פון איצט וועט דאָס לעבן אַ ביסל לייכטער ווערן.

באַאומרויִקט האָט זיי נאָר, וואָס אין די לעצטע טעג האָבן פאַר־שטאַרקטע וואַכן פון דער באַוואָפנטער עסעס געדרייט זיך איבערן מאַרק און די געסלעך, געקוקט מיט גיפטיק־שפּיזיקע אויגן דאָ און דאָרט, אַזוי ווי עפּעס געשנאַפּט און געזוכט. אויך די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן זענען אַרומגעלאָפן ווי שנאָפּהינט צווישן די ייִדישע הייזער, אָבסערווירט אַלץ און אַלעמען, ווי זיי וואָלטן צוגעגרייט נייע צרות פאַר ייִדן.

געשווערט אויפן ייִדישן געמיט האָט אויך דאָס קאַלטע וועטער נאָך פּורים. געדאַכט האָט זיך, אַז אָט קומט דער וואַרעמער פרילינג, און דאָ גאָר קאַלטע מאַרט־ווינטן, וואָס צעברעכן גליד און ביין.

גאָר קאַלט האָט זיך געמאַכט די לעצטע נאַכט פון כ׳ אדר תש״ג, וואָס איז צוגעפאַלן מיט אַ שרעקעוודיקער פינצטערניש און אַ פייפנדיקן ווינט צווישן די הייזער וואָס האָט געברענגט אַ שניי איבערן שטעטל. איינגעשלאָסן אין זייערע שטובן האָבן די מעליצער ייִדן אין דער נאַכט־פינצטערניש אויסגעפילט, אַז נישט גוטע זאַכן הענגען אין דער שטור־

מישער, אומהיימלעכער נאַכט. גייענדיק שלאָפן אויף זייערע געלעגערס האָבן זיי געבעטן גאָט, אַז אַלץ זאָל אַריבער בשלום.

זיי האָבן נישט געוווּסט און זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס גייען זיי שלאָפן אין זייערע בעטן דאָס לעצטע מאָל. די דייטשע מאַכט אין שטעטל האָט דאָך ביים באַקומען די קאָנטריבוציע פאַרזיכערט, אַז קיין



די אויסזידלונג

אויסזידלונג וועט נישט פאָרקומען! זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז אויך ביים אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן מעליצער ייִדן זיך אויסגעקויפט פון אַ זיכערער אויסזידלונג און די גאַנצע צייט זענען זיי געבליבן אין זייערע היימען, וועט דאָס מאָל אויך מסתמא זיין דאָס זעלבע. אָבער דאָס מאָל האָבן די דייטשן זיי אָפּגענאַרט.

פאַר טאָג זענען עסעס־לייט צוזאַמען מיט דער פּאָליציי, אָנגעפירט דורך די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן, באַפאַלן דעם ייִדישן תחום פון שטעטל. זיי האָבן גענומען שיסן פון אַלע זייטן צו דערשרעקן די שלאָפנ־דיקע ייִדן אַריינגעריסן זיך אין די שטובן, געשלאָגן וועמען זיי האָבן נאָר

געטראָפן און אָנגעהויבן אַלעמען טרייבן אין דעם קאַלטן דרויסן. זיי האָבן ווילד געשריגן:

— צום אומשלאַגפּלאַץ — אָדער טויט! הערויס, יודענגעזינדל! געשווינד הערויס!

די צעווילדעוועטע רוצחים האָבן געריסן פענצטער און טירן, גע־שלאָגן מיט שטאָלענע שפּיצרוטן און געטריבן אַרויס. ווער עס האָט זיך אַקעגנגעשטעלט אָדער איז געלעגן קראַנק, האָבן זיי געשאָסן אויפן אָרט.

שרעקלעך איז געווען די מהומה צווישן די ייִדן אין שטעטל. מיט ציטערנדיקע הענט האָבן זיי גענומען אויף דער גיך פּאַקן זייערע בייטיקע זאַכן צום וואַנדערוועג, וואָס קיינער ווייסט נישט וווּהין ער וועט פירן. דאָס לעצטע מאָל האָבן זיי אומגעקוקט זיך אויף דער היים, וואָס מען מוז פאַרלאָזן און איין גאָט אין הימל ווייסט ווען מ׳וועט ווידער זיך אומקערן.

אַלץ מער האָט זיך געשטאַרקט די מהומה. די דייטשן האָבן געשריגן און געזידלט, די צעשלאָגענע ייִדן האָבן געקרעכצט, און אין דעם געצייל — די קולות פון פרויען און דאָס געוויין פון ציטערנדיקע קינדער, וואָס מען טרייבט אַרויס פון די שטובן אין דער פראָסטיקער, פאַרטאָגיקער קעלט. מענטשן געטראָפענע פון דער שיסעריי, פאַרוווּנדעטע, זענען געפאַלן איבערן שניי און געטראָטן געוואָרן דורך די סאַדיסטישע רוצחים.

הפקר איז געוואָרן דאָס ייִדישע לעבן אין שטעטל, הפקר דאָס ייִדישע בלוט פאַר אַלע פינצטערע עלעמענטן און פאַרברעכערישע רוצחים, סיי די דייטשע נאַצישע מערדער און סיי זייערע פּוילישע מיטהעלפער, וואָס האָבן איצט באַקומען אַ מעגלעכקייט צו פאַרגיסן ייִדיש בלוט.

אַלץ שטאַרקער און געדיכטער זענען ייִדן געלאָפן צום אומשלאַג־פּלאַץ אין מאַרק מיט זייערע קינדער און אַלטע־לייט און געשטעלט זיך משפחות־משפחות, איינע לעבן דער צווייטער, געקרעכצט און געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן מחמת מוראדיקן פּחד און ביטערער קעלט. פון די געסלעך אַרום האָט זיך נאָך אַלץ געטראָגן דאָס שרעקלעכע גערויש פון רייסן טירן און פענצטער, פון די ווילדע געוואַלדן:

— צום אומשלאַגפּלאַץ אָדער טויט!

דער מאַרק איז פול געוואָרן מיט די מעליצער ייִדן, וועלכע זענען

גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די עסעס און זייערע מיטהעלפּער מיט ביקסן און מאַשין־געווער, אַז קיינער פון זיי זאָל נישט קאָנען אַנטלויפן.

די מעליצער ייִדן זענען געשטאַנען מיט זייערע פּעק אויף די פּלייצעס, מיט די קינדער און אַלטע־לייט דערשלאָגן און דערציטערט פאַר זייער קינפטיקן גורל.

זיבן אַזייגער פרי איז פאַרענדיקט געוואָרן די אַקציע פון טרייבן די מעליצער ייִדן פון זייערע היימען צום אומשלאַגפּלאַץ. מיט אַ שטאַרקער פּייפעריי האָט מען באַפוילן די ייִדן אויסצושטעלן זיך אין רייען, כדי דורכצופירן אַ „סעלעקציע״. מען האָט אויסגעקליבן די יונגע אַרבעטס־פעיִקע מענטשן און אָפּגעטיילט קינדער פון עלטערן, מענער פון פרויען, טאַטעס פון קינדער און געשיקט זיי גרופּעוויִיז, אַ טייל צום אַרבעטס־לאַגער הינטערן שטעטל און אַנדערע — צו די שוין טרויעריק באַרימטע אַרבעטס־לאַגערן אין די וועלדער פון פּאַסטקאָוו.

פּאַרטיק געוואָרן מיט דער „סעלעקציע״ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס טרייבן די געבליבענע מעליצער ייִדן פון מאַרק דורך די באַוואָפנטע רוצחים אויף פערד. זיי האָבן געשמיסן מיט בייטשן רעכטס און לינקס און גע־שריגן: „געשווינד! געשווינד, יודענגעזינדל! זיי האָבן געטריבן ייִדן צום בערדיכעווער וועג. יענע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַזוי גיך לויפן, האָבן אָנגעהויבן איבערצולאָזן זייערע פּעק אויף די וועגן, כדי אויסצומיידן די בלוטיקע קלעפּ.

די פּוילישע רשעים פון שטעטל, וועלכע האָבן זיך געזאַמלט כדי צו זען די ייִדישע צרות, האָבן זיך געוואָרפן אויף די פּעקלעך איבער די וועגן, מיט פרייד געכאַפּט דאָס לעצטע ביסל ייִדיש פאַרמעגן און מיט צופרידנ־קייט געטראָגן דאָס צו זייערע היימען.

די געטריבענע ייִדן זענען געקומען צום שיידוועג לעבן בערדיכעווער וואַלד, וואָס האָט געפירט צו די האַנגאַרן. די דייטשן האָבן ווידער געמאַכט אַ סעלעקציע און דאָס מאָל אַרויסגעכאַפּט פון די לויפנדיקע ייִדן יעדן, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין עלטער אָדער שוואַך און געשטעלט אים אין אַ זייט. ווען עס איז שוין געווען אַ גרעסערע צאָל אַזעלכע ייִדן, מענער און פרויען, האָט מען זיי געטריבן צום שנייִקן פעלד לעבן וואַלד. די

איבעריקע מעליצער ייִדן האָט מען געטריבן ווייטער צו די האַנגאַרן און מיט שמיץ אַריינגעיאָגט זיי אין די ברייט־צעעפנטע טויערן, וואָס מען האָט הינטער זיי פאַרשלאָסן. מען האָט איבערגעלאָזט אַרום זיי אַ שמירה פון באַוואָפנטע דייטשן. די איבעריקע מיט די ביקסן און מאַשין־געווער האָבן זיך געלאָזט צום שנייִקן פעלד לעבן בערדיטשעווער וואַלד, ווו די אומגליקלעכע ייִדן זענען געשטאַנען אין טיפן שניי און געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

די רוצחים זענען אָנגעקומען און זיך אויסגעשטעלט אַרום זיי מיט די ביקסן און מאַשין־געווער גרייט צום שיסן. מיט אַ מאָל האָט זיך אַ ריס געטאָן אַ געשריי „שמע ישׂראל״ פון איין עק פעלד ביז צום צווייטן און אַן עכאָ האָט אָפּגעקלונגען פון וואַלד. די שיסעריי האָט זיך אָנגעהויבן, אויפגעציטערט די לופט אַרום און פאַרשטיקט דעם לעצטן געשריי. רויט איז געוואָרן דער שניי אַרום פונעם אומשולדיק־פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט.

די שחיטה איבער הונדערטער מעליצער ייִדן איז געווען געענדיקט. די רוצחים האָבן געעפנט די טויערן פון די האַנגאַרן, אַרויסגעפירט אַ גרעסערע צאָל ייִדן און געפירט זיי צום אָרט פון דער שחיטה לעבן בערדיטשעווער וואַלד, כדי צו באַגראָבן די אומגעבראַכטע ייִדן.

אַ שרעקלעך און גרויזאַם בילד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זייערע אויגן. מענער און פרויען, מיט בלוט פאַרגאָסן, האָבן זיך געוואַלגערט ווי גע־קוילעטע עופות איינער לעבן צווייטן, און איבער זיי האָבן אַנדערע, נאָך האַלב־לעבעדיקע, געפּויזעט און געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון די טויט־פּענטעס, געכאַפּט ביסלעך שניי אין זייערע מיילער, כדי צו דערהאַלטן דאָס ביסל חיות וואָס איז נאָך געבליבן אין זייערע קערפּערס. שוואַרצע קראָען זענען אַרויס פון וואַלד און געקרייזט מיט אַ קראַקען איבערן בלוטיקן פעלד.

אַ פאַרשטיקטער קרעכץ האָט זיך געטראָגן פון דער גרופּע ייִדן, וואָס מ׳האָט געבראַכט אַהער פון די האַנגאַרן. אַ קאַלטער שוידער איז אַדורכ־געלאָפן זייערע לייבער. אַ רויטער שווינדל פון בלוטיקן פעלד האָט פאַר־נעפּלט זייערע אויגן. פאַרגליווערט זענען זיי געבליבן שטיין, נישט צו שטעלן קיין טריט ווייטער, ביז אַ האָגל פון שמיץ איבער זייערע קעפּ

האָט זיי אויפגעוועקט פון קאָשמאַרן חלשותדיקן צושטאַנד און זיי האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט מיט פאַרקלעמטע הערצער און ציטערדיקע הענט.

ביים ברענגען די צעשאָסענע ייִדן צו קבורה אין די טיפע גריבער, וואָס זענען געווען צוגעגרייט פון פאָרויס, האָבן טייל פון זיי אָנגעטראָפן אויף אַ צעשאָסענעם פאָטער, מוטער, שוועסטער, ברודער אָדער אַנדערע נאָענטע קרובים. פאָטער איינציקער אין הימל! — האָבן די אומגליקלעכע ייִדן פון האַנגאַר געטראַכט — פאַר וואָס? פאַר וואָס איז געקומען אויף די אומשולדיקע ייִדן אַזאַ שרעקלעך אומגליק? בעסער שוין צו וואַרפן זיך אַליין לעבעדיקערהייט אין די גריבער דאָ. סיי ווי איז שוין מער נישטאָ פאַר ייִדן קיין האָפענונג. היינט אָדער מאָרגן וועט אונדז טרעפן דער זעלבער גורל, איז צו וואָס נאָך די שרעקלעכע פּיין? דאָס לעבן איז אָבער געווען שטאַרקער. זיי האָבן נישט געוואָרפן זיך אין די גריבער, נאָר ווייטער געטאָן דעם חסד של אמת מיט די מתים און געטראָגן איינעם נאָכן צווייטן צו קבורה אין די בשותפותדיקע קברים.

די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן האָבן געזען, אַז די גרופּע ייִדן פון די האַנגאַרן וועט היינט נישט פאַרטיק ווערן מיטן באַגראָבן אַלע טויטע, האָבן זיי צונויפגענומען גויִים פון נאָענטן דאָרף, אַז אויך זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיטן באַגראָבן די זשידעס.

ווען זיי זענען געקומען אַהער, האָבן זיי זיך ווי רויב־חיות געוואָרפן אויף די אומגעבראַכטע מעליצער ייִדן. זיי האָבן געריסן גאָלדענע קדושין־רינגלעך פון די הענט פון פרויען, טייל מאָל — צוזאַמען מיט די פינגער; אַראָפּגעצויגן שטיוול און שיך פון די טויטע און פון די וואָס האָבן נאָך געזשיפּעט, אַראָפּגעשלעפּט פון זיי די מלבושים און דערנאָך אויף אַ שענד־לעכן אופן געשלעפּט זיי צו די גריבער און זיי אַהין אַריינגעוואָרפן.

די ייִדן האָבן צוגעזען די שענדונג פון די ייִדישע קרבנות אָבער מיט גאָרנישט געקאָנט שטערן דער גויִישער וואַקכאַנאַליע און זייער סאַטיספאַקציע ביים פאַרשוועכן די ייִדישע קערפּערס. אַרום זיי זענען געשטאַנען די דייטשע רוצחים מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן און ביי יעדן פאַרדעכטיקן טריט — גרייט אויף זיי צו שיסן.

פלוצלונג האָבן עטלעכע פון די ייִדן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ „בר

מינן״, וואָס האָט געעפנט די אויגן און מיט אַ ציטערנדיק קול אַ זאָג געטאָן: „איך לעב״. זיי זענען אַ ווײַלע געבליבן שטיין דערשראָקן. אפשר האָט זיך דאָס זיי נאָר אויסגעדאַכט? אָבער ווען זיי האָבן ווידער אַ מאָל דערהערט די קלאָרע ווערטער: „איך לעב״, האָבן זיי אָפּגעווישט דאָס בלוט פון זיין פּנים און אים דערקענט: משהלע העלפגאָט! אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ווי נאָר ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די שיסערײַ, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צום שנײַ אויף דער ערד. אַנדערע ייִדן, וועלכע זענען געטראָפן געוואָרן פון די רוצחישע קוילן, זענען אויף אים געפאַלן און מיט זייער בלוט האָבן זיי דורכגעווייקט זיין פּנים און מלבושים. אויף אַזאַ אופן איז ער געבליבן לעבן. די ייִדן האָבן זיך אומגעקוקט, און געזען, אַז די באַוואָפנטע רוצחים באַמערקן נישט וואָס דאָ קומט פאָר, האָבן זיי אים געשטעלט אויף זיינע פיס, געגעבן אַ לאָפּאַטע אין האַנט, עס זאָל הייסן, אַז ער איז געקומען מיט זיי פון די האַנגאַרן.

די גריבער זענען פול געוואָרן מיט אויסגעקוילעטע ייִדן און די באַוואָפנטע דייטשע רוצחים האָבן צוריק געפירט די גרופּע ייִדן אין די האַנגאַרן, צווישן זיי אויך משהלע העלפגאָט.

די גרופּע צוריקגעקומענע ייִדן, אויסגעשמירטע מיט בלוט, איז געבליבן שטיין ביים טויער, וואָס איז הינטער זיי געוואָרן פאַרשלאָסן. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע קעפּ און מיט פאַרשטיקטע קולות אָנגעהויבן אַלע אין איינעם זאָגן „יתגדל ויתקדש שמה רבא״!

# אין די האַנגאַרן

דערשיטערט, צעווייטיקט און צעבראָכן נאָך דער אויסזידלונג און נאָך דער שחיטה לעבן בערדיכעווער וואַלד, האָבן די פאַרבליבענע מעליצער ייִדן, פאַרשלאָסענע אין די האַנגאַרן, איבערגעלעבט אַ נאַכט פון קאָשמאַר, געוויין און געקלאָג נאָך זייערע נאָענטע.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָבן די דייטשן אויפגעשלאָסן די טויערן און אַרויסגעטריבן די ייִדן, כדי ווידער אַ מאָל צו מאַכן אַ סעלעקציע. אַז די רוצחים האָבן באַמערקט צווישן די ייִדן עמעצן מיט אַ קרענקלעך פּנים אָדער מיט אַ פיזישן פעלער, האָבן זיי אים אַ שלעפּ געטאָן אין אַ זייט און דערשאָסן אויפן אָרט.

פּאָהאָרילעס, דער לאָמער סענדזשע*, האָט געזען וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער זיך מיט אַלע זיינע כוחות געפּלייסט, טראָץ די ווייטיקן פון קראַנקן פוס, צו שטעלן נאָרמאַל זיינע טריט, כדי די רוצחים זאָלן נישט באַמערקן זייַן פיזישן פעלער. צום סוף אָבער האָבן זיי דערזען זיין הינקען און אַ שלעפּ געטאָן אים אין אַ זייט צום שיסן. זיין פרוי האָט דאָס דערזען, האָט זי געשטעלט זיך צווישן איר מאַן און די אויסגעשטרעקטע ביקסן, אַרויס־געכאַפּט אַ פּאַפּיר פון בוזעם, דאָרט איז געווען שוואַרץ אויף ווייס, אַז איר מאַן איז געוואָרן אַן אינוואַליד אין קאַמף, צוזאַמען מיט די דייטשן, קעגן די רוסן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער הערשט פון דער באַנדע האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם דאָזיקן פּאַפּיר און אַ געשריי געטאָן: „יודע בלייבט יודע, צום פאַרעקען"! ווידער האָבן זיך די ביקסן אַ הייב געטאָן צום שיסן. געזען, אַז דער אינוואַליד־דאָקומענט האָט נישט געהאָלפן, האָט די פרוי געבעטן זיך: „שיסט מיך און נישט מיין מאַן"!

אין צווישן האָט זייער איינציק טעכטערל, אַ קינד פון אַ יאָר זעקס אָדער זיבן, דערזען וואָס דאָ קומט פאָר מיט אירע עלטערן, האָט זי זיך

---

* ריכטער.

אַ לאָז געטאָן אַהער, געכאַפּט זיך מיטביידע הענטלעך אָן טאַטע־מאַמע און מיט געוויין געבעטן זיך ביי זיי: נעמט מיך אויך מיט, איך וויל נישט בלייבן אַליין אויף דער וועלט! אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ קנאַל פון ביקסן און טאַטע־מאַמע מיט זייער קינד, פאַרגאָסן מיט בלוט, זענען געפאַלן אויף דער שנייִיקער ערד.

פאַרענדיקט די בלוטיקע סעלעקציע איבער די מעליצער ייִדן, האָבן די רוצחים גענומען טרייבן צוריק די מענער, פרויען און קינדער אין די האַנגאַרן און שלאָגן מיט זייערע שטאָלענע שפּיצרוטן אויף רעכטס און לינקס, ביז אַלע זענען אַריין און מען האָט פאַרשלאָסן הינטער זיי די אייזערנע טויערן.

זינט נעכטן גאַנץ פרי, פאַר דער אויסזידלונג, האָבן די ייִדן קיין ביסל וואַסער אין מויל נישט געהאַט, האָבן זיי אויסגענוצט דאָס געפינען זיך אין דרויסן בעת דער סעלעקציע, כדי צו כאַפּן שניי אין מויל און אַזוי אַרום צו לעשן דעם ברענענדיקן דורשט, וואָס איז געשטאַרקט געוואָרן מיט די אַלע איבערלעבענישן.

נאָכן שלינגען דעם קאַלטן שניי, האָבן אַ סך פון זיי, איבערהויפּט די קינדער, דערפילט שטאַרקע ווייטיקן אין בויך, מיט אַ שטאַרקן דראַנג צו אַ מענטשלעך געברויך. היות זיי האָבן נישט געקאָנט אַרויס אין דרויסן, ווייל די טויערן זענען געווען פאַרשלאָסן, זענען זיי באַין ברירה געלאָפן צו די ווינקלען פון די האַנגאַרן. אַ שלעכטער ריח האָט זיך גענומען טראָגן פון דאָרט.

די מענטשן, וועלכע זענען געזעסן נישט ווייט, האָבן אָנגעהויבן זיך צו דערוויַיטערן מיט זייערע פּעקלעך. עס איז געקומען צו קריגערייען איינער מיטן צווייטן. דאָס גערויש איז געוואַקסן. אויך צוליב די יללות פון ווייבער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן די צרות און איבערלעבענישן, ביז זיי זענען אין גאַנצן משוגע געוואָרן. די פאַרשלאָסענע האַנגאַרן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום פאַר די אומגליקלעכע ייִדן.

נאָך דריי טעג און נעכט אוממענטשלעכע ליידן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַן אייביקייט, האָבן זיך די געשלאָסענע טויערן פון די האַנגאַרן ברייט

צעעפּנט און עס איז געקומען אַ באַפעל: אַלע, צוזאַמען מיטן באַגאַזש, אַרויס! צופרידן וואָס מען ווערט פּטור פון דעם גיהנום, האָבן זיי געכאַפּט זייערע פּעקלעך אויף די פּלייצעס, די קלענערע קינדער אויף די הענט און אַרויס אין דרויסן.

ווען די ייִדן זענען אַרויס פון די האַנגאַרן, זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַוואָפנטע עסעס־לייט. זיי האָבן באַפוילן די ייִדן אויסצו־שטעלן זיך אין אַ ריי און געפירט זיי אין דער ריכטונג פון דעם פלוגצויג־ווערק, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן אַן אַרבעטס־לאַגער. געקומען נענטער אַהער צום פאַרצוימטן פּלאַץ מיט שטעכלדראָט, האָבן אַ סך פון די ייִדן דערזען דאָ זייערע נאָענטע, וועלכע מען האָט אין טאָג פון דער אויסזידלונג גענומען אַהער נאָך דער סעגרעגאַציע אויפן אומשלאַגפּלאַץ אין מאַרק. ווען זיי האָבן אָנגעהויבן רופן זיך ביי די נעמען, כדי צו כאַפּן מיט זיי עטלעכע ווערטער, זענען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך די רוצחים מיט שטאָלענע שפּיצרוטן איבער די קעפּ און געטריבן געוואָרן ווייטער צו דער לאַנגער ריי לאַסט־וואַגאָנעס אויף אַ זייטיקער באַנליניע.

די רוצחים האָבן זיי פאַרהאַלטן ביי עטלעכע וואַגאָנעס מיט דער אויפשריפט: „באַדע־איינריכטונג" און דערלעבן אַ לאָזונג: „אַרבייט מאַכט פריי!" די ייִדן האָבן לייכטער אָפּגעעטעמט: אַבי מען פירט אודנז אויף אַרבעט — איז דאָך פאַראַן אַ האָפענונג צו גאָט, אַז מ'וועט בלייבן ביים לעבן! אַ שטראַל האָט אַ בליץ געטאָן אין זייער פינצטער געמיט. זיי זענען אויך צופרידן געווען, וואָס זיי וועלן אַ ביסל זיך אָפּוואַשן פון דעם שמוץ אין די האַנגאַרן און באַקומען צוריק אַ מענטשלעכע צורה.

זיי האָבן זיך געשטעלט אין דער ריי, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער, פאַר די „באַדוואַגאָנעס" און איינציקווייז אָנגעהויבן אַריינצוגיין, אַוועקגעלייגט די פּעקלעך אין דער זייט און אַראָפּגענומען די מלבושים, וואָס די רוצחים האָבן גענומען דורכקוקן און רעווידירן. אויב זיי האָבן געפונען געלט אָדער אַ ווערטזאַך, האָבן זיי דאָס גענומען פאַר זיך.

די „באַדוואַגאָנעס" זענען געווען אַזוי געשטעלט, אַז אַריינגייענדיק פון פאָרנט, זענען די מענטשן, נאָכן וואַשן, אַרויס אין דער צווייטער זייט פון די לאַסטוואַגאָנעס און מער נישט געקאָנט זיך אומקערן אויף צוריק, אַזוי

אַז קיינער פון די, וואָס האָבן געוואַרט אין דער ריי צום באָדן זיך, האָבן נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר.

פאַר מענער איז דאָס וואַשן זיך מיט די קאָנטראָלעס פון די פעקלעך און מלבושים, נישט געווען קיין פּראָבלעם. סיי ווי האָבן זיי שוין ווינציק געהאַט ביי זיך געלט אָדער גאָלדזאַכן, און אויב יאָ, איז דאָס געווען טיף פאַרשטעקט אין די מלבושים און פּאַרנייט, נישט צו דערקענען. אַחוץ דעם האָבן די דייטשע רוצחים די רעוויזיעס געמאַכט אויבערפלעכלעך און גיך, ווייל געטאָן האָבן זיי דאָס פון אייגענער איניציאַטיוו, כדי אָנצופּילן זייערע טאַשן מיט יידיש פאַרמעגן.

פאַר פרויען דאַקעגן, וואָס האָבן געדאַרפט אויסטוען זיך צום וואַשן אין דער קעגנוואַרט פון די דייטשע מענער, איז דאָס געווען אַ שווערע איבערלעבעניש און אַ מאָראַלישע דערנידעריקונג. איבערהויפּט איז דאָס געווען שווער פאַר די יידישע צניעותדיקע ווייבער און מיידלעך, וואָס ביז דאַן האָט נאָך קיין פרעמדער מאַנספּערשוין נישט געזען זייער נאַקעט לייב.

צום שווערסטן איז דאָס געווען פאַר דער גאָר פרומער מעליצער רביצין. אַריינגעקומען אין באָדוואַגאָן און דערזען עטלעכע מאַנסלייט, האָט זי בשום אופן נישט געוואָלט אַראָפּנעמען פון זיך אירע קליידער. עס האָבן נישט געהאָלפן די רייד, פון די אַנדערע יידישע פרויען, וועלכע האָבן געוואָלט זי איבערצייגן, אַז סיי ווי וועט זי זיין געצוווּנגען דאָס צו טאָן. זי האָט נישט געוואָלט הערן דערפון, ביז די רוצחישע דייטשן האָבן מיט כוח אַראָפּגעריסן פון איר די קליידער און נאָך מער קאָנטראָלירט איר נאַקעט לייב, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס נישט וועלן אויסטוען זיך איז דערפאַר, ווייל זי באַהאַלט עפּעס אויף איר קערפּער.

פאַרטיק געוואָרן מיטן וואַשן און די קאָנטראָלעס אין די באָדוואַגאָנעס, וואָס האָט געדויערט ביז צופאַלן פונעם אָוונט, האָבן די דייטשע רוצחים פאַרשלאָסן די יידן אין די לאַסטוואַגאָנעס וואָס זענען ביז איצט גענוצט געוואָרן פאַר בהמות. זיי זענען איבערגעאַרבעט געוואָרן. די קליינע, אָפענע פענצטערלעך זענען פאַרשטעלט געוואָרן מיט אייזערנע קראַטן, איבער די טירן האָט מען געלייגט שטאָבעס אייזן — קיין מענטשלעך באַשעפעניש

זאָל זיך פון דאַנען נישט קאָנען אַרויסבאַקומען. אַזוי האָט מען זיי געלאָזט שטיין אין משך פון דער גאַנצער נאַכט.

דורכגעבלאָזן דורך דער נאַכטיקער קעלט, אויסגעמוטשעט פון הונגער, פּיין און ביטערע צרות האָבן טייל פון די פאַרשפּאַרטע אין די וואַגאָנעס זיך איינגעבראָכן, פאַרחלשט געוואָרן און אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם.

צו מאָרגנס, ווען ס׳איז געוואָרן טאָג, האָבן די דייטשע רוצחים אַרויסגעוואָרפן די פאַרשטייפטע טויטע קערפּערס און דעם צוג מיט ייִדן געשיקט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

נאָכן אָפּשיקן דעם טראַנספּאָרט מיט די אויסגעזידלטע ייִדן, איז די דייטשע מאַכט אין שטעטל געווען זיכער, אַז מעליץ איז געבליבן „יודענ־ריין״. די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן האָבן אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז נישט אַזוי. ערשטנס, האָבן זיי געהאַט אַ פאַרדאַכט אויף עטלעכע מענטשן אין שטעטל, וואָס שפּילן די ראָלע פון קריסטן און מיידן אויס צו טראָגן דעם ייִדישן אָרעמבאַנד מיטן געלן מגן־דוד. זיי דרייען זיך פריי אַרום אַזוי ווי זיי וואָלטן קיין זשידעס נישט געווען. צווייטנס, האָבן די פּאָליאַקן באַמערקט, אַז געוויסע ייִדן האָבן אויסגענוצט די סומאַטאָכע אין שטעטל און בגניבה געלאָפן זיך אויסבאַהאַלטן צו דער קעמפּע אַרום דער ווייסליק, צום בית־הקברות און סמאַטשקער וועלדל, פון וואַנען זיי האָבן אָוונטצייט, נאָך דער אויסזידלונג, אומגעקערט זיך צו די אויסגעליידיקטע ייִדישע הייזער כדי צו נעכטיקן דאָרט.

זיי האָבן נישט געקאָנט דאָס פאַרטראָגן און אָנגעהויבן טראָגן מסירות צו דער דייטשער מאַכט דורך די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן. די געסטאַפּאָ האָט באַלד גענומען פאַרענדיקן די אויסראָטונג־אַקציע פון די פאַרשטעלטע און באַהאַלטענע ייִדן.

ס׳ערשטע איז די באַנדע רוצחים אַוועק צום אַלטן דאָקטאָר גאַווענדע, וועלכער איז מיט לאַנגע יאָרן צוריק געקומען פון דער פרעמד אַהער ווי אַ קריסט און קיינעם פון די מעליצער ייִדן׳ איז נישט איינגעפאַלן צו קלערן, אַז ער האָט עפּעס אַ שייכות מיט ייִדישקייט. זיין פרוי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך־פרומע קריסטין, האָט געטראָגן שוואַרצע קרעלן אויפן האַלדז מיט אַ צלם און נישט פאַרפעלט צו גיין זיך מאַדליען אין קאָשטשאָל.

די אַנטיסעמיטן האָבן אָבער פון ערגעץ־ווו אויסגעשנאַפּט, אַז מיט גאַוועג־דעס אַרישן אָפּשטאַם איז נישט אַזוי גלאַט. ווען די באַנדע איז געקומען אויספאָרשן דעם ענין, האָבן זיי אים נישט געטראָפן אין דער היים. דער אָרטיקער גלח, מיט וועמען דער דאָקטאָר גאַוועגדע איז געווען באַפריינדט, האָט געוווּסט מיט עטלעכע טעג פריִער וועגן דער קומענדיקער אויס־זידלונג פון די מעליצער ייִדן, און קענענדיק די היטלעריסטישע נירענ־בערגער ראַסן־געזעצן, אַז ייִדן, אפילו געשמדטע, פאַלן אַרונטער אונטער דעם, האָט ער אים אויסבאַהאַלטן אין זיין הויז אויף דער פלעבאַניע לעבן דער קירכע. „וואָס זיכער איז זיכער" — האָט ער דעם אַלטן דאָקטאָר גאַוועגדע געגעבן צו פאַרשטיין.

נישט געטראָפן דעם דאָקטער גאַוועגדע אין שטוב, זענען די רוצחים אַריבער צום פּראָפעסאָר לענטשנאַר, וועלכער איז מיט יאָרן צוריק גע־קומען קיין מעליץ, כדי צו לערנען מיט די שילער פון דער היגער גימנאַזיע. די גאַנצע צייט האָט ער אויסגעמיטן ייִדישע געזעלשאַפט און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז אַ ייִד. זיינע גויִישע שכנים אָבער האָבן אויף אים געהאַט אַ פאַרדאַכט און דאָס איבערגעגעבן די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן, געקומען אין הויז פון פּראָפעסאָר און זעענדיק די הייליקע בילדער אויף די ווענט, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט געוואָלט אַוועקגיין. אָבער יעק און צימערמאַן האָבן זיי פאַרהאַלטן, זיי זאָלן קאָנטראָלירן זיינע דאָקומענטן. אַז זיי האָבן באַמערקט, ווי דעם פּראָפעסאָרס הענט ציטערן ביים דערלאַנגען זיינע פּאַפּירן, האָבן די רוצחים גענומען שטרענגער פאָרשן ביי אים זיין אָפּ־שטאַם. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ריכטיקער ייִד, האָבן זיי אים צוזאַמען מיט זיין פרוי דערשאָסן אויפן אָרט.

נאָכן אויספירן דעם מאָרד, האָט די באַנדע רוצחים, לויט די אָנווייִ־זונגען פון די פּאָליאַקן ,אָנגעהויבן דאָס גייעג צו געפינען די איינצלנע ייִדן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן איבער די בוידעמער, קעלערן און בונקערס פון די אויסגעליידיקטע ייִדישע הייזער. האָט מען געטראָפן עמעצן ווו באַהאַלטן — האָט מען אים געשאָסן אויפן אָרט. טייל האָט מען געפירט צום ייִדישן בית־הקברות און זיי דאָרט געשאָסן.

מעליץ איז געוואָרן „יודענריין". די פאָלקדייטשן יעק און צימערמאַן זענען געשיקט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ אין שטעטל ראַדאָמישלע, נישט ווייט פון מעליץ, כדי איבערצונעמען די הערשאַפט איבער די דאָר־טיקע ייִדן.

פאַרהעלטנישמעסיק האָבן די ראַדאָמישלער ייִדן, זינט דעם אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע, געהאַט אַ לייכטער לעבן ווי די ייִדן אין מעליץ, דעריבער האָבן טייל מעליצער ייִדן, וועלכע האָבן געהאַט קרובים אין ראַדאָמישלע, אָדער גוטע־פריינד, ביי וועמען זיך אויפצוהאַלטן — אַראָפּגענומען דעם געלן באַנד פון אָרעם און בגניבה אַריינגעכאַפּט זיך אַהין. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן ר׳ מענדעלע, דער מעליצער רב. זיין הויז איז בעת דער שׂריפה ערב ראש־השנה פאַרברענט געוואָרן און ער האָט געוווינט מיט זיין בני־בית יעדעס מאָל ביי אַנדערע מעליצער ייִדן, צוליב דער מורא פאַר די פאָלקסדייטשן יעק און צימערמאַן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זיך אויף אים צו פרעגן. אַז דאָס נאָכפרעגן זיך אויף אים איז געוואָרן אָפטער, האָט ער אַ צייט פאַר דער אויסזידלונג, אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג, אַרומגעהילט זיך מיט אַ גרויסער שאַל, מ׳זאָל אים נישט דערקענען, אויפגעזעצט זיך אויף אַ פּויערישן שליטן, און איז אַוועק קיין ראַדאָמישלע.

די מעליצער ייִדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין ראַדאָמישלע נאָך פון פריִער, האָבן אים איינגעאָרדנט דאָ ביי אַ חסידישער משפחה. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אים, איבערגעגעבן אים אַ באַזונדער צימער צום שלאָפן, לערנען און דאַווענען. דאָרט זענען אויך די מעליצער ייִדן יעדן שבת זיך צונויפגעקומען, כדי צו דאַווענען מיט מנין.

די רשעים יעק און צימערמאַן, וואָס האָבן אין צווישן איבערגענומען דאָ די הערשאַפט איבער די ייִדן, האָבן דאָס דערשנאַפּט, און זיי האָבן געמאַכט אַן אַבלאַווע אויפן הויז בעתן שבתדיקן דאַווענען, אַרויסגעטריבן די ייִדן אין דרויסן, און געפירט זיי צו דער אַרבעט הינטערן שטעטל בראש מיטן מעליצער רב, אַן איינגעהילטן אין טלית. פאַר די מעליצער ייִדן, וועלכע זענען שוין געווען געוווינט צו אַזעלכע אַבלאַוועס און כאַ־

פערייען צו דער אַרבעט, וואָלט דאָס איצטיקע כאַפּן נישט אַרויסגערופן קיין ספּעציעלן פאַרדאַכט. אָבער נאָך דעם, ווי מ׳האָט געהערט וועגן דער שחיטה איבער די ייִדן לעבן בערדיטשעווער וואַלד אין טאָג פון דער ייִדי־שער אויסזידלונג, איז זיי באַפאַלן אַן אימה און גייענדיק אויפן וועג האָבן זיי געבעטן גאָט, אַז זיי זאָלן נאָך האָבן די זכיה אומצוקערן זיך לעבעדיק.

הינטערן שטעטל האָבן די דייטשן באַפוילן צו נעמען די לאָפּעטעס, וואָס זענען דאָרט געלעגן און אויסגראָבן אַ לאַנגן, טיפן גרוב. גראָבנדיק האָבן זיי געפילט, אַז דאָס גראָבן זיי אַ גרוב פאַר זיך. זייערע הענט האָבן געציטערט און זייערע ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ תפילה צו גאָט. אַנדערע האָבן אויך געזאָגט וידוי זעענדיק שוין דעם טויט פאַר די אויגן.

ווען די ייִדן זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן גראָבן דעם גרוב, האָבן די רוצחים באַפוילן זיי אויסצושטעלן זיך אין אַ ריי דערלעבן און געעפנט אויף זיי אַ שיסעריי. פאַרגאָסן מיט בלוט זענען זיי אַלע אַריינגעפאַלן אי׳ן דעם גרוב, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געגראָבן.



מעליצער יידן געטריבן פון זייער שטעטל

# דער טראַנספּאָרט

ווי אַן אייביקייט האָט אויסגעזען די צייט ביי די אויסגעזידלטע מעליצער ייִדן אין די פאַרשלאָסענע לאַסטוואַגאָנעס. אומענדלעך האָבן זיי זיך געשלעפּט איבער זייטיקע באַנליניעס און זיי האָבן נישט געוווּסט ווו זיי געפינען זיך.

ווען מען האָט זיי געטריבן פון די האַנגאַרן, זענען זיי אינפאָרמירט געוואָרן דורך די דייטשע באַגלייטער, אַז דאָס ווערט מען זיי שיקן מיטן טראַנספּאָרט צו עפּעס אַן אַרבעט, און אַז זיי זענען געקומען צו די באַד־וואַגאָנען און געזען די פּלאַקאַטן מיט דער דייטשער אויפשריפט: „אַרבייט מאַכט פריי" זענען זיי שוין געווען אין גאַנצן זיכער, אַז מען ווערט זיי איינאָרדענען ביי אַרבעט, וואָס ווערט זיי מאַכן „פריי".

ווען דער לאַסטצוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ זייטיקער ליניע, האָבן זיי געקוקט נייגעריק דורך די קליינע, מיט אייזן פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך, כדי צו זען ווו זיי געפינען זיך. אָבער זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט זען, אַחוץ די באַוואָפנטע דייטשע עסעס־לייט, וואָס לויפן הין און צוריק לענג־אויס דעם טראַנספּאָרט און היטן די פאַרשלאָסענע, עס זאָל ווער פון זיי נישט אויפברעכן אַן עפענונג אין וואַגאָן און אַנטלויפן.

נאָך עטלעכע שעה איז דער טראַנספּאָרט ווייטער געפאָרן און אָפּגע־שטעלט זיך אין אַ וואַלד, ווו מען האָט נישט געזען מער וויביימער, פאַרשאָטענע מיט שניי, ווי איינגעהילטע אין ווייסע תכריכים. אַ צייט זענען זיי געשטאַנען ביז זיי זענען אַרויסגעפאָרן אויף אַ ברייט פעלד, באַדעקט מיט שניי. אַ קאַלטער ווינט האָט גענומען אָוונט־צו בלאָזן דורך די שפּאַ־רונעס פון די לאַסטוואַגאָנעס. אַ ציטער האָט אַלעמען אַרומגענומען און מען האָט זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, כדי צו דערהאַלטן די וואַ־רעמקייט פון זייערע קערפּערס.

צו מאָרגנס אין דער פרי ערשט האָט זיך דער טראַנספּאָרט ווידער

געלאָזט אין וועג. אַ ביסל געפאָרן און ווידער זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע שעה.

צוליב דעם לאַנגן שלעפּן זיך פון טראַנספּאָרט, האָבן די ייִדן שוין אָנגעהויבן צווייפלען וועגן דעם, אַז מ׳פירט זיי איינאָרדענען ביי עפּעס אַן אַרבעט. זיי האָבן אָנגעהויבן קלערן: אפשר פירט מען זיי צו דער רוסישער גרענעץ, ווי אַ מאָל ביים אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען מען האָט אַהין געפירט די אויסגעזידלטע ייִדן פון די שטעטלעך אַרום מעליץ, וואָס געפינען זיך אין דער גרענעץ־זאָנע נעבן טייך סאַן? אָבער זיי האָבן זיך געכאַפּט, אַז אַזאַ זאַך איז דאָך היינט גאָרנישט מעגלעך, ווייל די גרענעץ מיט די רוסן איז דורך דער מלחמה איבערגערוקט געוואָרן העט ווייט אין די טיפענישן פון דער רוסישער מדינה, און איז פאַרשטעלט מיט אַ פייער־ליניע פון קאַמף און טייכן בלוט. גיכער איז שוין מעגלעך — האָבן עטלעכע אָנגעהויבן טראַכטן — אַז בכדי פּטור צו ווערן פון זיי, וועלן די דייטשן זיי פירן צום ים, אַרויפזעצן אויף שיפן און אַוועקשיקן קיין פּאַלעסטינע!



מעליצער ייִדן צום טראַנספּאָרט

די לאַגע פון די פאַרשלאָסענע מעליצער ייִדן אין די וואַגאָנעס איז געוואָרן ערגער און ערגער. אויסגעלאָזט האָט זיך שוין דאָס ביסל שפּייז, וואָס מען האָט מיטגענומען מיט זיך פון דער היים אין טאָג פון דער אויס־זידלונג און געהיטן דאָס אויף דער ערגסטער שעה, און אַ שווערער הונגער האָט אַלעמען גענומען פּייניקן. דערצו זענען אַ סך מענטשן קראַנק געוואָרן, איבערהויפּט קינדער, וועלכע האָבן באַקומען פיבער און נישט האָבנדיק קיין שום מעדיצינישע הילף — אויסגעהויכט זייערע נשמות. זייערע פאַר־שטייפטע טויטע קערפּערס זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די וואַגאָנעס דורך די דייטשע סאַדיסטן, נישט צו וויסן אַפילו, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. אַז איין גאָט אין הימל זאָל שוין אויף אונדז רחמנות האָבן און מיר זאָלן פּטור ווערן פון דעם פאַרנדיקן גיהנום! — האָט זיך אַלץ מער געהערט דאָס ביטערע קרעכצן און קלאָגן.

נאָך עטלעכע טעג און נעכט שלעפּן זיך אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנעס איז דער „טראַנספּאָרט” פאַרפאָרן אויף אַ זייטיקער באַנליניע לעבן מעזריטש אין דער לובלינער געגנט. מען האָט אָפּגעקייטלט עטלעכע וואַגאָנעס מיט ייִדן פון לאַסטצוג און געטריבן זיי צום געטאָ פון דעם דאָזיקן שטעטל.

דער טראַנספּאָרט איז ווייטער אַוועק ביז צום שטעטל דוביענקאַ, און ווידער האָט מען אָפּגעקייטלט עטלעכע וואַגנאָעס און אויך דאָ האָט מען געטריבן די ייִדן צום דאָרטיקן געטאָ. דאָס זעלבע אויך אין שטעטל וולאָדאַווע און נאָך ווייטער, ביז די אויסגעמאַטערטע מעליצער ייִדן זענען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער פאַרשידענע געטאָס און מער זיך נישט צונויפגעקומען, סיידן אין די פאַרניכטונג־לאַגערס, ווו זיי זענען שפּעטער געבראַכט געוואָרן אָדער די איינצלנע פון זיי, וועלכע זענען געבליבן ביים לעבן.

ס׳איז שווער געווען דעמאָלט צו וויסן די סיבה, פאַר וואָס דער טראַנספּאָרט מיט די פאַרטריבענע מעליצער ייִדן האָט אַזוי לאַנג זיך געשלעפּט ביז די שטעטלעך פון לובלינער קאַנט — אַ שטרעקע, וואָס אין נאָרמאַלע צייטן האָט דאָס פאָרן אַהין געדויערט נישט מער ווי אַ האַלבן טאָג. מעגלעך, אַז דאָס האָבן די דייטשע רוצחים סתם אַזוי געוואָלט

פייניקן די ייִדן און זיי נאָך מער פיזיש און גייסטיק צעברעכן. שפּעטער אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מעליצער ייִדן, וועלכע זענען געווען די ערשטע קרבנות פון דער טאָטאַלער ייִדישער אויסזידלונג פון דער גאַנצער געגנט, זענען דורך די דייטשע רוצחים פּאַראורטיילט געוואָרן געשיקט צו ווערן אין די פּאַרניכטונג־לאַגערס, וועלכע זענען דעמאָלט אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער געגנט פון לובלין. אָבער היות ווי די פּאַרניכטונג־לאַגערס זענען נאָך נישט געווען אויסגעפּאַרטיקט מיט אַלע מעכאַנישע איינריכטונגען אויף צו פּאַרניכטן גרויסע מענטשן מאַסן, האָבן די פּאַרוואַלטערס פון די דאָזיקע לאַגערס נישט געוואָלט אָננעמען דעם „יודען־טראַנספּאָרט״, און ביז די באַגלייטער פון דעם טראַנספּאָרט האָבן באַקומען דירעקטיוון פון דער העכערער דייטשער מאַכט צו שיקן די ייִדן אין די שטעטלעך אַרום די דאָזיקע פּאַרניכטונג־לאַגערס, האָט זיך דער „יודען־טראַנספּאָרט״ דערווייל געשלעפּט ביז מען האָט זיי צעטיילט אין די געטאָס, וואָס זענען געווען דער רעזערוו־מאַטעריאַל פּאַר די זיך בוי־ענדיקע טויטפאַבריקן.

פּאַר די אומגליקלעכע מעליצער ייִדן אין די געטאָס האָט זיך אָנ־געהויבן אַ פרישער גיהנום. די ענגשאַפט דאָרט איז געווען זייער גרויס צוליב די פרעמדע ייִדן, וועלכע זענען נאָך פריִער געשיקט געוואָרן אַהער פון די גרענעץ־געביטן. מען האָט נישט געפונען ווו דעם קאָפּ אַוועקצו־לייגן. דערצו איז דער הונגער געווען אַ שרעקלעכער, באַגלייט מיט עפּידעמיעס פון פאַרשידענע קראַנקייטן. די שטערבלעכקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און אויך נישט אויסגעמיטן די אויסגעמאַטערטע מעליצער ייִדן.

לייכטער ווי ערגעץ אַנדערש איז פּאַר די מעליצער ייִדן געווען אין געטאָ פון שטעטל וולאָדאַווע. אין דער נאָענטער געגנט האָבן זיך דאָרט געפונען גרויסע שטחים מיט בלאָטיקע זומפּן. די פאָלקסדייטשן פון דער געגנט האָבן געוואָלט פאַרוואַנדלען זיי אין פרוכטבאַרע פעלדער און צו דעם צוועק אויסגענוצט די הונגעריקע ייִדן פון געטאָ. אויך פון די מעליצער

ייִדן האָט יעדער, פאַרן שלעפּן די ערד אויף טאַטשקעס — באַקומען אַ וואַרעמע זופּ מיט אַ שטיקל ברויט.

לאַנג אָבער האָט דאָס נישט געדויערט. ווי נאָר עס איז אויסגעפּאַר־טיקט געוואָרן דער פאַרניכטונג־לאַגער סאָביבאָר און די אַנדערע טויטן־לאַגערס פון מאַידאַנעק און טרעבלינקע אין דער לובלינער געגנט, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן רעגיסטרירן די ייִדן פון אַלע געטאָס אין דער געגנט צו קומען אַהער אויף אַרבעט און צוגעזאָגט „גוטע באַדינגונגען" אויף פּאָר זייערע משפחות. ייִדן האָבן געגלויבט און געקומען פרייוויליק אַהער. צווישן זיי זענען אויך געווען אַ צאָל מעליצער ייִדישע משפחות, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט איינצואָרדענען זיך ביי עפּעס אַן אַרבעט, אַבי איבערהאַלטן די שלעכטע צייט ביזן פאַרענדיקן זיך פון דער מלחמה.

סוף כל סוף האָט מען זיך דערוווסט דעם אמת, וואָס עס קומט פאָר אין די לאַגערס און ייִדן האָבן אויפגעהערט צו קומען אַהער. די דייטשע רוצחים האָבן דאַן געמאַכט אָבלאַוועס אין די געטאָס, געכאַפּט ייִדן און געטריבן זיי אַהער אויף טויט און פאַרניכטונג.

טייל פון די מעליצער ייִדן, ווער ס'האָט נאָך געהאַט אַ ביסל מוט און כוח, האָבן באַשלאָסן, אַז איידער געכאַפּט צו ווערן אין די פאַרניכטונג־לאַגערס אויף אַ זיכערן טויט, איז גלייכער צו ריזיקירן מיט אַנטלויפן פון געטאָ. זיי האָבן אַראָפּגענומען פון אָרעם דעם באַנד מיטן „יודען־צייכן", בגניבה אַרויסבאַקומען זיך פון געטאָ און אַוועק ווו נאָר די אויגן האָבן געטראָגן.

נישט אַלע אָבער איז געלונגען צו דערווייטערן זיך פון געטאָ. אַ סך זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די עסעס־לייט און שוצפּאָליציי, וועלכע האָט זיי דערשאָסן אָדער סאַדיסטיש פאַרפּייניקט צום טויט. און אויב ס'איז געלונגען שוין געוויסע פון די מעליצער ייִדן צו דערווייטערן זיך פון די געטאָס אַרום די פאַרניכטונג־לאַגערס, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף פּוילישע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן זיי באַרויבט, אַראָפּגעצויגן פון זיי אַפילו די מלבושים און דערצו נאָך זיי געשלאָגן. אַנדערע גויִים ווידער האָבן זיי

פאַרהאַלטן און איבערגעגעבן צו די דייטשע רוצחים, פאַר דעם האָבן זיי באַקומען אַ שטיקל זייף אָדער אַ ביסל צוקער.

די געציילטע מעליצער ייִדן, וועמען ס'איז דאָך געלונגען דורכצוקו־מען די אַלע שווערע געפאַרן, האָבן געצויגן צו די שטעטלעך אַרום מעליץ, ווו זיי האָבן געהאַט קרובים אָדער באַקאַנטע, און געמיינט, אַז זיי וועלן דאָרט אויפהאַלטן זיך ביז גאָט וועט העלפן. אָבער ווען זיי האָבן זיך דער־נענטערט, זענען שוין טייל שטעטלעך געווען אויסגעליידיקט פון ייִדן, בלויז סימנים פון בלוט זענען געבליבן איבער די געסלעך און וועגן. אויב עס האָבן זיך שוין געטראָפן שטעטלעך אין דער נישט ווייטער געגנט פון מעליץ, ווו עס זענען נאָך געווען ייִדן, האָבן זיי זיך געקאָנט דאָרט אויפהאַלטן נאָר אַ קורצע צייט, ווייל אויך דאָרט זענען פאָרגעקומען די אויסזידלונגען.

נישט בעסער איז געווען דער גורל פון די מעליצער ייִדן, וועלכע זענען געלאָפן אין די דערפער אויסצובאַהאַלטן זיך ביי די באַקאַנטע פויערים, מיט וועלכע זיי זענען ביז צו דער מלחמה געווען אין האַנדלס־באַציִונגען. אַ סך פון די פויערים האָבן זיי אַפילו נישט אַריבערגעלאָזט איבערן דער שוועל און געדראָט זיי איבערצוגעבן צו די דייטשן.

אויב עמעצער פון די פויערים אין די דערפער איז געווען גיריק צו באַקומען דאָס פאַרגעלייגטע געלט אָדער צירונג פון די ייִדן פאַרן אויסבאַהאַלטן זיי ערגעץ אויף אַ בוידעם, אין שטאַל אָדער אין אַן אויס־געגראָבענעם בונקער הינטער דער ערד — האָבן זיי דאָס געלט גענומען, געהאַלטן די ייִדן אַ שטיקל צייט און אַז זיי האָבן געזען, אַז מער לאָזט זיך פון די ייִדן שוין גאָרנישט אויספּרעסן — אַרויסגעוואָרפן זיי אויף טויט און אומקום, אָדער זיי דערמאָרדעט אין די באַהעלטענישן, און שפּעטער געזוכט אין זייערע קליידער — אפשר געפינט זיך נאָך דאָרט אַן איינגענייט פאַרמעגן.

זייער ווייניק פון די מעליצער ייִדן, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן צו די געטאָס אַרום די פאַרניכטונג־לאַגערס, האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט. בלויז איינצלנע פון זיי איז געלונגען, מיט שווערע מאַטערנישן און

גיהנומדיקע ליידן, אויסצובאַהאַלטן זיך אין די בונקערס, גריבער און לעכער ביז די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט.

נישט בעסער איז געווען דער גורל פון די מעליצער ייִדן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון שטעטל נאָך פאַר דער אויסזידלונג צו די אַנדערע שטעטלעך אַרום. זיי האָבן זיך איפּגעהאַלטן דאָרט אַ שטיקל צייט, צום סוף אָבער מיטגעמאַכט אַלע מאַטערנישן און פּיינען.

אַנדערש אַ ביסל איז געווען מיט די מעליצער ייִדן, וועלכע זענען אַנטלאָפן קיין ראַדאָמישלע. אַ טייל פון זיי, איבערהויפּט די יונגע־לייט, זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער אַרום, ווו עס האָבן זיך געפונען ייִדישע פּאַרטיזאַנער פון טאַרנע און קראָקע. זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די פּאַרטיזאַנער און אויך באַקומען געווער צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם דייטשן שונא.

אָבער זיי האָבן אויך נישט געקאָנט לאַנג זיך האַלטן. זיי זענען פאַרראַטן געוואָרן דורך פּוילישע פּאַרטיזאַנער פון דער א. ק. וועלכע זענען געווען גרעסערע שונאים פון די ייִדן ווי פונעם דייטשן אָקופּאַנט, און אַנשטאָט צו קעמפן מיט די דייטשע אָקופּאַנטן, האָבן זיי אַלץ געטאָן צו פאַרניכטן די ייִדישע פּאַרטיזאַנער, אויסגעגעבן צו די דייטשע רוצחים זייערע באַהעלטענישן און פיל פון זיי אויך אַליין דערמאָרדעט.

פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער איז פאַרבליבן אַ קליינע צאָל. זיי האָבן געזען, אַז די לאַגע איז זייער אַ קריטישע, ווייל זיי דאַרפן קעמפן סיי מיט די דייטשע רוצחים און סיי מיט די פאַררעטערישע פּוילישע כוליגאַנעס, האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם דאָזיקן וואַלד און איינציקווייז, בגניבה, זיך אַריבערגעכאַפּט אין אַנדערע ערטער.

לייב ציטרין, שייע פּיאַקערס זון, וועלכער האָט אויך געהערט צו דער דאָזיקער גרופּע פּאַרטיזאַנער, איז אַוועק אין וואַלד פון באַריק, נישט ווייט פון מעליץ, געמאַכט זיך דאָ אַ בונקער צווישן געדיכטע ביימער און קזשאַקעס און אויפגעהאַלטן זיך דאָרט אַ לענגערע צייט.

אַז געקומען איז דער ווינטער מיט שאַרפע פרעסט, איז ער פון דאַנען אַריבער אין אַ שייער אין עק דאָרף, כדי צו שיצן זיך ביז די קעלטן וועלן

אַריבער. איינער פון די פויערים אין דאָרף האָט אים דערזען זיך אויס־באַהאַלטן, האָט ער וועגן דעם איבערגעגעבן דעם וואָיט פון דאָרף און דער האָט דאָס געמאָלדן דער דייטשער קאָמאַנדע אין מעליץ. עטלעכע דייטשע עסעס־לייט זענען געקומען אַהער אים כאַפּן. ער האָט אויף זיי געעפנט אַ פייער פון זיין באַהעלטעניש אין דעם פויערישן שייער און צוויי פון זיי זענען דערהרגעט געוואָרן. געזען, אַז לעבעדיקערהייט וועלן זיי אים נישט כאַפּן, האָבן די עסעס־לייט געוואָרפן ברענבאָמבעס אויפן שייער און ער איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן ייִדישן קעמפער.

# אַרבעטס־לאַגער אין פּאָסטקאָוו

נישט בעסער איז געווען דער גורל פון די יונגע, אַרבעטס־פעיִקע מענטשן, וועלכע מען האָט אויסגעקליבן בעת דער ערשטער סעגרעגאַציע אויפן אומשלאַגפּלאַץ אין מאַרק אין טאָג פון דער אויסזידלונג און געטריבן זיי צו די אַרבעטס־לאַגערס אין די וועלדער פון פּאָסטקאָוו, אַ דריי צענדליק קילאָמעטער פון דאַנען. זיי זענען געווען אַרומגעצוימט מיט אַ דרייפאַכיקער וואַנט פון שטעכלדראָט, און געהיט דורך באַוואָפנטע עסעס־לייט, וועלכע זענען געשטאַנען אויף טורעמלעך אַרום און אויב זיי האָבן דערזען ווער עמען פון די ייִדן דערנענטערן זיך אַהער — דערשאָסן אים אויפן אָרט.

די דאָזיקע אַרבעטס־לאַגערס האָבן זיך נישט גערעכנט צווישן די באַקאַנטע טויטלאַגערס, פאַרשפּרייטע איבער דער פאַרשאָלטענער פּוילישער ערד, אָבער אומגעקומען זענען דאָ אַ סך טויזנטער ייִדן, וועלכע מען האָט צונויפגענומען אין די אַרומיקע שטעטלעך, כדי אויסצונוצן זייערע כוחות ביי שווערער אַרבעט און אוממענטשלעכע באַדינגונגען פון הונגער, נויט און פּיין. ווען זיי זענען שוין געווען אויסגעשעפּט, האָט מען זיי דערשאָסן און פאַרברענט אין וואַלד.

די גרויסע צאָל יונגע־לייט פון די אויסגעזידלטע מעליצער ייִדן זענען דאָ צעטיילט געוואָרן אין קלענערע אַרבעטס־גרופּעס פון צוואַנציק פּערזאָן. איבער יעדער גרופּע האָט מען געשטעלט אַ „פאָראַרבייטער", וועלכן די דייטשע רוצחים האָבן אויסגעקליבן און אים פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַרן אויספירן די שווערע אַרבעטס־נאָרמעס.

אויב עמעצער פון די ייִדישע „העפטלינגע" האָט נישט געקאָנט דער־טראָגן די שווערע אייזערנע רעלסן צו דער באַנליניע, אָדער די שווערע צעמענט־רערן און בלאָקן, האָבן די דייטשע סאַדיסטישע אויפזעער אים דערשאָסן אויפן אָרט.

גאָר שווער איז געווען די לאַגע פון די „פאָראַרבייטער", וועלכע זענען

אויסגעקליבן געוואָרן פון צווישן די מעליצער יידישע גרופּעס: פון איין זייט זענען זיי פאַראַנטוואָרטלעך געווען מיטן לעבן פאַרן אויספירן די שווערע אַרבעטס־נאָרמעס, און פון דער צווייטער זייט, האָבן זיי נישט געקאָנט צוזען דעם צער פון די יונגע־לייט פון זייער שטעטל. זיי האָבן געקענט יעדן באַזונדער פון זיין היים, און איצטער, זענען זיי געווען אויס־געהונגערט, אויסגעדאַרט, איינגעשפּאַנטע אין יאָך, ווי שקלאַפן ביי די שווערסטע אַרבעטן, דערצו כסדר איינגעשטעלט דערשאָסן צו ווערן דורך די דייטשע אויפזעער, וואָס וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט צו קאָנען שיסן אַ ייִד. דערביי זענען די „פאָראַרבייטער" אַליין אויך געווען איינגעשפּאַנט אין שקלאַפניאָך ביי דער זעלבער שווערער אַרבעט, געליטן הונגער און אַלע אַנדערע צרות און זיי זענען געווען אומבאַהאָלפן צו קאָנען פאַר־לייכטערן די ביטערע לאַגע פון די מענטשן אין דער גרופּע.

טראָץ דעם האָבן די „פאָראַרבייטער" פון די מעליצער יידישע גרופּעס אַרויסגעוויזן מער מיטגעפיל פאַר זייערע מענטשן, ווי דאָס האָבן געטאָן די „קאַפּאָס" פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך און נישט זעלטן איינגע־שטעלט זייער אייגן לעבן כדי מציל צו זיין אַ ייִד פון דערשאָסן ווערן בעת דער אַרבעט.

אויסגעצייכנט זיך מער ווי אַלע מיט מסירת־נפש פאַר די מעליצער יונגע־לייט אין זיין גרופּע — האָט משה וואָדזשאַזש. ווי נאָר ער איז גע־קומען אין אַרבעטס־לאַגער, איז ער געוואָרן דער „פאָראַרבייטער" פון אַ גרעסערער גרופּע, מחמת דעם, וואָס פיזיש איז ער געווען שטאַרק אַנטוויקלט און אויסגעזען צו זיין ברוטאַל, אַן עלעמענט, וועלכן די דייטשע רוצחים האָבן געזוכט, כדי אויסצונוצן פאַר זייערע צוועקן. זיי האָבן אָבער געהאַט אַ טעות, ווייל אונטער זיין ברוטאַל און פּרימיטיוון אויסזען האָט זיך באַהאַלטן אַן איידל האַרץ מיט רחמנות און מיטגעפיל פאַר די ליידנ־דיקע ייִדן אין זיין גרופּע. נישט איין מאָל האָט ער ריזיקירט מיט זיין לעבן, כדי צו קאָנען עמעצן מיט עפּעס לייכטער מאַכן, אָדער מציל צו זיין וועמען פון אַ זיכערן טויט.

משה וואָדזשאַזש איז פון זיינע פריסטע יאָרן געווען אַ וואַסערטרעגער

אין שטעטל. ביז צו דער מלחמה האָט ער צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער געשלעפּט אַ פאַס וואַסער אויף צוויי רעדער פון די ברונעמער הינטערן שטעטל צו פאַרטיילן עס אין די ייִדישע הייזער. אין זיין קינדהייט, ווען זיין פאָטער, אויך אַ וואַסערטרעגער, האָט אים אַריינגעגעבן אין דרדקי־חדר פון משה כעלם, האָט ער נישט געוואָלט לערנען און נישט איין מאָל, ווען ער איז געווען הונגעריק, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דאָס עסן פון אַנדערע קינדער, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט און טייל מאָל דערצו זיי אויך געשלאָגן. דער רבי האָט אים גערופן „פרא אדם", ווייל נישט בלויז ער אַליין האָט נישט געוואָלט לערנען די עברי אין סידורל, נאָר אויך געשטערט אַנדערע קינדער דאָס צו טאָן. נאָך אַ געוויסער צייט איז ער אַנטלאָפן פון חדר און מער זיך נישט אומגעקערט.

ווען ער איז יונגערהייט געבליבן אַ יתום נאָך זיין טאַטן, האָט ער נישט געקענט זאָגן דעם קדיש פון סידורל. זיין עלטערער ברודער האָט געזאָגט דעם קדיש פון סידורל און ער האָט נאָכגעזאָגט זיינע ווערטער. דערפאַר האָט ער באַלד נאָך זיין פאָטערס טויט, געהאָלפן זיין מוטער צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער שלעפּן דעם פאַס מיט וואַסער פון די ברונעמער פון באַנגאַס ביז צום צענטער פון יידישן שטעטל. און ווי נאָר ער איז אַ ביסעלע אונטערגעוואַקסן, האָט ער באַפרייט זיין מוטער פון דער דאָזיקער אַרבעט און צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער גענומען אויף זיך די שווערע יאָך אויסצוהאַלטן זייער אָרעמע היים. ער איז אָבער געבליבן אַן אַנאַלפאַבעט.

פון אָנהייב ווען זיי זענען געקומען אין אַרבעטס־לאַגער און געזען ווער ס׳איז געוואָרן זייער „פאָראַרבייטער", איז די גרופּע מעליצער יונגעלייט באַפאַלן אַ מורא: מי יודע וואָס פאַראַ צרות אַזאַ מענטש קאָן זיי מאַכן. אַרויסגעוויזן אָבער האָט זיך גראָד פאַרקערט, — ער האָט זיי געהאָלפן מיט וואָס נאָר ס׳איז מעגלעך געווען, האָט ער ערגעץ־ווו דערווישט עפּעס צום עסן, האָט ער זיך דערמיט געטיילט מיט זיינע מענטשן פון דער גרופּע; און ביי דער אַרבעט, ווי נאָר ער האָט געזען, אַז דער דייטשער „פּאָסטן", דער אויפזעער, וועלכער האָט זיך געדרייט הין און צוריק, איז

אויף אַ ווײַלע פֿאַרשוווּנדן, האָט ער אַ ברום געטאָן: „סטאָפּ מיט דער אַרבעט, כאַפּט אַ ביסל דעם אָטעם"!

צו דער גרופּע פֿון משה וואָדזשאַש האָבן אויך געהערט די צוויי חברים נפֿתּלי גערסטן און שלמה סעגאַל, וועלכע האָבן די גאַנצע צײַט געהאַלטן זיך צוזאַמען. איין מאָל אין אַ הייסן זומערטאָג האָט ער געזען ווי זיי טראָגן אויף זייערע נאַקעטע אויסגעדאַרטע אַקסלען צעמענט־רערן צום לאָדענען אויף דער וואַגאָן־פּלאַטפֿאָרמע און זיי האָבן שווער געסאָפּעט הינטער דער שווערער משא. ווי נאָר דער דײַטשער אויפֿזעער איז פֿאַר־שווּנדן אויף אַ ווײַלע, האָט ער אַ ברום געטאָן צו זיי: סטאָפּ! כאַפּט אַ ביסל דעם אָטעם"! זיי האָבן אַראָפּגעלייגט פֿון זיך די שווערע משא אויף דער וואַגאָן־פּלאַטפֿאָרמע און גערוקט זיך אין שאָטן הינטער די ביימעלעך, וואָס זענען געוואַקסן דאָ דערנעבן. זיי האָבן נישט באַוויזן אויסצוגלײַכן זייער האַלב־נאַקעטע אויסגעדאַרטע קערפּערס, זענען פּלוצלינג פֿון וואַלד אַרויס עטלעכע באַוואָפֿנטע עסעס־לײַט, און דערזען זיי שטיין הינטערן שאָטן פֿון די ביימלעך — אָנגעהויבן זיי צו שלאָגן מיט זייערע שטאָלענע שפּיצרוטן, ביז בלוט איז גערונען פֿון זייערע אויסגעדאַרטע לײַבער.

פֿאַרענדיקט דאָס רוצחישע שלאָגן, האָט דער עלטסטער פֿון זיי אַ געשריי געטאָן: „פֿערפֿלוכטע יודען! מאַרש פֿאָרויס"! די צעבלוטיקטע קרבנות זענען מיט די לעצטע כּוחות געגאַנגען מיטן אויסגעטראָטענעם וועג ביז צו די ווינבאַראַקן פֿאַר די ייִדישע העפֿטלינגע, וווּ עס איז געשטאַנען אַ סטאַבילע תּליה פֿאַר די ייִדן, וועלכע ווערן באַשולדיקט אין נישט אויספֿירן די אַרבעטס־נאָרמעס אָדער אַנדערע אַזעלכע „פֿאַרברעכנס".

פֿאַר נאַכט, ווען משה וואָדזשאַש איז געקומען צוריק פֿון דער אַרבעט מיט זײַן גרופּע צו די באַראַקן, האָבן זיי דערזען אויף דער תּליה הענגען די צוויי חברים מיט פֿאַרבלוטיקטע צעשלאָגענע קערפּערס. אויף יעדן פֿון זיי איז געווען צוגעקלעפּט אַן אויפֿשריפֿט: „אַזוי וועלן ווערן באַשטראָפֿט אַלע די, וואָס וועלן נישט אויספֿירן זייער אַרבעט".

נאָך אין זעלבן אָוונט איז משה וואָדזשאַש, וועלכער איז פֿאַראַנטוואָרט־

לעך געווען פאַר די מענטשן פון זיין גרופּע, גערופן געוואָרן צו די דייטשע רוצחישע לאַגער־פירער. ס׳ערשטע איז ער באַפאַלן געוואָרן מיט אַ מבול פון זידלווערטער, מיט עטלעכע שמיץ פון די דייטשע שפּיצרוטן און מיט אַ וואָרענונג, אַז אויב עס וועט ווידער טרעפן, אַז ווער פון זיין גרופּע וועט נישט געהעריק אויספירן די אַרבעט, וועט אויך זיין סוף זיין אויף דער תליה.

ווען משה וואָדזשאַש האָט געפרווט זיך פאַרטיידיקן מיט עטלעכע ווערטער, האָט דער עלטסטער פון די לאַגער־פירער אַ שריי געטאָן: „שווייגן, יידישער שווייַן״! און געגעבן אים אַ שטאָלענע רוט אין האַנט מיט אַ שאַרפן אויפטראָג: אויב ווער פון זיין גרופּע וועט נישט געהעריק אַרבעטן זאָל ער אים מיט דער רוט שלאָגן אַפילו ביז טויט.

משה וואָדזשאַש האָט זיך אומגעקערט אַ פאַרביטערטער צום באַראַק מיטן שפּיצרוט צום שלאָגן די אַרבעטער פון זיין גרופּע. ער האָט שווער געקרעכצט: ווען זאָל ער שלאָגן? די געפּלאָגטע, אויסגעפּייניקטע, הונגעריקע יידן? טרייבן זיי מיט ריטער צו דער אַרבעט? ניין, ער וועט דאָס נישט טאָן. זיינע הענט וועלן קיין ייד נישט שלאָגן. שוין בעסער דער טויט, איידער דאָס צו טאָן!

אין דער זעלבער נאַכט נאָך, ווען מען האָט אַראָפּגענומען די צוויי טויטע קערפּערס פון דער תליה צום פאַרברענען, איז משה וואָדזשאַש אַרויס פון באַראַק און ביי דער שיין פון דער לבנה דערנענטערט זיך צו דער תליה, ער האָט פאַרוואָרפן די שטריק אַרום זיין האַלדז און געבליבן הענגען.

די לאַגע פון די מעליצער יידן אין דעם דאָזיקן אַרבעטס־לאַגער איז געוואָרן אַלץ ערגער, דער הונגער — שאַרפער און די אַרבעט — שווערער. פון שוואַכקייט האָבן אַ סך נישט געקאָנט אויספירן די אַרבעטס־נאָרמע און די דייטשע אויפזעער האָבן זיי גענומען אין אַ זייט און דערשאָסן.

צוליב די דאָזיקע רציחות, זענען די אַרבעטס־בריגאַדעס שיטער געוואָרן. די דייטשע רוצחים האָבן יעדעס מאָל געמאַכט אַן איבערגרופּירונג און פון עטלעכע פאַרקלענערטע בריגאַדעס איז געוואָרן איין גרויסע אַר־

בעטס־גרופּע. ווען אויך די איבערגרופּירטע בריגאַדעס זענען שיטער געוואָרן, ווייל די מענטשן זענען צוליב פאַרשידענע סיבות אומגעקומען, זענען די מעליצער באַזונדערע גרופּעס צעוואָרפן געוואָרן צווישן אַנדערע בריגאַדעס פון די ייִדן, וועלכע זענען אָנגעקומען אַהער נאָך יעדער אויס־זידלונג פון די שטעטלעך אַרום.

אָפּט זענען אויסגעבראָכן עפּידעמיעס פון דיזענטעריע און טיפוס, אַז דער צושטאַנד פון אַ קראַנקן איז געוואָרן שווער, האָבן די דייטשן באַפוילן צו נעמען אים פון זיין געלעגער צום וואַלד. דאָרט האָט מען אים דערשאָסן אָדער לעבעדיק נאָך געוואָרפן אין דעם פייער וואָס האָט כסדר געברענט פאַר דעם צוועק.

צום סוף, ווען מען האָט שוין נישט באַדאַרפט מער האָבן די וואַסער־רערן און די אַנדערע צעמענט־אויסאַרבעטונגען, האָט די פאַרוואַלטונג פון לאַגער צונויפגענומען די ייִדן, נישט פעיִקע מער צו דער אַרבעט, אויפ־געלאָדן זיי אויף לאַסטוואַגאָנעס און געשיקט זיי אין די פאַרניכטונג־לאַגערס אין אוישוויץ. די קליינע צאָל ייִדן, וועלכע זענען נאָך געווען פעיִק צו דער אַרבעט, האָט מען געשיקט צום אַרבעטס־לאַגער פון „פלוגצויג־ווערק" אין מעליץ.

# אין פלוגצויג־ווערק

אין אַרבעטס־לאַגער פון „פלוגצויג־ווערק" הינטער מעליץ איז די לאַגע פון די ייִדישע העפטלינגע געווען נישט קיין סך בעסער ווי אין די אַרבעטס־לאַגערס אין די וועלדער פון פּאַסטקאָוו. דער זעלבער טייוולאַ־נישער נאַצי־רעזשים, די זעלבע הונגערנויט און די זעלבע חיהשע באַציִונג צו די ייִדן, וועמענס לעבן עס האָט קיין שום ווערט נישט געהאַט. מיטן אונטערשיד בלויז, וואָס אין אַרבעטס־לאַגער פון פּאַסטקאָוו האָבן די דייטשע רוצחים געהאַט די אויפגאַבע וואָס מער און גיכער צו ליקווידירן די ייִדישע העפטלינגע, אין דער צייט, ווען אין „פלוגצויג־ווערק" האָבן די לאַגער־פירער געהאַט אַ אינטערעס פאַר דער אַרבעט פון די ייִדישע העפטלינגע, זיי זענען געווען פאַרנומען ביי די שוואַרצע אַרבעטן פון די שלאָסער־וואַרשטאַטן, ווו מען האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידענע טיילן צו די עראָ־פּלאַנען און אויך אין די האַלעס, ווו מען האָט זיי מאָנטירט און פאַרריכט באַשעדיקטע עראָפּלאַנען אויף די פראָנטן פון דער מלחמה.

געוואָרן איז דער „פלוגצויג־ווערק" אין מעליץ אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער ערשט אין טאָג פון דער ייִדישער אויסזידלונג, נאָך דעם ווי מען האָט געטריבן אַהער די גרופּע יונגע און אַרבעטס־פעיִקע מענטשן, פון די מעליצער ייִדן נאָך דער ערשטער סעגרעגאַציע אויפן אומשלאַגפּלאַץ אין מאַרק.

די מעליצער ייִדישע העפטלינגע זענען דאָ צעטיילט געוואָרן אין די באַראַקן אַרומגעצוימטע מיט שטעכל־דראָט. איבער די דאָזיקע באַראַקן האָבן די דייטשע לאַגער־פירער פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט יאָשע מייער דעם זייגערמאַכער. ער האָט דאָ באַדאַרפט היטן די אָרדנונג און טאָג־טעגלעך, גאַנץ פרי, וועקן די העפטלינגע צו דער אַרבעט.

אַ שטיקל צייט שפּעטער, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די טאָטאַלע אויס־זידלונג פון אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און מען האָט צונויפ־

געטריבן אַהער עטלעכע טויזנט יידישע העפטלינגע, איז יאָשע מייער געוואָרן אויס „יודען־עלטעסטער" איבער די מעליצער בריגאַדעס, ווייל ער האָט זיך באַצויגן מיט צו פיל מענטשלעכקייט צו די ייִדישע שקלאַפן. אויף זיין אָרט האָט מען באַשטימט די ברוטאַלסטע יונגאַטשעס פון די פריש־געקומענע, געגעבן זיי ספּעציעלע מונדירן און געמאַכט זיי פאַר „קאַפּאָס" איבער די ייִדישע העפטלינגע.

די ערשטע אַרבעטן פון די מעליצער ייִדישע בריגאַדעס איז געווען פאַרלייגן וועגן איבערן גרויסן שטח אַרום דעם „פלוגצייג־ווערק", לייגן פרישע זייטיקע באַנליניעס פון דער הופּטסטאַציע אַהער, אויף וועלכע עס זענען שפּעטער פאַרפאָרן לאַסטצוגן מיט קוילן. די קוילן האָט מען באַדאַרפט אויסלאָדן און טראָגן צו די מאַגאַזינען לעבן די ברענענדיקע אויוונס, ווו מען האָט געהאַרטעוועט די שטאָלענע בלעכן צו פּאַנצערן מיט זיי די באָמבאַרדיר־אַוויאָנען.

ווען דער אַרבעטס־לאַגער איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט די טויזנטער יידן פון די אַרומיקע ערטער, זענען די מעליצער בריגאַדעס צעוואָרפן געוואָרן צווישן אַלע אַנדערע און אַריינגעצויגן געוואָרן צו אַרבעטן אין די שלאָסער־וואַרשטאַטן ווו מען האָט פּראָדוצירט טיילן צו די אַוויאָנען און אויך אין די האַלעס, ווו מען האָט זיי מאָנטירט. אָבער אויך דאָ איז די אַרבעט געווען נישט קיין לייכטע. זיי זענען געווען כסדר אונטער דער אויפזיכט פון די דייטשע אינזשענירן און די פוילישע מייסטערס, מיט זייערע טשעלאַדניקעס, שקצים, וואָס האָבן נאָר געזוכט ווי אונטערצודריקן די ייִדן און פאַרביטערן זייער לעבן. זיי האָבן דערנידעריקט די ייִדן מיט זידלווערטער, געחוזקט פון זייער אָפּשטאַם, וואָס די דייטשן ווילן מיט רעכט פאַרטיליקן, און ביי יעדער געלעגנהייט געטראָגן מסירות צו די דייטשע לאַגער־פירער, בכן די ייִדישע פּאַגאַנעס שווינדלען ביי דער אַרבעט און פוילן זיך עפּעס צו טאָן. באַלד פלעגן קומען די דייטשע אויפזעער פון לאַגער, געשלאָגן און געוואָרנט, אַז אויב זיי וועלן נישט געהעריק אַרבעטן, וועלן זיי נישט באַקומען דאָס טעגלעכע עסן און אויסגיין פון הונגער, אָדער דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

לייכטער אַ ביסל איז געווען פאַר די מעליצער אַרבעטס־בריגאַדעס, וואָס זענען געשיקט געוואָרן באַאַרבעטן די פעלדער און גערטנער פון דער דייטשער קאָלאָניע פאַר די אינזשענירן און ספּעציאַליסטן אין „פלוג־צייג־ווערק". הגם אויך דאָרט זענען זיי געווען געהיט דורך די דייטשע אויפזעער, האָבן זיי דאָך געהאַט די מעגלעכקייט צו כאַפּן עפּעס אין מויל פון די אָפּפאַלן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעוואָרפן פון די דייטשע שטובן צום באַמיסטיקן די גערטנער, אָדער אַן אַנדער איבערבלייבעכץ פון קאַליע־געוואָרענעם עסן. איבערהויפּט איז געווען פאַר זיי אַ געווינס צו זיין באַשעפטיקט ביי די חזירים אין די כליוועס. דאָרט האָט מען געקאָנט בגנבה אַרויסכאַפּן פון די קאָרעטעס עטלעכע קאַרטאָפל און ברענגען דאָס אין לאַגער צו דערהאַלטן דאָס חיות.

קאַרטאָפל זענען מיט פאַרשידענע וועגן אויך אַריינגעברענגט געוואָרן פאַר די הונגעריקע יידן אין אַרבעטס־לאַגער פון פלוגצייג־ווערק", בעיקר דורך די פוילישע אַרבעטער, וועלכע זענען דאָ געווען באַשעפטיקט און פריי געמעגט זיך באַוועגן צווישן די באַראַקן פאַר די יידן. פון אָנהייב האָבן די דאָזיקע גויים געברענגט אין לאַגער אַריין ברויט צו טוישן אויף וועש און אַנדערע מלבושים, וואָס די יידן האָבן מיט זיך געברענגט פון זייערע היימען בעת דער אויסזידלונג. ווען זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין וועש אָדער מלבושים, האָבן די גויים אויפגעהערט צו ברענגען ברויט צום טוישן, נאָר בלויז קאַרטאָפל.

קאָכן די קאַרטאָפל אין לאַגער — איז קיין רייד נישט געווען. און צו עסן רויע קאַרטאָפל, ווי שטאַרק דער הונגער האָט געמאַטערט, איז פאָרט שווער געווען. האָט מאַטל „קאַטשקע" מיט מסירת נפש, געראַטעוועט די סיטואַציע: ער איז געווען באַשעפטיקט ביי די אויוונס ווו מען האָט געהאַרטעוועט די שטאָלענע בלעכן צו פאַנצערן די קריגס־אַוויאָנען, האָט ער בגנבה, אין אַ ווינקל, אַרויסגעשלעפּט עטלעכע ציגל פון דער דיקער מויער אַרום דעם אויוון און געשאַפן אַן אָרט ווו צו בראָטן די רויע קאַרטאָפל. היות ווי ער איז געווען אַ פלייסיקער אַרבעטער און יעדן טאָג אויסגעפירט די אַרבעטס־נאָרמע, האָבן די אויפזעער דאָ אים נישט שטאַרק

געהיטן, און יעדעס מאָל, ווען די וועכטערס זענען אויף אַ ווײַלע פֿאַרשוווּנדן, האָט ער אַרײַנגעלייגט אין דעם אָנגעהיצטן לאָך עטלעכע קאַרטאָפֿל, און אונטערצייט, נאָך דער אַרבעט, אַרויסגענומען זיי פֿון דאַנען, באַהאַלטן צווישן די לאַטעס פֿון זײַנע מלבושים און אַוועק פֿאַר אַ מענטשלעך געבּרויך הינטער די באַראַקן. דאָרט האָבן זײַנע קלײַענטן, וואָס האָבן געבּרענגט די קאַרטאָפֿל צו בּראָטן, אים אָפּגעוואַרט. ער האָט אַרויסגענומען די געבּראָטענע קאַרטאָפֿל פֿון צווישן די לאַטעס, יעדערן אומגעקערט זײַן טייל, איבערלאָזנדיק אַ חלק אויף פֿאַר זיך. „פֿאַר זיך" האָבן אַלע דאָ געוווּסט, אַז דאָס מיינט נישט מאָטל אַליין זיי אויפֿצוּעסן. נאָר פֿאַרטיילן זיי צווישן די הונגעריקע ייִדן אין באַראַק, וווּ ער האָט געהאַט זײַן געלעגער. הגם אַליין איז ער געווען אויסגעמוטשעט פֿון דער שווערער אַרבעט און הונגעריק האָט מאָטל צו ערשט אײַנגעטיילט דאָס צו די, וועמען מען האָט געדאַרפֿט דאָס חיות דערהאַלטן און דאַן ערשט אַליין גענומען אַ קאַרטאָפֿל אין מויל.

ווען מען האָט געבּרענגט מאָטלען מיט דער גרופּע ייִדן פֿון לאַגער אין פֿאַסטקאָוו און אַרײַנגעוואָרפֿן אים דאָ אין דאָזיקן באַראַק, האָט ער דאָ געטראָפֿן די מענטשן פּיזיש און מאָראַליש אײַנגעבּראָכן, אָפּגעלאָזט און רעזיגנירט. אַלץ אַרום איז געווען באַדעקט מיט שטויב און שמוץ. דאָס ערשטע האָט ער גענומען מאַכן אָרדענונג. אויסגעקערט דעם שטויב, אָפּגעוואַשן און אַלץ אויפֿגעפֿרישט. מיט זײַנע פּרימיטיווע, אָבער זיכערע רייד, פֿון האָפֿענונג אויף אַ בּעסערן מאָרגן, האָט ער אין די פֿאַריאושטע מענטשן אַרײַנגעבּרענגט אַ פֿריש לעבן און מוט צו ווײַטערדיקן אויסדויער. אויב ער האָט אין לאַגער געפֿונען עפּעס צום עסן, האָט ער דאָס נישט אַליין אַראָפּגעשלונגען, נאָר געבּרענגט אין באַראַק, כּדי צו טיילן זיך דערמיט מיט נאָך וועמען — זאָל דאָס אַפֿילו זײַן דער קלענסטער בּיסן. מיט דעם איז מאָטל געווען פֿון די זעלטענע אויסנאַמען אין לאַגער. ווו יעדער האָט נאָר געקלערט פֿאַר זיך, ווי אַזוי צו דערהאַלטן דאָס אייגענע לעבן.

טראָץ זייערע ליידן אין „פֿלוגצויג־ווערק" צוליב דער שווערער שקלאַפֿן־אַרבעט, הונגער, נויט און אַלע אַנדערע צרות, האָבן די מעליצער ייִדן און אויך אַלע אַנדערע טויזנטער ייִדן, וועלכע זענען אַהער צונויפֿ־

געטריבן געוואָרן, דאָך געגלויבט, אַז די דייטשע רוצחים וועלן זיי נישט פאַרניכטן צוליב דער וויכטיקער אַרבעט וואָס זיי פירן אויס אין די וואַרשטאַטן פון די קריגס־אַוויאַנען, וואָס די דייטשע אַרמיי דאַרף זיי אַזוי נייטיק האָבן אויף די פראָנטן פון דער מלחמה. אַ באַווייז דערצו: אַז ביז היינט זענען נישט פאָרגעקומען קיין ספּעציעלע מאָרדן איבער ייִדן, ווי אין אַנדערע לאַגערן, אַ חוץ עטלעכע אויסנאַמען.

זיי זענען געווען אין דעם זיכער אַזוי לאַנג, ביז עס איז געקומען דער פאַל מיט די צוויי ייִדן, וועלכע זענען פאַרשוווּנדן פון דער בריגאַדע אויסער דער זאָנע פון „פלוגצויג־ווערק״.

איין מאָל ווען די דייטשע אויפזעער האָבן זיך אומגעקערט מיט אַ גרופּע ייִדן פון דער אַרבעט צו דער זאָנע, און מען האָט איבערגעציילט די מענטשן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צוויי פון זיי פעלן. אין לאַגער איז געוואָרן אַ גאַנצע איבערקערעניש. עס זענען זיך צונויפגעלאָפן אַלע לאַגער־פירער בראש מיט יעק און צימערמאַן, די באַקאַנטע רוצחים פון מעליץ, באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן און ביקסן. זיי האָבן געטריבן אַלע ייִדן פון די באַראַקן און פון דער אַרבעט צו אַן „אַפּעל״ אויפן פּלאַץ אין צענטער פון לאַגער און געוואָרנט, אַז אויב ס'וועט זיך ווער אויסבאַהאַלטן און נישט שטעלן זיך צום אַפּעל, וועט ער דערשאָסן ווערן.

די ייִדן האָבן געוווּסט, אַז פאַר יעדן אַנטלאָפענעם שיסן די דייטשע רוצחים צען אָדער צוואַנציק אַנדערע. אַ שרעקלעכער פּחד איז אַלע באַפאַלן ווען זיי זענען אַרויס צום פּלאַץ און אויסגעשטעלט זיך אין די רייען. מיט טויטשרעק האָט איטלעכער ביי זיך געטראַכט: מי יודע צי וועט אויף אים נישט פאַלן דער גורל צו זיין די כפּרה פאַר די אַנטלאָפענע.

נאָך אַ לענגערער צייט פון שטיין אין די רייען, האָבן די באַוואָפנטע דייטשע רוצחים אָנגעהויבן ארומלויפן און אַרויסגעכאַפּט פון דאָ און דאָרט עטלעכע און צוואַנציק ייִדן צום שיסן, אַ חוץ די ייִדן, וועלכע מען האָט געפונען באַהאַלטן צווישן די ווינקלעך פון די באַראַקן און אַנדערע ערטער אינעם לאַגער. דערשיטערט פון דאָזיקן מאַסן־מאָרד האָבן די ייִדישע העפט־לינגע שוין אויפגעהערט צו זיין זיכער מיטן מאָרגן און איינגעזען, אַז זייער

לעבן איז געוואָרן הפקר גלייך ווי אין די אַרבעטס־לאַגערס פון די פּוסט־קאָווער וועלדער, ווו די ייִדן זענען שוין אין גאַנצן געוואָרן ליקווידירט.

אויסער דעם האָבן אין לאַגער פון „פלוגצויג־ווערק" אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן זיך עפּידעמיעס פון טיפוס און דיזענטעריע. די דייטשע רוצחים האָבן טאָג־טעגלעך צונויפגענומען די מענטשן, וועלכע זענען געלעגן קראַנק אויף זייערע פּריטשעס אין די באַראַקן, אויפגעלאָדנט זיי אויף וועגענער, געפירט צום ברעדעכיווער וואַלד און זיי דאָרט דערשאָסן.

נשיט קאָנענדיק מער איבערטראָגן די אַלע רציחות האָט אַ גרופּע פון עטלעכע צוואַנציק מעליצער יונגע־לייט זיך צונויפגעשמועסט בסוד־סודות צו אַנטלויפן פון דאַנען אין די אַרומיקע וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער און נקמה נעמען אין די דייטשן פאַר די ייִדישע פּיינען און פאַרן פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט. ביקסן, גראַנאַטן און מאַשין־געווער האָט אין „פלוגצויג־ווערק" נישט געפעלט. מען האָט דאָס אַראָפּגענומען פון די באַשעדיקטע אַוויאָנען, וואָס מ׳האָט געברענגט אַהער צום פאַריכטן און זיי זענען מאַגאַזינירט געוואָרן אין אַ פאַרשלאָסענעם קעלער. מען האָט נאָר געדאַרפט צופּאַסן שליסלען אַרויסצובאַקומען דאָס געווער. דאָס אויסצופירן האָט אויף זיך גענומען חיים שיף, וועלכער האָט געאַרבעט אין די שלאָסער־וואַרשטאַטן. ריזיקירנדיק מיטן לעבן האָט ער זיך צובאַקומען צום דאָזיקן פאַרשלאָסענעם קעלער, אַראָפּגענומען מיט קיט די פאָרעם פון די שלעסער און בעת דער אַרבעט אין דער שלאָסעריי האָט ער ביסלעכווייז, ווען קיינער האָט נישט באַמערקט, אויסגעפאַרטיקט די נייטיקע שליסלען. אין דער זעלבער צייט האָט ירוחם אַפּפעל, אויך פון די אָרגאַניזאַטאָרן צו אַנטלויפן, וועלכער האָט געאַרבעט אין לאַגער ווי אַן עלעקטראָ־מאָנטער און פריי געקאָנט זיך באַוועגן אַרום דער שטעכלדראָט־פאַרצוימונג — גענומען אויף זיך צו געפינען דאָס פּאַסיקע אָרט ווו אונטערצוגראָבן אַ דורכגאַנג צום אַנטלויפן און נישט באַמערקט ווערן דורך די באַוואָפנטע דייטשע וועכטערס.

אַלץ האָט זיך געפירט אויף אַ ריכטיקן וועג, אַז די אַקציע פון אַנטלויפן זאָל אַדורכגעפירט ווערן מיט דערפאָלג. געבליבן איז בלויז נישט פאַרענטפערט די מאָראַלישע זייט פון דעם אַנטלויפן: ס׳איז דאָך שוין

באַקאַנט געווען, אַז פאַר יעדן איינציקן ייִד, וועלכער אַנטלויפט פון דאַנען, וועלן אויף זיין אָרט צען אָדער צוואַנציק אַנדערע ייִדן דערשאָסן.

האָבן זיי געמאַכט אַ חשבון, אַז אויב דאָס אַנטלויפן פון דער אָרגאַ־ניזירטער גרופּע וועט געלונגען, וועלן אין לאַגער אויף זייער אָרט דערשאָסן ווערן עטלעכע הונדערט ייִדן. דערצו האָבן עטלעכע פון דער דאָזיקער גרופּע געהאַט אין דעם לאַגער ווער אַ ברודער, ווער אַ טאַטן, אָדער אַן אַנדערן נאָענטן קרוב, וועלכער וואָלט זיכער געווען פון די ערשטע קרבנות דערשאָסן צו ווערן. האָבן די דאָזיקע פון דער גרופּע געהאַלטן, אַז די זאַך איז פאָרט נישט מאָראַליש, ווייל ווי אַזוי קאָן מען דאָס ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן אויפן חשבון פון אַ גרעסערער צאָל אַנדערע ייִדישע לעבנס. דאַקעגן די, וועלכע האָבן געקלערט מיטן אַנטלויפן נישט צו ראַטעווען זייער לעבן, נאָר צו ווערן פּאַרטיזאַנער און העלפן דערמיט באַזיגן דעם דייטשן שונא, האָבן פעסט זיך געהאַלטן ביים צוגעגרייטן פּלאַן ווייל ביים פירן מלחמה מיט די דייטשע רוצחים טאָר מען זיך נישט רעכענען מיט קיין שום סענטימענטן, מלחמה איז מלחמה!

ווען אַלץ איז געווען שוין גרייט צום אַנטלויפן, האָט זיך צופעליק אַרויסגעוויזן, אַז אין דער גרופּע זענען פאַראַן עטלעכע יונגע־לייט, וועלכע מיינען גאָרנישט צו ווערן פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער, נאָר זיי זוכן אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצובאַקומען פון לאַגער און דאַן באַהאַלטן זיך אין בונקערס און ראַטעווען זייער אייגן לעבן. דאָס האָט אַזוי אַנטוישט די אָרגאַניזאַטאָרן, אַז זיי האָבן פון אַלץ רעזיגנירט, ווייל אויב נישט צום קאַמף מיט די דייטשן, איז דאַך זיכער נישט מאָראַליש איבערצולאָזן אויף הפקר אַזאַ גרעסערע צאָל ייִדן וועלכע וועלן זיכער דערשאָסן ווערן.

עס זענען געווען נאָך עטלעכע גרופּעס ייִדן, וועלכע האָבן געפּלאַנט צו אַנטלויפן פון לאַגער אין „פלוגצויג־ווערק". אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות זענען זיי אַנטדעקט געוואָרן דורך די דייטשן און מען האָט זיי אַלע דערשאָסן.

ווען מען האָט געהערט אין לאַגער, אַז די רוסישע אַרמיי האָט דורכ־געבראָכן די דייטשע פראָנטן און יאָגן זיי אויף צוריק, האָט אַ גרופּע מעלי־

צער יינגלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין אַ האַלע ביים מאָנטירן קריגס־אַוויאָנען, צונויפגעשמועסט זיך צו העלפן די רוסן אין זייער קאַמף קעגן די היטלעריסטישע דייטשע רוצחים, און מאַכן אַ סאַבאָטאַזש ביי דער אַרבעט: נישט ריכטיק פאַרניטעווען עטלעכע ערטער פון די אַוויאָנען. עטלעכע טעג האָבן זיי דאָס געטאָן ביז דאָס איז צום סוף אַנטדעקט געוואָרן. די עטלעכע און דרייסיק מעליצער יינגלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער דאָזיקער האַלע, זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין דרויסן און אַלע זענען זיי דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשע לאַגער־פירער.

סוף־סוף האָט זיך דערנענטערט די פייער־ליניע פון דער רוסישער אָפענסיווע און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן עוואַקויִרן דאָס „פלוגצויג־ווערק" אין מעליץ. זיי האָבן שוין געזען, אַז זייער סוף איז נאָענט, אָבער פאָרט נישט געוואָלט פאַרציכטן אויף די יִדישע העפטלינגע, נאָר צונויפגענומען זייערע סאַדיסטישע שוץ־פּאָליציייען און עסעס־לייט פון דער געגנט און מיט קלעפּ גענומען טרייבן די יִדן אויף לאַסטאויטאָס, זיי אָנגעפּאַקט, און שטאַרק באַוואַכט און געהיט, געשלעפּט זיי צום שטעטל וויעליטשקע לעבן קראָקע, ווו עס האָט זיך געפונען אַ פיליע פון מעליצער „פלוגצויג־ווערק" — און ווידער געשטעלט זיי צו דער אַרבעט ביים מאָנטירן קריגס־אַוויאָנען פאַר דער געשלאָגענער דייטשער אַרמיי.

אָבער אויך אַהער האָבן די רוסן זיך דערנענטערט. דאַן האָבן די דייטשע רוצחים געטריבן די יִדישע העפטלינגע צו די קאָנצענטראַציע־לאַגערס פון מאַטהאַוזן און פלאָסענבורג אויף דער דייטשער טעריטאָריע, און פון דאַנען — אין פאַרשידענע אַרבעטס־לאַגערס.

אין דער מהומה, ביים אָפּטרעטן פון די דייטשן, האָבן אַ סך יִדן פון דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט גענומען אַנטלויפן, זיי זענען אָבער דערשאָסן געוואָרן אויף די וועגן. אַנדערע ווידער זענען אויסגעפּייניקט און צעבראָכן פון הונגער געפאַלן טויט. ווען סוף־סוף זענען געקומען די אַמעריקאַנער זיי צו באַפרייען זענען געבליבן ביים לעבן אַ גאָר קליינער און נישטיקער טייל פון די מעליצער יידן.